


צווײכאדאָשימדיקער
ליטעראריש-קינסטלערישער זשורנאַל

אָרגאן פון שרײַבער-פאַרבאנד פון ססר

מארט **2** אפרעל

1962

פארלאג „סאוועטסקי פיסאטעל״

מאָסקווע

# אינהאלט



## טריבונע פֿון לעבן



## ליטעראַטור און קונסט



## וועגן אונדזער עסטראַדע



## לאָמיר זינגען נײַע לידער



---

ז. וואָסקרעסענסקאַיאַ

# דערציילונגען וועגן לענינען

## א שלאָפלאָזע נאַכט


ווינט האָט זיך אַרײַנגעריסן אינעם זומער־גאָרטן, אַראָפּגעבלאָזן דעם שניי פון די מירמלנע פיגורן, אונטערגעקערט די ווײַסע אַלייען און מיט א פײַפערײַ זיך אוועקגעטראָגן איבער דער פאָנטאַנקע.

אפן ראָג פון פאַנטעלײמאָנאָווער גאס האָט די זאַווייע אָנגעטראָגן שנייהורבעס, פאַנאַנדערגעוויגט דעם לאַמטערן און זײַן שמאָלער ליכט־פּאַס האָט קוים באַלויכטן די טונקעלע קלויסטער־וואַנט, אף וועלכער ס׳איז מיט אַלטסלאַווישע אויסיִעס געווען אָנגעצייכנט: „דער דאָזיקער טעמפּל איז אויסגעבויט געוואָרן, ווען עס האָט געקיניגט פּיאָטער דער גרויסער".

אפן קלויסטער־טורעם האָט זיך צעקלונגען דער גלאָק, הילכיק אָפּצײלנדיק די שאָ.

נאַדעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָוונאַ האָט אָפּגענומען פונעם בוך די פינגער, אין וועלכע זי האָט געהאַלטן א שפּילקע.

— אכט... נײַן... צען... — ציילט זי שטיל. — צען אַזייגער. באַלד דאַרף קומען איליטש.

און ווידער האָבן אונטער אירע פלינקע פינגער א שווינדל געטאָן די אויסיִעס. דער שפּיץ פון דער שפּילקע שטעכט זיך אַרײַן אף א ווײַלע אין דער שורע, רײַסט זיך אָפּ מיט א לײַכטן שאָרך פונעם בלעטל און פליט אַריבער צו א צווייטן אָס. אירע אויפמערקזאַמע אויגן שפּירן נאָך אָנגעשטרענגט נאָך דער שפּילקע. זי טראַכט, ווי די כאַוויירים וועלן באַקומען דאָס ביכל מיטן אומגעלומפּערטן, פאַרביקן בילד אף דער הילע, זיי וועלן דורכקוקן די זײַטלעך אף דער שײַן און לויט די קוים באַמערקבאַרע אָנגעשטאָכענע פּונקטן אויסשרײַבן די אויסיִעס. נאָכדעם וועלן זיי צעלייגן די אויסיִעס לויטן שיפער און איבערלייענען לענינס אָנזאָג: דערלערנען די דערפאַרונג פונעם פאַבריקן 1905 יאָר, מעסוגל זײַן אוועקגיין אין אונטערערד, גרייטן זיך צו נײַע שלאַכטן.

מע האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר. נאַדעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָוונאַ האָט אַרײַנגעשטעקט די שפּילקע אין בלוזע און זיך פאַרטיפט אינעם „לייענען".

— ביטע, אַרײַן!

אין טיר האָט מיט א זײַט זיך דורכגעשאַרט די באַלעבאָסטע און מיט א זיסלעך שמייכעלע געפרעגט, צי איז ניטאָ קיין טשאַד, צי וויל ניט די קוואַרטיראַנטקע א גלעזל טיי — דער סאַמאָוואַר האָט נאָרוואָס אויפגעזאָדן.

— א דאַנק, — ענטפערט נאַדעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָוונאַ, — איך וועל צוּוואַרטן אפן מאַן, ער איז אוועק צו גוטעפרײַנט שפּילן א פּרעפעראַנס.

— קאָנטיק, זייער א טשיקאַווער ראָמאַן, — רופט זיך אָן די באַלעבאָסטע, קוקנדיק מיט נײַגער אף דער פאַרביקער הילע, און בעט אַנטלײַען איר דאָס ביכל.

די קווארטיראנטקע באדויערט, וואָס זי מוז אָפּזאָגן. מאָרגן אינדערפרי דארף זי אומקערן דאָס ביכל א באקאנטער דאמע און אײַלט זיך דעריבער אליין פארענדיקן לייענען. די באלעבאָסטע טוט א זיפץ: „א שאָד!“ — ס'איז איר אומעטיק, עס ווילט זיך איר א ביסל פלאפלען, נאָר די קווארטיראנטקע איז א שווײַגערקע. דער באלעבאָסטעס קליינינקע אייגעלעך צינדן זיך פלוצעם אָן מיט נײַגער.

— ס'ארא שיינע פאמיליע איר טראָגט, פראסקאָוויא יעווגעניעוונא! איך האָב שוין אינדערעמעסן געמיינט, אז איר זײַט יעווגעני אָנעגינס א טאָכטער. נאָר מײַן קוזינע האָט אונטערגעכעזשבנט, אז אָנעגינען וואָלט איצט געווען ווײַט אריבער די הונדערט און אײַך איז דאָך אינגאנצן א יאָר פינף און דרײַסיק?.. און דערצו מיין איך, אז יעווגעני אָנעגין וואָלט ניט געגעבן זײַן טאָכטער אזא פראָסטן נאָמען — „פראסקאָוויא“.

— יאָ, יאָ, אוואדע, — איז מסכים נאדעזשדא קאָנסטאנטינאָוונא און טראכט דערבײַ מיט אומרו, אז מיט אזא פאספּאָרט קאָן מען לאנג ניט אויסקומען. עמעצן האָט עס באדארפט אײַנפאלן צו קריגן פאר איר א פאספאָרט אפן נאָמען פון פראסקאָוויא יעווגעניעוונא אָנעגינא, און אָט איז איצט די אײַנגעגעסענע פריצטע אזוי געפערלעך נײַגעריק.

די באלעבאָסטע קלײַבט זיך נאָך עפּעס פרעגן, נאָר, פארלירנדיק די האָפענונג ארײַנצוציִען די קווארטיראנטקע אין א שמועס, שארט זי זיך מיט א זײַט ארויס פונעם צימער.

נאדעזשדא קאָנסטאנטינאָוונא עטעמט פרײַער אָפּ. די פינגער הייבן זיך אָן באוועגן נאָך פלינקער. דער בריוו איז פארענדיקט. זי טראָגט צו דאָס אָפענע ביכל נאָענט צו די אויגן, קוקט אופמערקזאם דורך די זײַטלעך, באטאפט זיי מיט די פינגער. ניין, דער צענזאָר וועט גארנישט ניט באמערקן. א צופרידענע באהאלט נאדעזשדא קאָנסטאנטינאָוונא די פארענדיקטע ארבעט אינעם וועג־טאש.

איצט דארף מען פאנאנדערקלײַבן און איבערלייענען די אָנגעקומענע בריוו. די טיפע קעשענעס פון איר לאנגן געווענטענעם קליידל זײַנען פול אָנגעשטאָפּט מיט בריוו. זי נעמט זיי אײַנציקווײַז ארויס און לייענט אופמערקזאם. אייניקע שטעלן כאזשע זי אײַן אף אויסווייניק, קעדיי פינקטלעך, וואָרט אין וואָרט, איבערגעבן איליטשן. זי טוט עס אזוי, ווי זי פלעגט דאָס טאָן קינדווײַז: פארמאכט די אויגן און באוועגט קוים מיט די ליפן.

איין בריוו האלט זי לענגער אין די הענט, קוקט זיך שטארק אײַן מיט די קורצזיכטיקע אויגן אין די פיצינקע אויסיִעלעך. די דאטע, וואָס איז אָנגעוויזן אינעם רעכטן ווינקל, איז אונטערגעשטראָכן. א סימען, אז דער בריוו איז שיפרירט. „ס'וועט אויסקומען ווידער פרעסן די בלוזקע“, — שמייכלט נאדעזשדא קאָנסטאנטינאָוונא און לאָזט זיך גיין אין קיך ארײַן בעטן א פרעסל.

די געטרײַע באלעבאָסטע לייגט אליין ארײַן קוילן אין פרעסל.

— איר האָט געהערט, — זאָגט זי מיט בייזער האנאָע, — נארוואָס האָבן די זשאנדארמען צוגענומען בא אונדז אין הויז צוויי קורסיסטקעס. סאָציִאליסטקעס. אך, ס'ארא שרעקלעכע מענטשן דאָס זײַנען! מע דארף זיי אלעמען, די אויסווורפן, די בונטאָווטשיקעס, אָפּשיקן אף יענער־וועלט, דעמלט וועלן מיר, ערלעכע מענטשן, לעבן רויִקער...

— איך צוויפל, — זאָגט נאדעזשדא קאָנסטאנטינאָוונא, אײַנהאלטנדיק דעם קאס, און הייבט אָן מיט אלע קויכעס פאנאנדערבלאָזן דאָס פרעסל.

— איך פארזיכער אײַך, מאדאם, איר מעגט ניט צווייפלען.

נאדעזשדא קאָנסטאנטינאָוונא נעמט דאָס פרעסל, פון וועלכן עס שלאָגט מיט היץ, גיסט אָן א גלאָז טיי פונעם אָפּגעקילטן סאמאָוואר, זאָגט דער באלעבאָסטע א גוטע־נאכט און גייט אוועק צו זיך אין צימער. זי מאכט צו די טיר אפן קייטעלע. פריִער פאר אלץ דארף מען פארניכטן די בריוו. עס קאָן די זשאנדארמען אויך אהער אָנטראָגן...

נאדעזשדא קאָנסטאנטינאָוונא קוקט אפגיך דורך די בריוו, צערײַסט זיי אף פיצעלעך און צערײַבט זיי מיט די הענט אזוי, אז עס זאָל גארניט פארבלײַבן פונעם טעקסט. נאָכדעם פארשפרייט זי אפן טיש א האנטעך, לייגט אוועק אף אים דעם פארשיפרירטן בריוו, גלעט אים פאנאנדער און דריקט לײַכט צו צו אים דאָס הייסע פרעסל. איין מאָל און נאָכאמאָל. און אָט הייבן אָן זיך אויסטיילן צווישן די שורעס קוים באמערקבארע רויטלעכע ציפער.

„וואָס זשע פאר א שליסל האָט דער דאָזיקער שיפער? — די דאטע איז אונטערגעשטראָכן מיט א דינינקן זיגזאגארטיקן שטריך... אהא, זיך דערמאָנט! —

«Горные вершины спят во тьме ночной».

נאדעזשדא קאָנסטאנטינאָוונא האלט אונטער א פארבינדונג מיט א גרויסער צאָל אָרגאניזא־ציעס, מוז זי א סאך געדענקען: צענדליקער שליסלען פון פארשיידענע שיפערס, רעצעפּטן פאר

געהיימשריפט, פּילצאַליקע אדרעסן פון קאָנספּיראַטיווע דירעס, פּאַראָלן, פּסעוודאָנימען. אַלץ דאַרף מען האַלטן אין קאָפּ, — פּאַפּירלעך קאָנען אַרויסגעבן.

א נײַער קלונג פונעם קלויסטער־גלאָק. בא נאַדעזשדא קאָנסטאַנטינאָוונא טוט א צאַפּל דאָס האַרץ. וויפל קאָן שוין האַלטן דער זייגער? האַלב איינס? איינס? האַלב צוויי? פאַרוואָס איז איליטש נאָך ניטאָ? הײַנט ראַנגלט ער זיך מיט די מענשעוויקעס. עס ווערט באַהאַנדלט די פראַגע וועגן דער אַרבעט אין דאָרף. מען אַמפּערט זיך, וויאַזוי צוציִען דעם פּויער צו דער רעוואָלוציע און צי קאָן דער אַרבעטער־קלאַס פירן נאָך זיך דאָס פּויערטום...

פאַנאַנדערגיין זיך אַהיים באַדאַרפן זיי ניט שפּעטער פון עלף אַזייגער. עפּשער גייען אים נאָך שפּיקעס און ער דרייט זיך אַרום איבער די גאַסן, קעדיי פּאָטער ווערן פון זיי?

נאַדעזשדא קאָנסטאַנטינאָוונא לאָזט אַראָפּ דעם הענגלאָמפּ, דרייט צו דעם קנויט און לעשט אויס די שײַן. די באַלעבאָסטע דאַרף ניט וויסן, אַז זי שלאָפט ניט.

פונעם כמאַרעדיקן קאַלטן הימל שיט אָן אופהער א שניי און באַדעקט די גאַס מיט א ווײַסן טעפּעך. פאַרבײַ דעם הויז טראָגט זיך אַף א שליטן דורך א פּאָליציי־פּאַטרול.

נאַדעזשדא קאָנסטאַנטינאָוונא דריקט זיך צו צום פענצטער און הערט מיט אָן אײַנגעהאַלטענעם אָטעם זיך צו צו דער שטילקײַט. ווידער סקריפּעט דער שניי. אונטערן סאַמע פענצטער הערן זיך עמעצנס שנעלע טריט. זי האַלט צוגעמאַכט די אויגן: ניין, ס'איז ניט ער, ניט זײַנע טריט. זײַנע טריט דערקענט זי צווישן טויזנטער.

„ער איז דאָך אוועק אָן דעם וואַרעמען זשילעט!“ — דערמאָנט זיך נאַדעזשדא קאָנסטאַנטינאָוונא. זי גייט צו צו דער קליידער־שאַפע. פאָרזיכטיק, עס זאָל ניט סקריפּען, עפנט זי דאָס טירל און טאַפּט אָן אין דער פינצטער דעם פוך־ווייכן וואָל פונעם זשילעט. זי האָט אים געקויפט פאַרצווייאָרן אין זשענעווע. „ווי האָב איך עס אים געלאָזט גיין אַזוי, — קאָן זי זיך ניט מויכל זײַן, — אין דרויסן איז אַזא קעלט“...

עס באַפאַלן זי אומרויִקע געדאַנקען. אַפן האַרצן ווערט אַלץ שווערער. „מע דאַרף טראַכטן וועגן עפּעס אַנדערש, וועגן אָנגענעמס“

...מיט אַכט יאָר צוריק האָט זי זיך געלאָזט פאָרן מיט דער מאַמען אין דאָרף שושענסקאָיע, צו וולאַדימיר איליטשן, קעדיי צוזאַמען מיט אים אָפּזײַן דאָרט די פאַרשיקונג. מער פאַר אַלץ האָט זי געשראָקן די ערשטע מינוט פון זייער באַגעגעניש. זי האָט אים געפירט א מאַטאָנע — א קעראָסין־לאָמפּ מיט א גרינעם אַבאַזשור. דעם גאַנצן וועג האָט זי געציטערט, דער לאָמפּ זאָל זיך, כאָלילע, ניט צעברעכן. זעקס טויזנט ווייאָרסט איז זי אָפּגעפאָרן און געהאַלטן דעם לאָמפּ אין די הענט.

ענדלעך איז מען אין א זוניקן מײַ־טאָג אָנגעקומען קיין שושענסקאָיע. זי איז אַראָפּ פונעם פורל א יאָמטעוודיקע. פון אַלע פענצטער האָבן אַרויסגעקוקט נײַגעריקע פּנעמער. און בלויז אין זיריאַנאָווס הויז זײַנען די פענצטער געווען פאַרמאַכט.

דאָס קליינוואַרג, וואָס ווייסט אַלץ אַף דער וועלט, האָט באַגעגנט נאַדעזשדא קאָנסטאַנטינאָוונען מיט דער נײַס, אַז וולאַדימיר איליטש איז אַוועק אַף געיעג און וועט זיך אומקערן ערשט אין אָוונט. ס'איז געווען א ביסל קאָמיש: די קאַלע איז געקומען, און דער כאָסן איז אין דער היים ניטאָ...

אין אָוונט איז וולאַדימיר איליטש אַרופגעלאָפן אַפן גאַנעק, פאַנאַנדערגעעפנט די טיר און געבליבן שטיין, אײַנקוקנדיק זיך אינעם ווינקל, וואָס איז פאַרוואַלגערט מיט זאַכן. נאַדעזשדא קאָנסטאַנטינאָוונא האָט נאָכגעשפּירט נאָך אים, זיצנדיק בא די באַלעבאַטים אין צימער. נאָר זי האָט ניט אויסגעהאַלטן, איז אַרויס אַף די שפּיצפינגער און מיט די הענט פאַרשטעלט אים די אויגן. ער האָט פאָרזיכטיק זיך צוגערירט צו איר האַנט:

— נאַדיושע!

און זי האָט אין דער מינוט פאַרגעסן אין אַלע אירע פריִערדיקע איבערלעבונגען...

...דער קלויסטער־גלאָק האָט געשלאָגן פינף. פינף אַזייגער אינדערפרי.

ניט שוין זשע איז ער אַרעסטירט?

...וולאַדימיר איליטש האָט אין יענעם אָוונט אָנגעצונדן דעם לאָמפּ מיטן גרינעם אַבאַזשור און מיט האַנאָע געקוקט אַף אים.

נאַדעזשדא קאָנסטאַנטינאָוונא האָט דערציילט וועגן פּיטער. מע האָט צוזאַמען געזונגען לי־דער. נאָכדעם האָט זי דעקלאַמירט. ווי גוט עס האָבן געקלונגען די פון דער קינדהײַט נאָך באַ־קאַנטע מיצקעוויטשעס שורעס*:

---

* איבערזעצט א. גאָנטאַר.

די האַנט דערלאַנג, די האַנט אַהער!
און לאָמיר אומאַרמען די ערד!
צו איינס געווענדט איז דער געדאַנק,
צו איינס — פון הערצער דער פאַרלאַנג!
די ערד פון אָרט מיר וועלן רירן!
און אַף אַ נײַעם וועג זי פירן.

„און אַף אַ נײַעם וועג זי פירן"... ווידער קלינגט דער גלאָק. אײנצײַטיק קלינגט דער זייגער אין עסצימער. שוין דאָס וויפלטע מאָל קלײַבט נאַדעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָוונאַ איבער אין די געדאַנקען אַלע קאָנספּיראַטיווע קוואַרטירן און אויך די ערטער, ווו איליטש האָט געקאָנט בלײַבן נעכטיקן. פּון אָט די אַלע ערטער וואָלט מען צווויסן געגעבן.

„ניין, ניין, ס'האָט גאָרנישט ניט געטראָפן! — טרײַבט זי פון זיך אָפּ די שווערע געדאַנקען. — ער האָט זיך מיסטאַמע צוליב עפּעס פאַרהאַלטן... ער וועט קומען און מיט אַלע פּיטשעשוועקעס דערציילן, וויאַזוי ער האָט צעקלאַפּט מאַרטאָוון און דאַנען און מיט וואָס פאַר אַן אומרו ער האָט באַם אָפּשטימען שיר ניט אַפּן קאָל געציילט די אופגעהויבענע הענט, און ווי ער האָט זיך דערפרייט, ווען זײַן רעזאָליוציע האָט באַקומען די מערהײַט".

דער קאַלטער קאַיאָר דרינגט אַרײַן אין צימער, מאַכנדיק אים גרוי. הינטערן פענצטער שקראַבעט דער הויפּווען מיט דער לאָפּעטע דעם פאַרפרוירענעם טראָטואַר. עס דערטראָגן זיך די ערשטע קלאַנגען פון דער קאָנקע. די קוואַרטיר לעבט אויף. עס הערט זיך, ווי די קעכן טרעט מיט די באָרוועסע פּיס איבערן דיל, ווי זי רודערט מיטן סאַמאָוואַר. די באַלעבאָסטע בורטשעט עפּעס בייז. די שטוב ווערט פול מיט אינדערפרײַקע גערוכן: עס שמעקט מיט רויך פון די שפּענדלעך, מיט וועלכע מע הייצט פאַנאַנדער דעם סאַמאָוואַר, מיט טואַלעט־זייף און מיט ביליקן פראַנצויזישן אָדעקאָלאָן.

נאַדעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָוונאַ איז זיך דורכגעגאַנגען איבערן צימער, אומגערן פון דער זײַט אַ קוק געטאָן אין שפּיגל און זיך אָנגעכמורעט. פאַר דער נאַכט איז זי זייער אָפּגעצערט און בלייך געוואָרן. „ס'טויג ניט אַזוי", האָט זי זיך אַליין פאָרגעוואָרפן און איז אוועק זיך וואַשן. פון דער שלאָפלאָזער נאַכט נעמט זי דורך אַ ציטער. זי דריקט זיך צו צום וואַרעמען אויוון און גיט אַ טרונק אָפּ פון דער גלאָז קאַלטער טיי. דאָס דערפרישט זי. נאָכדעם רײַסט זי אויס פון העפט אַ בייגעלע פּאַפּיר און שרײַבט אָן: „איך בין אוועק צו אַ כאַווערטע. כ'וועל זײַן נאָך צוועלף. בענק ניט". זי שלעפּט אַרויס פון בלוזקע די שפּילקע, מיט וועלכער זי האָט באַנאַכט פאַרשיפּירט דעם בריוו, און שפּיליעט צו דאָס צעטעלע צום טיולענעם פאָרהענגל.

דאָס טוט זי מער צוליב דער נײַגעריקער באַלעבאָסטע, איידער צוליב איליטשן. זי פאַרשטייט שוין, אַז איליטש וועט זיך אַהער מער ניט אומקערן.

אין פענצטער וואַרפט עמעצער אַ שניי־קויל, וואָס גליטשט זיך אַראָפּ איבערן גלאָז און לאָזט איבער אַ בלוילעך סטעזשקעלע. מע וואַרפט נאָכאַמאָל, אַ דריט מאָל... עמעצער וואַרפט זיי, די שניי־קוילן, מיט אַ געניטער האַנט...

— ס'איז ער, ער!.. — שעפּטשעט נאַדעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָוונאַ, — דאָס וואַרפט ער... — און, סטאַרענדיק זיך אײַנהאַלטן דעם טראָט, גייט זי עפענען די דרויסן־טיר.

די פינגער קלעפּן זיך צום גראָבן אײַזערנעם קייטל — אין דרויסן איז אַ שטאַרקער פראָסט. ניט גרינג קומט איר אָן עפענען די טיר. „באַלד, באַלד", זאָגט זי מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם, פילנדיק ווי דאָס אײַזן בריט די פינגער. סאָפּקאָלסאָף גיט זיך איר אײַן אָפּשלײַדערן דאָס קייטל. זי צעעפנט די טיר און איז ניט אימשטאַנד אויסצובאַהאַלטן דעם פאַרדראָס און דעם אומרו: אַפּן שוועל שטייט אַ יאַטל, די פײַכטלעכע טונקעלע אויגן לויכטן אַף זײַן פאַרפלאַמטן פּאָנעם. ס'איז ראָמקע־„יאַסטרעבאָק" פונעם פּאָלקסהויז, דעם פעטער יעפימס אַ מיטהעלפער.

— וואָס איז, ראָמאַן? ס'האָט עפּעס געטראָפן? — פרעגט מיט אַ פאַרשטאַרבן האַרץ נאַדעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָוונאַ.

— כ'האָב געבראַכט אַ בריוו פון יעפים פּעטראָוויטשן, — זאָגט שטיל ראָמקע, — באַומרויִקט זיך ניט, — גיט ער צו, פילנדיק מיט זײַן קינדיש האַרץ, אַז נאַדעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָוונאַ איז צערודערט. — דער פעטער יעפים האָט געהייסן זאָגן, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג, — און ער צעשמייכלט זיך.

— אַ דאַנק, טײַערינקער, אַ דאַנק, — זאָגט נאַדעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָוונאַ און בעט אים אַרײַנגיין אין צימער.

— ניין, איך מוז לויפן, איך האָב קיין צײַט ניט, — זאָגט ראָמקע סאָליד.
— איין מינוט, איך וועל איבערלייענען.

מיט די פארפרוירענע פינגער רײַסט אוף נאַדעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָװנאַ דעם קאָנװערט און נעמט ארויס פון דאָרט א קליין בייגעלע פאַפיר.

„כאַשעװע פּראָסקאָװיאַ יעװגעניעװנאַ! דער װעטער איז בא אונדז א שרעקלעכער. געמוזט קויפן נײַע װאַליקעס, די פיס זאָלן ניט פרירן. מיר באומרויִקן זיך זייער װעגן אײַער געזונט. מיר װאַרטן, אז איר זאָלט הײַנט קומען צו אונדז. ברענגט מיט זיך די בלוי-װײַסע קרישטאָלענע װאַזע“.

— די בלוי-װײַסע קרישטאָלענע װאַזע — כאַזערט איבער נאַדעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָװנאַ און איר פּאָנעם צעשײַנט זיך פון פרייד.

— נו, איך װעל גיין, — דערמאָנט װעגן זיך ראָמקע.

— א דאַנק, ליבער פרײַנט, א דאַנק, — זאָגט נאַדעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָװנאַ און דריקט דעם יינגלס האַנט.

„ס'אַראַ גליק: ער איז ניט ארעסטירט און װאַרט אף מיר אף דער דאַטשע „װאַזאַ“ אין קואָקאַלאַ!“

נאַדעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָװנאַ לייגט ארײַן אין רײַזע-טאַש א בוך. אין דעם אײַנבונד איז פאַרבאַהאַלטן װלאַדימיר איליטשס א מאַנוסקריפּט — נאָטיצן צום פאַרשטייענדיקן פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר. פון אויבן לייגט זי אװעק דעם געשטריקטן זשילעט און די ליוסטרינענע קורטקע, אין װעלכער װלאַדימיר איליטש האָט ליב צו ארבעטן.

„האָט איז אונדזער גאַנץ פאַרמעגן... נישקאָשע, עס מאַכט ניט אויס: זאַכן שמידן צו דעם מענטשן צום האַרץ“...

## שטילקייט

שוין עטלעכע מינוט, װי דער דירעקטאָר פון פּאָליציי-דעפּאַרטאַמענט הערט אין טעלעפאָן-טרײַבל, װי עס זידלט זיך דער אינערן-מיניסטער. דאָס בלאַסע געזיכט פונעם פּאָליציי-שעף װערט פאַרלאָפן מיט ראָזער פאַרב, נאָכדעם באַדעקט זיך עס מיט מאַלינאָװע פלעקן, און ענדלעך װערט עס צונטער-רויט. ער פרוּװט עפּעס זאָגן, נאָר פון טעלעפאָן-טרײַבל טראָגט זיך אָן אופהער א זידלערײַ און עס געלינגט אים ניט ארויסצוריידן כאָטש איין װאָרט אף צו פאַרענטפערן זיך.

באַם טיש זיצט דער אַדװאָקאַט אָגאַראָדניקאָװ, דער דעפּוטאַט פון מעלוכע-דומע, מיטגליד פון פאַרװאַלטונג פון דער קאַדעטישער פּאַרטיי. ער האָט זיך באַקװעם צעלייגט אין פאָטעל און, אויסציִענדיק איבער דעם טעפּעך די פיס אין גלאַנציקע שפּאָגל-נײַע װינער שטיבלעטן, הערט ער מיט א פאַרבאַהאַלטענעם כװיזעק-שמייכעלע, װי שװער עס אָטעמט דער דירעקטאָר פונעם פּאָליציי-דעפּאַרטאַמענט.

אף דער װאַנט הענגט דער פּאָרטרעט פון ניקאָלײַ דעם צװייטן. אָגאַראָדניקאָװ דוכט זיך, אז דער קייסער שפּאַרט זיך אָן מיט די לאַקירטע שטיװל אף דעם פּאָליציי-דירעקטאָרס פּליך.

„סימבאָליש, זייער סימבאָליש“, גיט א טראַכט דער דעפּוטאַט.

— עס װעט אויסגעפּילט װערן, הער מיניסטער! מירן אָנעמען אַלע מיטלען! איך האָב די ערע צו פאַרזיכערן אײַך... — דער פּאָליציי-שעף כאַפּט קוים איבער דעם אָטעם און הענגט אוף דאָס טרײַבל.

ער װישט אויס מיטן טיכל דאָס פּאָנעם און טוט דערבײַ פון א זײַט א קוק אף אָגאַראָדניקאָװ, צי האָט יענער ניט באַמערקט, װי דער מיניסטער האָט אים געזידלט.

— ביטע, איך הער אײַך...

— די װירקונג פון אונדזער פּאַרטיי איז אײַך באַװוּסט, — האָט אָגאַראָדניקאָװ פאַרגעזעצט דעם איבערגעריסענעם געדאַנק. — מיר פאַרמאָגן אין דער מעלוכע-דומע העכער א דריטל ערטער. דאָס אַליין רעדט שוין װעגן דעם, אז דאָס פאָלק איז מיט אונדז, מיט דער פּאַרטיי פון פאָלקס-פרײַהײַט.

— יאָ, אָבער די ארבעטער, די ארבעטער, מילאָסטיװוי גאָסודאַר?

— איר פאַרשטייט, — רופט זיך אָן אָגאַראָדניקאָװ, — צװישן אונדז און די ארבעטער האָט זיך אװעקגעשטעלט, װי א װאַנט, די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, ריכטיקער, יענער טייל אירער, מיט װעלכן עס פירט אָן לענין. װען ניט דער פּריסאַזשני פּאָװערעני אוליאַנאָװ-לענין, װאָלט איר דאָך הײַנט אויך ניט געהאַט דאָס ניט אָנגענעמע טעלעפאָן-געשפּרעך...

„אָט א קעלעװ. ער האָט אַלץ געהערט, אַלץ געהערט“, טוט א טראַכט דער פּאָליציי-שעף און מאַכט אָן אָנשטעל, אז יענעמס שטאָך איז צו אים ניט דערגאַנגען.

— מיר האָבן באַשטימט צעברעכן סאָפּקאָלסאָף אָט די וואַנט, — זעצט פאָר אַגאַראָדניקאָוו. — דעם נײַנטן מײַ, אין דעם זעלבן טאָג, ווען מע וועט אַריבערטראָגן דעם קערפּער פונעם בישאָף ניקאָלײַ קיין צאַרגראַד, וועט בא דער גרעפין סאָפיא וולאַדימיראָוונא פּאַנינא אין הויז פאָרקומען א פאָלקס־פאַרזאַמלונג. מיר לאַדן אײַן אַרבעטער. עס וועלן אַרויסטרעטן די בעסטע רעדנער פון אונדזער פּאַרטיי. מירן זיך באַוואָרענען מיט מענטשן, וואָס וועלן אונדז אונטערהאַלטן. אפן מיטינג וועלן קומען די עמעסע סאָציִאַל־דעמאָקראַטן. מענשעוויקעס רופט מען זיי. זייער אינטעליגענטע מענטשן, ס'איז אָנגענעם האָבן צו טאָן מיט זיי...

אַגאַראָדניקאָוו רעכנט איבער די רעדנער, דערציילט דעם אינהאַלט פון דער צוגעגרייטער רעזאָליוציע, וועלכע באַווייליקט די פּאָליטיק פון דער קאַדעטישער פּאַרטיי און שטיצט די מעלוכע־דומע.

— גלענצנדיק פּאַרטראַכט! — רופט אויס דער שעף. — דאָס וועט זײַן א מעסער אין רוקן פון דער סאָציִאַל־דעמאָקראַטיע, און אַרײַנשטעכן אים וועלן די אַרבעטער אַליין. קלוג, הער אַגאַראָדניקאָוו.

— איך וואָלט געבעטן אײַער עקסעלענץ פאַראָרדענען, מע זאָל ניט שיקן אפן מיטינג קיין זשאַנדאַרמען. די פאַרוואַלטונג פון אונדזער פּאַרטיי וועט זיכערן, אז דער מיטינג זאָל דורכגיין אָן עקסצעסן. מע דאַרף באַווײַזן דער גאַנצער וועלט, אז די אַרבעטער האָבן אָנגענומען די רעזאָליוציע פרײַ.

דער שעף איז מאַסקים. אינעם קאַמף קעגן דער סאָציִאַל־דעמאָקראַטיע זײַנען אַלע מיטלען גוט, די קאַדעטן אויך.

דער פּאָליציי־שעף און דער פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון דער קאַדעטישער פּאַרטיי האָבן זיך געזעגנט, צופרידענע איינער מיטן אַנדערן. דער אַדיוטאַנט האָט געמאָלדן, אז עס וואַרטן דער נאַטשאַלניק פון דער גובערניִאַלער זשאַנדאַרמעריע גענעראַל־מאַיאָר קליקאָוו און דער נאַטשאַלניק פון דער אָכראַנקע פּאָלקאָווניק געראַסימאָוו.

— בעט זיי אַרײַנגיין.

קליקאָוו און געראַסימאָוו זײַנען אַרײַן אין קאַבינעט. דער פּאָליציי־שעף מאַכט דעם אָנשטעל, אז ער באַמערקט זיי ניט, ער איז שטאַרק פאַרטאָן אין די פּאַפּירן. דערנאָך גיט ער עפּעס א בורטשע און מע קאָן ניט פאַרשטיין, וואָס ער האָט געזאָגט: „זעצט זיך" אָדער „שעמט זיך". דער גענעראַל מיטן פּאָלקאָווניק קוקן זיך איבער און זעצן זיך צו ניט דרייסט.

— גענעראַל, זאָגט, וואָס טוט זיך הײַנט אין דער הויפּטשטאָט! — באַפעלט דער שעף.

— לויט די ידיִעס, וואָס איך האָב באַקומען פון דער פאַבריק־אינספּעקציע, שטרײַקן הײַנט, דעם ערשטן מײַ, אין סאַנקט־פּעטערבורג העכער פינף הונדערט אינדוסטריִעלע אונטערנעמונגען, הונדערט מיט צוואַנציק טויזנט אַרבעטער זײַנען ניט אַרויס אף דער אַרבעט. אינדערפרי איז אין דער הויפּטשטאָט געווען שטיל, קיין באַזונדערע עקסצעסן און צוזאַמענשטויסן זײַנען ניט פאָרגעקומען. מײַנע זשאַנדאַרמען צעטרײַבן דעם אוילעם, קאָנפיסקירן די פאָנען און די רויטע באַנטן.

דער שעף איז אָנגעצונדן געוואָרן, זײַן בלייך געזיכט איז ווידער געוואָרן צונטער־רויט.

— אין דער הויפּטשטאָט איז געווען שטיל. ס'איז געווען שטיל, איך האָב אַליין געהערט די דאָזיקע שטילקײַט. קיין איין סירענע. אזא שטילקײַט איז שרעקלעכער פון אן אַרטילערישער קאַנאָנאַדע, גענעראַל. איר האָט קאָנטיק פאַרגעסן דאָס פאָריקע יאָר, ווען אזא שטילקײַט האָט אַרומגעכאַפּט קימאַט די גאַנצע רוסלענדישע אימפּעריע און זיך פאַרענדיקט מיט א רעוואָליוציע!

ניין, דאָס האָט קיינער ניט פאַרגעסן. אַלע האָבן געדענקט, ווי אין 1905 יאָר האָבן לויטן ווילן פון די אַרבעטער אופגעהערט צו רייכערן זיך די קוימענס פון די פאַבריקן און זאַוואָדן, עס האָבן ניט געברענט קיין לאַמטערנס אף די גאַסן, עס האָט ניט געראָנען קיין וואַסער אין די טרויבן, מע האָט ניט אַרויסבאַקומען קיין קוילן פון די שאַכטעס, עס האָט ניט געיאָגט די קאָנקע איבער די רעלסן, און די לאָקאָמאָטיוון זײַנען אומבאַוועגלעך געשטאַנען אין דעפּאָ.

— אָנדערהאַלבן יאָר פירן מיר א קאַמף קעגן די בונטאַרעס, קימאַט אין גאַנצן לאַנד איז דערקלערט קריגס־צושטאַנד, און אָט... אין דער הויפּטשטאָט שטרײַקן הײַנט אַלע פאַבריקן און זאַוואָדן, אַלע!.. — האָט דער פּאָליציי־שעף געשריִען.

— ניט אַלע, אײַער עקסעלענץ, — האָט אים געפּרוווט באַרויִקן דער גענעראַל, — „אַרסענאַל" שטרײַקט ניט, דורדיִעווס ביר־זאַוואָד אַרבעט...

— איך וואָלט גליקלעך געווען, — האָט דער שעף קימאַט פײַערלעך אויסגערופן, — ווען בלויז איין „אַרסענאַל" שטרײַקט הײַנט! יאָ! עס וואָלט געווען גלענצנדיק, ווען עס שטרײַקט אפילו דורדיִעווס ביר־זאַוואָד. יאָ!... — ער האָט געקלאַפּט איבערן טיש מיט די פויסטן, זיך געשאָקלט פון זײַט אף זײַט, נאָר קליקאָוו און געראַסימאָוו האָט זיך געדוכט, אז דאָס שאָקלט זיך,

פארלירנדיק דעם אָנשפאר, דעם קייסערס פאָרטרעט. — מיר וואָלטן צוזאמען מיט אײַך זיי אויסגעשטעלט אין שערענגעס, אָט די ארבעטער פון „ארסענאל“, און גלײַך פון אָרט — שאגאָם מא־א־ר־ש! — קיין סיביר. נו, און הונדערט מיט צוואנציק טויזנט ארבעטער וועט איר אויך פארשיקן קיין סיביר? או? ווער איז שולדיק אין דעם, וואָס אין דער הויפטשטאָט שטרײַקן הײַנט אלע?

— די סאָציִאל־דעמאָקראטיע, אײַער עקסעלענץ, — האָט אײַליק געענטפערט דער שעף פון אָכראנקע, — דאָס האָבן זיי פאנאנדערגעשפרייט אין דער הויפטשטאָט טויזנטער און טויזנטער פלוגבלעטלעך...

— וואָס זשע שלאָפט איר?

— איך האָב געהאלטן, אז וועגן דער אָרדענונג אין דער הויפטשטאָט דארפן זיך זאָרגן די זשאנדארמעריע און די פאָליציי. — גראסימאָוו האָט פון דער זײַט געוואָרפן א קאלטן בליק אפן גענעראל קליקאָוו. — מיר פארנעמען זיך, ווי אײַך איז באוווּסט, אויסשליסלעך מיט אופדעקן שלאכט־אָרגאניזאציעס פון די ארבעטער, סקלאדן מיט געווער.

— אלע אומגליקן נעמען זיך פון די געהיימע דרוקערײַען, — האָט, באטאָנענדיק יעדעס וואָרט, געזאָגט קליקאָוו. אויסמײַדנדיק דעם קאלטן בליק פון גראסימאָווס גרינע אויגן, האָט ער צוגעגעבן: — צו מײַן טיפן באדויערן, קאָן דער פאָלקאָווניק גראסימאָוו מיט זײַנע לײַט ניט געפינען אָט די דרוקערײַען. די פלוגבלעטלעך העצן די ארבעטער צו פארברעכערישע מײַסים, מיט דער הילף פון די פלוגבלעטלעך גיבן די סאָציִאל־דעמאָקראטן צו וויסן די ארבעטער וועגן זייערע פלענער. אלע אומגליקן נעמען זיך פון די געהיימע דרוקערײַען.

— נו, גענוג זיך קריגן, מײַנע הערן, גענוג. ניט אהין צילט איר. דער פריסאזשני פאָווערעני אוליאנאָוו האָט א גרויסע שליטע אף די הערצער פון די ארבעטער — אָט ווו עס ליגט דאָס אומגליק. מיט די קאמפס־אָרגאניזאציעס און טעראָריסטן ספראוועט זיך דער פאָלקאָווניק אויסגעצייכנט. נאָר אָט, לענין!.. איך האָב שוין פון לאנג אונטערגעשריבן א באפעל צו ארעסטירן אים. פארוואָס ווערט עס ניט אויסגעפילט? פאָלקאָווניק, דערציילט, וועלכע יעדיִעס האָט איר?

— אוליאנאָוו טרעט ארויס קימאט יעדן טאָג אף קאָנספיראטיווע באראטונגען אין פעטערבורג. ער באהאלט זיך אויס אין פינלאנד, וווּהין מיר קאָנען ניט צוקומען. פאָריקן כוידעש איז ער געפאָרן אפן פארטיי־צוזאמענפאָר קיין שטאָקהאָלם, ער דרוקט יעדן טאָג ארטיקלען אין די צײַטונגען.

דער פאָליציי־שעף, וואָס האָט אף גראסימאָווס געהיימע אגענטן געלייגט מער האָפענונג, איידער אף קליקאָווס אמעראצישע און טעמפע זשאנדארמען, האָט בײַסיק באמערקט:

— דער פאָלקאָווניק ווייסט אלץ וועגן אוליאנאָוון. פארוואָס זשע, גענעראל, באנוצט איר זיך ניט מיט די יעדיִעס און ארעסטירט ניט אוליאנאָוון?

— דער פאָלקאָווניק גראסימאָוו ווייסט אלץ וועגן אוליאנאָוון. ער ווייסט, ווּ אוליאנאָוו איז געווען נעכטן, ווּ ער איז געווען מיט צוויי שאָ צוריק, אָבער ווּ ער געפינט זיך איצט, אין אָט דער מינוט, אָדער ווּ ער וועט הײַנט נעכטיקן, — אָט דאָס ווייסט ער דאפקע ניט.

גראסימאָוו האָט זיך אפילע ניט אומגעקוקט אפן גענעראל.

— אוליאנאָוו איז זייער א דערפארענער קאָנספיראטאָר, אײַער עקסעלענץ, און, ניט געקוקט דערויף, זעען אים מײַנע מענטשן קימאט יעדן טאָג און זײַנען מודיִע וועגן דעם דער זשאנדארמעריע...

— וואָס פאר א ווערט האָט זייער מודיִע זײַן? — האָט אָנגעכמורעט א זאָג געטאָן קליקאָוו.

— פארגעדענקט, מײַנע הערן, — האָט דראָענדיק זיך אָנגערופן דער פאָליציי־שעף, — אײַער קאוועד, אײַער קאריערע שטייט אין געפאר. קאָלזמאן עס עקזיסטירט די סאָציִאל־דעמאָקראטישע פארטיי און לענין איז אף דער פרײַ, טאָרן מיר רויִק ניט שלאָפן. איך גיב אײַך דאָס רעכט צו ארעסטירן אים, ווּ איר זאָלט אים ניט פאקן.

— מיר האָבן אָבער קיין רעכט ניט צו פארהאלטן יענע, וועלכע עס זוכט דאָס געריכט, — האָט דערווידערט קליקאָוו. — מיר דארפן בלויז געבן צו וויסן דעם געריכט, ווּ ער וווינט.

— אָט די אידיאָטישע אָרדענונג, וואָס עס האָט אײַנגעפירט דער פריִערדיקער שעף, שאף איך אָפ. איר מעגט ארעסטירן אוליאנאָוון און ניט צוּוויסן געבן דעם געריכט! שוין צײַט אָפהאקן דעם קאָפ דער רעוואָליוציע.

קליקאָוו און גראסימאָוו האָבן זיך אופגעהויבן פון די ערטער.

— אגעוו, אָט וואָס, — האָט דער שעף מיט מער פרײַנטלעכקײַט צוגעגעבן, — די קאדעטן האָבן פארטראכט א קלוגע און נוצלעכע זאך פארן פאָטערלאנד. דעם נײַנטן מײַ וועט בײַ דער גרעפן פאנינא אין הויז פאָרקומען א פאָלקסמיטינג. איר, גענעראל, שיקט ניט אײַערע זשאנ־

דארמען אהין, נאָר זײַט אַף יעדן פאַל גרייט. אײַך, פֿאַלקאָוניק, וואָלט ניט געשאַדט אַליין בײַזײַן דאָרט און אַ לערן טאָן זיך, וויאַזוי פירן דעם קאַמף קעגן די סאָציאַל-דעמאָקראַטן. טאָמער עפּעס וואָס, איז בײַ דער גרעפן אין קאַבינעט פאַראַן אַ טעלעפאָן, פאַרבינדט זיך מיטן גענעראַל. נעמט אָן מיטלען!

קליקאָוו און גראַסימאָוו האָבן זיך האַסטיק אויפגעשטעלט און צוגעטראָגן די הענט צו די דאַשקעס.

# קאַרפּאָוו



ס איז אָנגעקומען דער נײַנטער מײַ.

פֿון אינדערפרי האָט געמראָקעט אַ רעגן. געדיכטע וואָלקנס זײַנען נידעריק געשוועמען איבער פּעטערבורג, פאַרטשעפּענדיק דעם שפּיץ פֿון פּעטראָפּאַוולאָווער פעסטונג, די שטאַרצנדיקע נאָדל פֿון דער אַדמיראַלטייסטווע, דעם קופּאָל פֿון איסאַקיִעווער קאַטעדראַל.

אָוונט-צו איז די פּעטערבורגער פאַרשטאָט, וואָס האָט זיך געפֿונען הינטער אָבוואָדנאָי קאַנאַל, אויפגעלעבט געוואָרן. איבער ליגאָווקע זײַנען, ווי איבערן נעווסקי פּראָספּעקט, געפאָרן פילצאָליקע עקיפּאַזשן מיט אויסגעפּוצטע דאַמען און הערן. די קאָנקעס זײַנען אויך געווען פול מיט מענטשן. אַף די טראָטואַרן — אַ סאַך אַרבעטער. אַלע האָבן געאײַלט אין פֿאָלקס-הויז פֿון דער גרעפן פּאַנינאַ. די ליגאָווער אײַנוווינער, וואָס זײַנען געזעסן אַף די בענקעלעך אונטער די דאָרע אַקאַציע-ביימער, האָבן מיט נײַגער באַטראַכט די אומגעוויינלעכע פּראָצעסיע. צו מיטינגען און מאַניפעסטאַציעס זײַנען זיי די לעצטע אָנדערהאַלבן יאָר געוווינט געוואָרן, נאָר אַז באַלעבאַטים און אַרבעטער זאָלן זיך פאַרזאַמלען צוזאַמען — אַזוינס האָט מען נאָך קיינמאָל ניט געזען.

— צי קלײַבט מען זיך ניט מאַכן צווישן זיי שאָלעם? — האָט געפרעגט איינער בײַם אַנדערן.

ווי נאָר מע האָט געעפנט די פאַראַדנע טירן פֿונעם פֿאָלקס-הויז, האָט ראָמקע זיך גלײַך דורכגעשמוגלט אַהין, כאָטש ביזן מיטינג איז נאָך פאַרבליבן אַ שאָ צוויי. ראָמקע האָט באַצײַטנס באַדאַרפט פאַרנעמען אַן אָרט אַפן פענצטער לעבן דער בינע, — אַזוי האָט געהייסן יעפים פּעטראָוויטש.

אין הויז האָט מען זיך געגרייט צו דער פאַרזאַמלונג. די וועכטער און דער שווייצאַר האָבן צונויפגעוויקלט די סאַמעטענע סטעזשקעס. אַפן צווייטן שטאָק, אין וועסטיביול, האָט מען אָפּגערוקט נעענטער צו די ווענט די ווײַסע מירמלנע פיגורן און די גרויסע פּאַלמעס. אין צושויער-זאַל האָט מען אַף די הויכע פענצטער פאַרצויגן שווערע פאָרהאַנגען, קעדיי די ווײַסע פּעטערבורגער נאַכט זאָל זיך ניט צונויפמישן מיט דער העלער שײַן פֿון דער ריזיקער ליוסטרע. אַף דער בינע האָט מען אויסגעשטעלט אין איין ריי עטלעכע טישן און צוגעדעקט זיי מיט אַ גרינעם פּליושענעם טישטעך.

דער מיטינג איז באַשטימט געווען אַף נײַן אַזייגער, נאָר צו אַכט האָט דער טומלדיקער אוילעם געשטראָמט דורך די ברייט צעעפנטע טירן אין צושויער-זאַל.

הינטער די קוליסן, אינעם אַרטיסטן-צימער, האָבן זיך צונויפגעקליבן די טוער פֿון דער קאַדעטישער פּאַרטיי.

די לעצטע איז געקומען צו פאָרן די גרעפן פּאַנינאַ. ווען זי איז אַרײַן, האָבן אַלע זיך אויפגעשטעלט. סאָפיאַ וולאַדימיראָוונאַ האָט אויסגעזען זייער שיין. געקליידט איז זי געווען מיט אונטערגעשטראָכענער באַשיידנקײַט, דערמאָנענדיק אַ פֿאָלקסלערערן, אָבער איר בלוי קלייד איז געווען פֿון טײַערן ענגלישן וואָל, פּרעכטיקע ברייסעלער שפּיצן האָבן אַרומגעצוימט דאָס קעלנערל און די אַרבל, געניִיט האָט דאָס קלייד די בעסטע מאָדיסטקע — מאַדאַם זשאַנעט. אַ גאָלדן קייטעלע האָט עטלעכע מאָל אַרומגעוויקלט דער גרעפנס האַלדז, זיך געשלענגלט, ווי אַ דין שנײַרעלע, איבער דער ברוסט און פאַרבאַהאַלטן זיך אינעם גאַרטעלע.

— איך האָב זיך קוים דורכגעריסן צו זיך אין שטוב אַרײַן, — האָט אַ פריילעכע געזאָגט פּאַנינאַ, — אַלע גאַסן זײַנען פול מיט מענטשן. אַ וווּנדערלעך בילד! דאָס פֿאָלק ציט זיך צו אונדזער פּאַרטיי, מײַנע הערן.

— דער אײַנפלוס פֿון אונדזער פּאַרטיי וואַקסט, — האָט זיך אָפּגערופן אָגאַראָדניקאָוו.

— ווער וועט זײַן פאָרזיצער אַף דער פאַרזאַמלונג? — האָט געפרעגט די גרעפן.

— מיר ווען בעטן איַיך, סאָפּיאַ וולאַדימיראָווונאַ. — איר זיַיט אַ מיטגליד פֿון דער פּאַרוואַל־טונג פֿון אונדזער פּאַרטיי און אַט דאָס הויז איז איַיערס...

— גוט, — האָט געזאָגט פֿאַנינאַ, — לאָמיר אָנהייבן.

— האָט אין זינען, מיַינע הערן, — האָט געזאָגט אַגאַראַדניקאָוו, ווי ער וואָלט פּאַרטרויט אַ סאָד, — אין זאַל און אַרום הויז איז ניטאָ קיין איין זשאַנדאַרם. אין די אַרויסטרעטונגען דאַרפֿן מיר עס באַטאָנען.

— די רעזאָליוציע האָט מען צוגעגרייט? — האָט פֿאַנינאַ געפֿרעגט.

— יאָ, פֿאַרשטייט זיך...

די אָנפֿירער פֿון דער פֿאַרזאַמלונג האָבן זיך פֿיַיערלעך געלאָזט צו דער בינע.

דער זאַל האָט גערוישט. מענטשן זיַינען דאָ געווען אַזויפֿיל, אַז ניט נאָר זיצן, אַפֿילו שטיין איז ניט געווען ווו.

אַלעמענס אויגן זיַינען געווען געווענדט צו דער בינע. דער אוילעם האָט אָנגערופֿן די פֿאַ־מיליעס, אמטן און טיטלען פֿון די, וועלכע האָבן זיך דאָרט באַוויזן. די הויכגעשטעלטע דאַמען האָבן מיט נייַגער באַטראַכט די גרעפֿן און געזאָגט מעווינעס וועגן דעם פֿאַסאָן פֿון איר קלייד.

אין דער זעלבער ציַיט האָט אינעם דורכגאַנג, וואָס איז ענג אָנגעשטאָפּט געווען מיט מענטשן, זיך אָנגעהויבן רודערן. אַ גרופּע אַרבעטער־דרוזשיניקעס האָט ענערגיש דורכגעלייגט פֿאַר זיך אַ וועג. צווישן זיי איז געווען וולאַדימיר איליטש, אָנגעטאָן אין אַ בלאָוו העמדל און אין אַ געלבלעכן פּידזשאַק, וואָס איז געלעגן אַ ביסל ברייט אויף אים. נאַדעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָווונאַ האָט אים דערזען און איז בלייך געוואָרן. דאָס האַרץ האָט באַ איר אַ ציטער געטאָן. זי האָט אומבאַמערקט געוואָרפֿן אַ בליק אויף רעכטס, אויף לינקס. ניין, קיינער האָט זיך אַפֿילו ניט אומ־געקוקט אויף דער דאָזיקער גרופּע. אַלע האָבן געקוקט אויף די וואַזשנע הערן, וועלכע האָבן זיך אויסגעזעצט באַם טיש אויף דער בינע.

און אָט האָט נאַדעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָווונאַ דערפֿילט אויף זיך וולאַדימיר איליטשס בליק — און זי האָט אַלץ פֿאַרשטאַנען: סיַי אַז זי דאַרף זיך ניט באַאומרויִקן, סיַי אַז ער וועט אומבאַדינגט אַרויסטרעטן.

יעפֿים פּעטראָוויטש, וואָס איז געשטאַנען נאָענט לעבן וולאַדימיר איליטשן, האָט אָפּגע־רוקט דעם פֿאָרהאַנג פֿונעם פֿענצטער און אַ קוק געטאָן: ראָמקע איז געווען אויף זיַין אָרט.

די גרעפֿין פֿאַנינאַ האָט מיט אַ שמייכל אויסגעהערט די אַפּלאָדיסמענטן, אַרויסגענומען פֿון הינטער דעם גאַרטעלע דאָס זייגערל, אַ קוק געטאָן און דערקלערט דעם פֿאָלקסמיטינג פֿאַר געעפֿנט. זי האָט אויסגעדריקט די האָפֿענונג, אַז „דער פֿריַיער מיינונג־אויסטויש וועט מיטהעלפֿן דער פֿאַרייניקונג פֿונעם פֿאָלק אויפֿן וועג צו פֿריַיהיַיט, גליַיכהיַיט און ברידערלעכקיַיט", און איַינ־געלאָדן דעם פֿאַרוואַלטונגס־מיטגליד פֿון דער קאַדעטישער פּאַרטיי וואָדאָוואָזאָוון, ער זאָל פֿאַר־נעמען זיַין אָרט באַם רעדנער־טישל.

וואָדאָוואָזאָוו האָט צעלייגט אויפֿן טיש בייגעלעך פּאַפּיר, געדיכט באַשריבענע מיט קליינע אויסיִעלעך, ער האָט פֿאַריכט די פּענסנע אויף דער נאָז און אָנגעהויבן איינטאָניק לייענען זיַין רעדע.

די גרעפֿין פֿאַנינאַ האָט זיך איַינגעקוקט אין זאַל: ס'ראָוו אַרבעטער, און צווישן זיי טיילן זיך אויס, ווי קווייטן־קלומבעס, די פּעטערבורגער מאַדאַמען אין מאָדנע היטעלעך. קיין זשאַנדאַרמען זעט מען ניט. זייער שיין פֿון גענעראַל קליקאָווס זיַיט. נאָר אין דער צווייטער ריי האָט זי באַ־מערקט געראַסימאָווס זאַפּרען־געל געזיכט. דער פּאָלקאָווניק איז געווען געקליידט ציוויל. „מיילע, זאָל ער הערן", האָט אַ טראַכט געטאָן די גרעפֿין.

געראַסימאָוון האָט אויך באַמערקט יעפֿים פּעטראָוויטש.

ער האָט אָפּגערוקט דעם פֿאָרהאַנג און אָנגערירט ראָמקען פֿאַרן אַקסל.

— לעבן פֿאַנינעס קאַבינעט שטייט גריגאָרי פֿון „וועסטינגהאַוז". קענסט אים?

— אַ שיַילע, נו, — האָט ראָמקע שטיל געענטפֿערט.

— לאָז זיך אַהין אַראָפּ און זאָג אים, אָבער שטיל, אויפֿן אויער, אַז יעפֿים פּעטראָוויטש האָט געהייסן טאָן, וואָס מע דאַרף, ציַיט אָנצוהייבן. פֿאַרשטאַנען?

ראָמקע האָט אָנגעהויבן, ווי אַ פֿישעלע, זיך דורכגליטשן צווישן דעם אוילעם.

...לעבן איז געשטאַנען אַ טריט פֿופֿצן פֿון געראַסימאָוון. דעם קאָפּ אָנגעבויגן עטוואָס אָן אַ זיַיט, האָט ער געהערט דעם רעדנער און פֿאַרצייכנט עפּעס אין אַ העפֿט. דערנאָך האָט וולאַ־דימיר איליטש אָפּגעריסן אַ בלעטל, אָנגעשריבן אויף דעם עטלעכע ווערטער, צונויפֿגעלייגט עס, ווי אַן אַפּטייק־פּראָשעק, און געבעטן עס איבערגעבן אין פּרעזידיום. ער האָט אָנגעשטרענגט נאָכגעשפּירט ווי דאָס צעטעלע איז איבערגעגאַנגען פֿון האַנט צו האַנט, און ווען ער האָט זיך איבערציַיגט, אַז ס'איז דערגאַנגען צום פּאַרזיצער, צו דער גרעפֿין פֿאַנינאַ, האָט ער ווידער גע־

נומען שרײַבן אין העפט. אין זאַל איז געווען ענג און אַ געשטיקטע לופט, נאָר ער האָט עס ניט געפילט. ער האָט בלויז צעשפּיליעט דעם קאָלנער פון העמדל. וולאַדימיר איליטש האָט געאַרבעט.

ראַמקע איז געווען איבעראַשט פונעם מוירעדיקן טומל, וואָס איז געשטאַנען אונטן. עס האָבן גערעדט גלײַכצײַטיק עטלעכע מענטשן און יעדערער פון זיי איז געווען אַרומגערינגלט פון אַ רעדל צוהערער, וועלכע האָבן אים פאַרוואָרפן מיט פראַגן און באַמערקונגען.

ראַמקע האָט זיך געשטופּט צווישן אוילעם. ער האָט געזוכט גריגאָרין. און כאָטש גריגאָרי איז געווען אַ הויכוווקסיקער, האָט ראַמקע אין דער שרעקלעכער ענגשאַפט אים ניט געקאָנט אָפּזוכן. ער האָט זיך שוין קימאַט פאַרלוירן און ניט געוווּסט וואָס צו טאָן, נאָר גריגאָרי אַליין האָט אים אָנגעריִרט באַם אַקסל.

— נו, וואָס? — האָט ער שטיל און פאַרזאָרגט געפרעגט.

— דער פּעטער יעפים האָט געזאָגט: שוין צײַט צו טאָן, וואָס מע דאַרף.

— ווייסט העלפן, — האָט אַ שעפּטשע געטאָן גריגאָרי און, דורכשטופּנדיק זיך צו פאַנינעס קאַבינעט, דערקלערט ראַמקען, וואָס מע דאַרף טאָן.

ראַמקע איז פאַרשוווּנדן הינטער גריגאָריס פּלייצע, געעפנט די טיר און זיך דורכגעשמוגלט אין קאַבינעט. באַלד נאָך אים איז אַרײַן גריגאָרי. די טיר האָבן זיי פאַרשלאָסן פון אינווייניק.

— איצט קריך אַרויף צו מיר אויף די אַקסל און נעם דאָס בײַס-צווענגל...

...ווען ראַמקע האָט זיך צוריק דורכגעשטופּט אין זאַל, האָט די גראַפן אײַנגעלאַדן אויס-הערן „דעם כאַשעווען דעפּוטאַט פון דער מעלוכע-דומע אַדוואָקאַט אָגאָראַדניקאָוו".

דער הויכער שיינער אָגאָראַדניקאָוו איז ניט געײַלט צוגעגאַנגען צום רעדנער-טישל. ער האָט עטוואָס אַ ציִ געטאָן די אַרבל און געגומען באַטראַכטן זײַנע הענט. די דאַמען האָבן גלײַך אָפּגעמערקט, אַז די הענט זײַנען בײַ אים דינע און איידעלע.

— אַ שלעכטע רעגירונג בײַ אונדז, מײַנע הערן, — האָט ער טרויעריק און צוטרוילעך געזאָגט און איז אַנשוויגן געוואָרן, באַטראַכטנדיק ווידעראַמאָל זײַנע הענט.

דער זאַל האָט שטורמיש אַפּלאָדירט. „בראַוואָ!" — האָבן געשריִען די אַרבעטער. „ס'אַרא דרייסטקײַט!" — זײַנען געווען אַנציקט די פּראָפעסאָרן.

— אַ שלעכטע רעגירונג, — האָט איבערגעכאַזערט אָגאָראַדניקאָוו, — נאָר די מעלוכע-דומע וועט זאָרגן, אַז די דאָזיקע רעגירונג זאָל ווערן בעסער. מיר וועלן צווינגען די רעגירונג זיך רעכענען מיט די פאַרלאַנגען פונעם פאָלק. אונדזער פּאַרטיי פירט שוין אונטערהאַנדלונגען מיט דער רעגירונג. עמעס, דערווײַל בײַ אַ גלעזל טיי, מיר ווילן עס טאָן גוטפרײַנטלעך, אָן געוואַלט. אָן געוואַלט, מײַנע הערן! מיר זײַנען קעגן געוואַלט סײַ פון אויבן, סײַ פון אונטן. די סאָציאַל-דעמאָקראַטן רופן צו שטרײַקן, צו סטאַטשקעס. ווער דאַרף עס? די אַרבעטער דאַרפן שטיצן אונדזער פּאַרטיי, און מיר זאָגן צו פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון אַלע בירגער אָן אויס-נאַם. מיר דאַרפן זײַן צוזאַמען, — האָט אָגאָראַדניקאָוו פאַנאַנדערגעפירט די הענט, ווי ער וואָלט וועלן אַרומנעמען דעם גאַנצן זאַל, אַלע דרײַ טויזנט מענטשן. — שטעלט זיך פאָר, מײַנע הערן, אַז אין דעם זאַל האָט זיך אַרײַנגעריסן אַ לייב, אַ ריזיקער לייב, אַ ווילדער. ניט שוין זשע וועלן מיר פירן שטרײַטן און ניט פאַרייניקן אונדזערע קויכעס צום קאַמף קעגן דעם אַלגעמיינעם סוינע? צי דען איז איצט אַ צײַט אויף צו פירן שטרײַטן? מען דאַרף ניט רייצן אָט די כײַע מיט שטרײַקן, מיט רעוואָלוציאָנערע קאָמיטעטן. פאַבריקע וואָך האָבן די אַרבעטער געפאָלגט די סאָציאַל-דעמאָקראַטן און געשטרײַקט. וואָס האָבן זיי דערגרייכט?

אָגאָראַדניקאָוו האָט זיך איבערגעבויגן איבערן רעדנער-טישל, פאַרזשמורעט מיט האַנאָע די אויגן און אויסגערופן:

— דאָס פאָלק האָט אויפגעוואַכט! דאָס פאָלק האָט, ווי דער לעגענדאַרער גיבער, זיך צוגעריִרט צו דעם וווּנדערלעכן געטראַנק פון פרײַהײַט, וואָס די בעסטע מענטשן האָבן אים אונטערגע-טראָגן. אויסגעטרונקען, האָט עס דערפילט אין זיך אויסערגעוויינלעכע קויכעס. גלייבט אונדזער פּאַרטיי, מײַנע הערן, זי איז אַ פרײַנט פון פאָלק, אַ פרײַנט פון דער פרײַהײַט.

אין זאַל האָט מען אַפּלאָדירט, ניט זשאַלעווענדיק די דלאָניעס. די דאַמען האָבן געשריִען „בראַוויסימאָ!" און געשיקט דעם רעדנער לופט-קושן.

די אַרבעטער האָבן געקנייטשט מיט די פּלייצעס: „גיי, קלײַב זיך פאַנאַנדער אין דעם אַלעמען".

פאַנינאַ האָט אַרײַנגעקוקט צו זיך אין ביכעלע און געמאָלדן:

— אונדזער פאָלגנדיקער רעדנער איז הער קאַרפּאָוו, — זי האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגערל און צוגעגעבן, — מיר בעטן דעם רעדנער זײַן קורץ. ס'איז שוין שפּעט. דער אוילעם איז מיד, און איך מיין, אַז ס'איז אַזוי אויך אַלץ קלאָר.

זי האָט אַ שמייכל געטאָן.

עס האָבן זיך דערטראָגן אויסגעשרייען:

— גאָרנישט איז ניט קלאָר. פאַרבלענדט אונדז ניט די אויגן.

אַלע האָבן אויסגעצויגן די העלדזער, סטאַרענדיק זיך אָנקוקן דעם נײַעם רעדנער. ביז אים זײַנען אַרויסגעטראָטן באַוווּסטע אין גאַנצן לאַנד אַדוואָקאַטן, פּראָפעסאָרן, דעפּוטאַטן פון דער מעלוכע־דומע. און קאַרפּאָוו? ווער איז דער קאַרפּאָוו?

— פון וועלכער פּאַרטיי? פון וועלכן זאַוואָד? — האָט מען געטומלט אין זאַל.

וולאַדימיר איליטש איז לײַכט און גיך אַרופגעלאָפן אויף די טרעפּלעך, זיך אופגעהויבן אויף דער בינע, העפלעך זיך פאַרנייגט דער גרעפן און געמאַכט עטלעכע טריט פאָרויס.

אין פאַרשיידענע עקן זאַל האָט מען אָנגעהויבן אַפּלאַדירן און שרײַען „בראַוואָ". דאָס האָבן אַפּלאַדירט וולאַדימיר איליטשס מיטקעמפער. נאָר אַזעלכע זײַנען געווען ניט קיין סאַך. נאַדעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָוונאַ האָט אומרויִק געקוקט אויף איליטשן.

ער איז צוגעגאַנגען צום רעדנער־טיש אַרויף, עטוואָס אָנשפּאַרנדיק זיך אויף אים מיט די הענט, אויסגערופן:

— כאַווייִרים!..

נאַדעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָוונאַ האָט פאַרשטאַנען, אַז ער איז זייער אופגערעגט. דאָס איז געווען איליטשס ערשטע עפנטלעכע באַגעגעניש מיטן פאָלק. אויף זײַן בלייך געזיכט האָבן געברענט די אויגן. דער הויכער שטערן האָט זיך באַדעקט מיט טראָפּנס שווייס.

— ...און הערן! — האָט ער קורץ צוגעגעבן.

אויף אָט דעם מיטינג איז הײַנט צום ערשטן מאָל אַרויסגעבראַכט געוואָרן דאָס באַצויבערנדיקע וואָרט „כאַווער", און ס'איז געוואָרן קלאָר, אַז קאַרפּאָווס רעדע וועט זײַן געווענדט צו די אַרבעטער און ניט צו די הערן.

דער זאַל האָט פאַרטײַעט דעם אָטעם.

— מיר מיט אײַך האָבן געהערט די מילדע רעדעס פון די קאַדעטן, — האָט אָנגעהויבן וולאַדימיר איליטש.

אים האָט איבערגעריסן אַ פאַרשוין אין אַ סורדוט, מיט גאָלדענע פּענסנע אויף דער נאָז.

— מיר הייסן איצט — די פּאַרטיי פון פאָלקס־פרײַהײַט.

— לאָזט צורו! — איז מיטאַמאָל אין קאַס געוואָרן וולאַדימיר איליטש. ער איז צוגעגאַנגען צום ראַנד פון דער בינע, — איר זײַט פעלשער פון דער פרײַהײַט. איך נעם אָן דעם הער אַגאַ־ראָדניקאָווס בײַשפּיל מיטן לייב. אַ גוטער בײַשפּיל. די קנעכט, וועלכע מע האָט אָפּגעגעבן דעם לייב אויף פאַרצוקונג, פאַרייניקן זיך אין געמיינזאַמען קאַמף. אויסגעצייכנט. נאָר וואָס זאָל מען טאָן, אַז אייניקע נעמען זיך פאַרן געווער, קעדיי אָנפאַלן אויף דער כײַע, און אַנדערע, דערזעענדיק אויפן לייב אַ האַלדזבענדעלע מיט דער אויפשריפט „קאָנסטיטוציע", שרײַען: „מיר זײַנען קעגן געוואַלט. וואַרפט אַוועק דאָס געווער!" איר גלייבט אין האַלדזבענדעלעך?

געלעכטער און אַפּלאָדיסמענטן זײַנען געווען אָן ענטפער אויף זײַנע ווערטער.

— די מיליטעריש־פּאָליצייִשע דיקטאַטור פײַערט אירע ווילדע אָרגיִעס. עקזעקוציעס און מאַסן־פּײַניקונגען הערשן אין גאַנץ רוסלאַנד, און איר רופט צו אַ גוטפרײַנטלעכער פּשאָרע מיטן צאַריזם.

דער פאַרשוין אין די גאָלדענע פּענסנע איז אופגעשפּרונגען:

— ווער זײַט איר, זאָגט נאָר!

— איך בין קאַרפּאָוו, — האָט געענטפערט וולאַדימיר איליטש און פאַרגעזעצט: — מעגלעך, אַז אַ סאַך פון אײַך האָבן טאַקע געגלייבט, אַז די קאַדעטן זײַנען פרײַנט פונעם פאָלק און אַז זיי קלײַבן זיך ניט פאַרקויפן די פאָלקס־פרײַהײַט דעם צאַריזם...

— אין וועמעס נאָמען רעדט איר? — האָט אויסגעשריִען אַגאַראָדניקאָוו.

— אין נאָמען פון דער אַרבעטער־פּאַרטיי. אין נאָמען פון פּראָלעטאַריאַט.

— די אַרבעטער גייען מיט אונדז, איר האָט הײַנט אין דעם זיך איבערצײַגט! — האָט גע־שריִען אַגאַראָדניקאָוו. — מיר פירן די שיף פון פרײַהײַט פאָרויס.

וולאַדימיר איליטש האָט זיך האַסטיק אויסגעדרייט צו אים:

— איר זײַט געגליכן צו פײַפלעך פון דער שיף, און די אַרבעטער־פּאַרטיי אין דער רעוואָ־ליוציע — איז דער דאַמף אין די קעסלען פון דער שיף. וועט זײַן דאַמף אין די קעסלען, וועלן אויך פײַפן די פײַפלעך. וועט די רעוואָליוציע האָבן קראַפט, וועלן פײַפן אויך די קאַדעטן.

די אַרבעטער האָבן שטאַרק אַפּלאָדירט.

אַגאַראָדניקאָוו איז אופגעשפּרונגען פון בענקל און אויסגעשריִען:

— דאָלאָי!.. אַראָפּ!..

— דער הער אַגאַראָדניקאָוו האָט דאָ פאַרזיכערט, אַז בא די קאַדעטן איז ניט געווען קיין

פארשטענדיקונג מיטן קייסער, עס זײַנען געווען בלויז אונטערהאַנדלונגען בײַ אַ גלעזל טיי, — האָט פאַרגעזעצט דער רעדנער.

— יאָ, יאָ, אַזוי האָט ער געזאָגט, — האָט מען באַשטעטיקט אין זאַל.

— און מיט וועמען האָבן זיך געפירט די אונטערהאַנדלונגען? — האָט וולאַדימיר איליטש געפרעגט באַם שטיל געוואָרענעם אוילעם, וואָס האָט אויפגעכאַפּט יעדעס וואָרט זײַנס. — מיט טרעפּאָוון. מיט דעם זעלבן טרעפּאָוו, וואָס האָט באַפוילן דעם מיליטער און דער פּאָליציי אין קאַמף קעגן די אַרבעטער קיין פּוסטע זאַלפן ניט געבן און קיין פּאַטראָנעס ניט קאַרגן...

— אַ שאַנדע! אַ שאַנדע! — האָט מען געטומלט אין זאַל.

אַגאַראַדניקאָוו איז אויפגעשפּרונגען פון אָרט.

— קיין שום פאַרשטענדיקונג איז ניט געווען, ס'האָבן זיך בלויז געפירט אונטערהאַנדלונגען.

— און וואָס באַטײַט אונטערהאַנדלונגען? — האָט שאַרף געפרעגט בײַ אים קאַרפּאָוו. — איר זײַט אַן אַדוואָקאַט, הער אַגאַראַדניקאָוו, און איר ווייסט אויסגעצייכנט, אַז פירן אונטערהאַנד־לונגען — דאָס הייסט שטרעבן צו אַ פאַרשטענדיקונג...

דער פאַרשוין אין פּענסנע איז אויפגעשפּרונגען פון אָרט, זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צום אוילעם, אַרײַנגערוקט צוויי פינגער אין מויל און שאַרף אַ פײַף געטאָן. נאָר ווי אַן ענטפער אויף זײַן פײַפן האָט זיך אויפגעהויבן אַ כוואַליע אַפּלאָדיסמענטן. די גריפּן האָט געקלונגען מיט דעם זיל־בערנעם גלעקעלע, נאָר דער זאַל האָט אַלץ געשטורעמט.

געראַסימאָוו האָט שוין לאַנג זיך צוגעקוקט צום רעדנער. לויטן אָנטאָן — אַן אַרבעטער, נאָר דער קאָפּ, דער קאָפּ! אַן אויסערגעוויינלעך הויכער שטערן. אין דער קאַרטאָטעקע פון דער אָכראַנקע זײַנען פאַראַן עטלעכע פאָטאָגראַפיעס פון אוליאַנאָוו־לענין. לויטן שטערן אַליין קאָן מען דערקענען דעם דאָזיקן מענטשן, דערצו נאָך די אויגן... צי דען איז אוליאַנאָוו אַזוי ניט פאָרזיכ־טיק, אַז ער איז געקומען אַהער, אָפן מיטינג, אַפילו אָן אַ פּאַריק? אָט איצט טאָר מען אים ניט אַרויסלאָזן פון די הענט...

געראַסימאָוו האָט זיך אויפגעהויבן פון זײַן אָרט און גענומען זיך דורכשטופּן צו דער טיר. נאָר די אַרבעטער־דרוזשיניקעס האָבן פאַרשטעלט מיט זיך דעם דורכגאַנג און ער האָט ניט גע־קאָנט מאַכן קיין טראָט.

— מײַנע הערן, לאָזט דורך, זײַט אַזוי גוט, מײַנע הערן, — האָט אַן אופהער געבעטן גע־ראַסימאָוו.

— טומל ניט, ליבהאַרציקער, — האָט מיט פאַרדראָס זיך אָפּגעקערט פון אים יעפים פּעטראָ־וויטש, — לאָז הערן דעם רעדנער.

אין זאַל האָט געקלונגען לענינס זיכערע שטים. אַ שטאַלטנער און אונטערגעצויגענער, אין יוכטענע שטיוול, אין אַן עטוואָס צעקנייטשטן פּידזשאַק, האָט ער געשפּאַנט הין און צוריק איבער דער בינע און געפירט אַן אָפנהאַרציקן שמועס מיט דעם גרויסן אוילעם.

— כאַווײרים, איך בעט אויסהערן די רעזאָלוציע, וועלכע איך לייג פאָר.

נאַדעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָוונאַ האָט פאַרשטאַנען, אַז וולאַדימיר איליטשן איז דאָ, אין זאַל, אויפגעקומען דער געדאַנק פאַרצולייגן דער פאַרזאַמלונג זײַן רעזאָלוציע, און ער האָט זי אָנגעשריבן, שטייענדיק אַרומגערינגלט מיט אַרבעטער.

— אַנטשולדיקט, הער קאַרפּאָוו, באַם הער אַגאַראַדניקאָוו איז אויך פאַראַן אַ רעזאָלוציע, — האָט דערוועדערט די פּאָרזיצערן פון דער פאַרזאַמלונג פּאַנינאַ.

— דאָס איז שוין איבער דער מאָס, מײַנע הערן, — האָט נערוועז אויסגעשריִען אַגאַראַדני־קאָוו, — פאַרכאַפּן די טריבונע און דורכשמוגלען אַ באָלשעוויסטישע רעזאָלוציע. איך בעט אויסהערן אונדזער רעזאָלוציע.

נאָר אין זאַל האָט מען געטומלט:

— דערלאַנג קאַרפּאָווס רעזאָלוציע! קאַרפּאָוו, לייען!

פּאַנינאַ און אַגאַראַדניקאָוו האָבן פאַרשטאַנען, אַז זיי פאַרלירן די שליטע איבער דער פאַרזאַמלונג, אַז די מאַכט אינעם זאַל איז אַריבער אין די הענט פון אָט דעם קרעפּטיקן מענטשן, וואָס האָט ניט קיין שום טיטל, קיין שום ראַנג, איז אָנגעטאָן אין אַרבעטער־בעגאָדים און טראָגט אַ פּראָסטע פאַמיליע — קאַרפּאָוו.

פּאַנינאַ האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אָפן שטול. וולאַדימיר איליטש האָט גענומען לייענען, און אין זאַל איז גלײַך געוואָרן זייער שטיל.

ניט קאָנענדיק זיך באַהערשן, האָט געראַסימאָוו מיט רעציכע פּאַנאַנדערגעשטופּט די אַרבעטער, וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט, און איז קוים מיט צאָרעס אַרויס פון זאַל.

...וולאַדימיר איליטש האָט דערלאַנגט פּאַנינען די רעזאָלוציע, וועלכע ער האָט אָקאָרשט איבערגעלייענט:

— איך בעט, זײַט מוחל, אַפּשטימען!
— אַפּשטימען, אַפּשטימען! — האָבן געפאָדערט די ארבעטער.
— מיר וועלן אַפּשטימען קארפּאָוס רעזאָליוציע, — האָט פאַרגעלייגט פאַנינא, פילנדיק, אַז זי איז שוין ניט בעקויעך עפּעס אופצוטאָן, — ווער ס'איז מאסקים מיט קארפּאָוס רעזאָליוציע, בעט איך אופהייבן די הענט.
אין איין אויגנבליק האָבן אין זאַל זיך אופגעהויבן טויזנטער הענט.
ראָמקע האָט זיך אופגעשטעלט און הויך אופגעהויבן זײַן דארע האַנט. ער האָט געשטימט דאָס ערשטע מאָל אין לעבן.
— זאָל לעבן די זיגרײַכע רעוואָליוציע! — האָט, אויסשטרעקנדיק די האַנט פאָרויס, אויסגערופן לעניןֹ. ער האָט זיך פארנייגט פאר פאנינען און איז פארשוווּנדן צווישן די ארבעטער.
אין דער זעלבער צײַט האָט אין פאנינעס קאבינעט דער שעף פון דער אַכראנקע גערַאסימאָוו אופגערעגט און מיט קאַס געדרייט דאָס הענטל פונעם טעלעפאָן.
— סטאַנציע! סטאַנציע! בארישניע! בארישניע! פארוואָס ענטפערט קיינער ניט? וואָס איז דאָס פאר אַן אַנשיקעניש! בארישניע! — גערַאסימאָוו האָט געדרייט דאָס הענטל, און זײַן בליק איז ניט ווילנדיק געפאלן אפן טעלעפאָן־דראָט, — דער טײַוול זאָל עס נעמען! — האָט ער אויסגעשריִען, דערזעענדיק, ווי עס הענגען אראָפּ צוויי איבערגעשניטענע דראָטן.
דער ארבעטער פון „וועסטינגהאוז“ גריגאָרי און זײַן באהעלפער ראָמקע האָבן פינקטלעך אויסגעפּילט יעפים פעטראָוויטשעס באפעל.
פון זאַל האָט זיך געטראָגן די ליד:

Отречемся от старого мира...

איינער אַן ארבעטער איז ארויף אף א בענקל, אראָפּגעשלעפּט פון זיך דאָס יאָמטעוודיקע צונטער־רויטע העמדל און צעריסן עס אף אקוראטע קליינע שטיקלעך. און באַלד האָבן צענדליקער קליינינקע פענדעלעך אופגעפלאַטערט איבער די קעפּ.
ראָמקע איז אינײנעם מיט אלעמען ארויס אין גאַס און הויך אף א קאָל געזונגען:

Отречемся от старого мира...

דער אוילעם איז, ווי א הייסע לאַווע, זיך צערונען איבער די פאַרשטעט פון פּיטער, געוועקט די גאַסן און פּלעצער, געוועקט דעם פרילינג.

ייִדיש — נאָטע לוריע



ארן ווערגעליס

# קאָסמישע פּאָעמע

### ערשטע ליד

## אין וועג

ניט גאָט אליין און ניט קיין העלד...

(„אינטערנאַציאָנאל”)

אין הימל
אין ניט באטראַטענעם,
ווײַטן,
אין געטלעכן הימל —
דער מענטש האָט געטראכט,
אז עפשער גאָר איצטער
די טקופעס זיך בײַטן,
אזוי ווי עס בײַטן זיך
טאָג און נאכט.

די גיכקײַט, די ווײַטקײַט האָט אים ניט געכידעשט:
ווי מוישע ראביינו, געוווּסט האָט ער פריִער,
אז ס׳וועט דער ריבוינעשעלוילעם גוטברידערש
אים אָפּטרעטן ניסים אצינד אָן א שיר.

ער האָט אפן זיבעטן הימל דערפילט זיך
אזוי, ווי א טרוימער אין לאנד פון זײַן טרוים,
דערפילט זיך אף „דו” מיט דער הייך
און אפילע
א ביסעלע העכער פון הייך און פון רוים.

צי איז עס פון זעלטענעם גוירל א סימען,
פון גוירל אזא, וואָס בלויז אים איז פארטרויט? —
געקומען א ליד איז אים אפן זינען:
*...Ни бог,*
*ни царь*
*и не герой...*

מיט יאָרן צוריק האָבן טאטעס,
נאָך יונגע,
געטרייסלט די זײַלן, געקערט א וועלט —



1—263

אויך דעמלט זיי האָבן די ליד געזונגען:
...ניט גאָט אליין
און ניט קיין העלד...

און כאָטש מ׳האָט געשפּאַנט
אונטער הײַנטיקע פּענער, —
דעם מענטש מע האָט דעמלט אין רוים ניט געשיקט,
ווײַל ס׳איז אָט דער אופּטו ניט מעגלעך געווען נאָך,
ביזוואַנען עס האָט יענע ליד ניט גערעגט.

און איצט —
זיך דערזען אָפּן זיבעטן הימל,
דערזען זיך ער האָט, ווי ער שטייט און גייט:
אין הימלשן אַנטאָן,
אין ערדישן קלימאַט,
אין ערדישן אויסזען
אָף הימלשער ברייט.

ער האָט זיך דערזען
און זיך גאָרניט פאַרכידעשט:
ווי מוישע ראַבײנו, געוווּסט האָט ער פריִ׳ר,
אַז ס׳וועט דער ריבוינעשעלוילעם גוטבערידערש
אים אָפּטרעטן ניסים אַצינד אָן א שיר...

צווייטע ליד

# אָף דער לעוואַנע

אין דעם איז די לעוואַנע שולדיק. מעגלעך,
זי איז צו נאָענט צוגעגאַנגען צו דער ערד
און אַלעמען פון זינען פירט אַראָפּ.
(וו. שעקספּיר. אָטעלאָ)

די לעוואָנע ניט געלאָזט האָט אונדז הײַנט שלאָפן:
די לעוואָנע ברייטהאַרציק איז אָפן!
אָנגעטאָן א רויטן שטערן אָף דער זײַט,
האָט זי זיך געגעבן הײַנט א ניידער:
זי וועט לעבן לויט דער מאָסקווער צײַט,
זי וועט לעבן לויטן מאָסקווער סיידער.

און דער קאָסמאָנאַווט איז יונג, ראָמאַנטיש —
פריִ׳ר געקוקט אָף דער לעוואָנע אַנדערש,
זי געזען אין אויסגעטרוימטע נעכט,
א פאַרצויגענע מיט סוידעס, א באַטריבטע —
פאַר פּאָעטן א געבענטשטע ערד
און א מאָקעם־מיקלעט פאַר פאַרליבטע.

איצט האָט ער באַטראָטן אירע שטיינער,
די נאָך ניט באַטראָטענע פון קיינעם.
ער האָט אויסגערעדט דאָס ערשטע וואָרט
דאָרט, ווו שטילקײַט איז מיליאַרדניאָריק, —
ניט גערירט זי האָט זיך פונעם אָרט,
האָט ער זיך אָף איר צעשרײַען צאָרנדיק!

ס׳האָט די שטילקײַט אים געענטפערט טויב־פאַרדומפּן,
ווי דאָס טיפע טיאַכקען אין די זומפּן.

און כאַטש ניט געווען ס׳איז קיין סאַקאַנע,
דאָך און אייצע פֿרעגן איז אויך רעכט. —
אויסגערופֿן האָט ער: „איך — לעוואַנע!״,
און מ׳האָט אים געענטפערט: „איך — די ערד!״.

יאָ, געווען די ערד איז נאַענט טאַקע...
ליבע, שיינע ערד אין זונען־פּלאַקער,
וואַרעמע, פאַרקוטעטע אין גרינס,
היימישע און היימלעכע, געראַמע,
זי — דעם מענטשנס האַרנטע און דינסט,
זי — דעם מענטשנס שאַפונג און זײַן מאַמע.

ווען אַף אַלע שטערן וואָלט אַ היים זײַן,
ווען אין ערגעץ וואָלט ניט זײַן אונדז איינזאַם —
דאָך די ערד וואָלט בלײַבן אונדזער קאַנט,
גאָרניט וואָלט פאַרבײַטן זי ניט קענען,
ווײַל אַף איר איז דאָ דאָס ראַטנלאַנד,
ווײַל עס איז אַף איר געבוירן לענין.

— — — — — — — — — — — — — — —

די לעוואַנע ניט געלאָזט האָט אונדז הײַנט שלאָפֿן:
די לעוואַנע ברייטהאַרציק איז אָפֿן!
אָנגעטאָן אַ רויטן שטערן אַף דער זײַט,
האָט זי זיך געגעבן הײַנט אַ ניידער:
זי וועט לעבן לויט דער מאָסקווער צײַט,
זי וועט לעבן לויטן מאָסקווער סיידער.

## דריטע ליד

# ערדישע מאַכטאָווס

*Листьями звезды льются*
*В реки на наших полях.*
*Да здравствует революция*
*На земле и на небесах!*

*(С. Есенин. Небесный барабанщик)*

ערגעץ באַס „יאַס פֿון קלאָרקײַט״,
צי באַ אַ „יאַס״ אַ צווייטן —
(שטיינער און שטויב און כוישעך,
קיין וואַסער ניטאָ און קיין לופֿט) —
דער קאָסמאָנאַווט איז באַצויבערט:
אַן אופֿגאַנג נעמט ברייט זיך שפּרייטן,
אַן ערד־אופֿגאַנג אַף דער לעוואַנע...
— די ערד! די ערד גייט אויף!

דער מענטש פֿון יענער פּלאַנעטע,
דער ערד־מענטש
ווישט אויס די אויגן.

אפילע פונדאַנען זעט ער,
וויִ גרויס זי איז און ווי יונג.
די קנייטשן פון מאַטעריקן
מיט בלוילעכן טרוים פאַרצויגן,
און נאָענט אַזוי אירע טײַכן —
בייג אָן זיך און טו אַ טרונק.

פאַרהאָרעוועט, שטאַרק פאַרנומען,
אין גרויסע ריטמען פאַרקייטלט.
די רייכעס אַף איר פאַרשיידן:
בלומען
און שוויס
און בלוט.
די זין אירע און די טעכטער —
זיי שעפּן אויך אָפּט פון גרייטן,
און זעלטן זיי פרעגן אָן זיך,
צי מיד זי איז,
צי זי רוט...

מע שטעלט איר אויך צו אַ כעזשבן,
ווי געווען זי וואָלט עפּעס שולדיק.
מע שטופּט זי אונטער,
מע טאָרקעט זי,
מע בעט בא איר און מע שרײַט.
און זי, די נאַטור, וויל ניט אײַלן —
עס וואַרעמט די זון געדולדיק,
דאָס ברויט אין פעלד וואַקסט פּאַמעלעך,
עס טוט זיך ניט פאַר דער צײַט.

דעם קאָסמאָנאַווט איז נאָענט
דער אָטעם פון זײַן פּלאַנעטע.
דאָרט פליִען מיליאָנען פייגל,
דאָס גראָז הייבט זיך אויף און וועלקט,
די כײַעס אין וואַלד,
די מענטשן
טראָגן זיך, יאָגן זיך, עטעמען —
און דאָס איז דער גרויסער אָטעם
פון איר, פון דער ערדישער וועלט.

פאַראַן אין דעם אָטעם אירן
כוואַליעס, וואָס ברייט און פּלוצעם
שפּרייטן זיך אויס אַף לענדער,
שפּרייטן זיך אויס צעהעלט —
דאָס איז דער גאַנג פון פעלקער,
ס'פײַער פון רעוואָליוציעס,
דאָס איז דער גרויסער אָטעם
פון איר, פון דער ערדישער וועלט.

ערגעץ באַם „יאַם פון קלאָרקײַט",
צי בא אַ „יאַם" אַ צווייטן —
(שטיינער און שטויב און כוישעך,
קיין וואַסער ניטאָ און קיין לופט) —
דער קאָסמאָנאַווט איז באַצויבערט:
אַן אופגאַנג נעמט ברייט זיך שפּרייטן,
אַן ערד־אופגאַנג אַף דער לעוואָנע...
— די ערד! די ערד גייט אוף!

פערטע ליד

# ניטאָ קיין גאָט

פאַרשטייט זיך, אַז מע דאַרף מיט אָפּשײַ באַציִען זיך
צו די געטער, נאָר בעסער פון אַלץ איז ניט אַרײַנטרעטן
מיט זיי אין קיין ענגע צווישן־באַציִונגען...

(קאָנפוצי)

ס׳קוקט די ערד אין דעם הימל
א שטאָלצע, א פאַרגאַפטע.
אף דער ערד איז יאָמטעוו —
רום די קאָסמאָנאַוטן!

גוט איז אפן האַרצן,
סטײַעט שפּאַס פאַר יעדערן:
— אוי, זיי זײַנען ד אָ ר ט ן וואָגלאָז, ווי די פעדערן...

נאָר דאָס לעבן וואָג האָט,
און מע נעמט פאַרפלאַנצן עס.
אין דעם קאָסמאָס אַרבעטן אַלע ראַדיִאָסטאַנציעס...

מע דערציילט, אַז דאָרטן,
בא דעם „יאַם פון קלאָרקײַט״,
האָט דער מענטש אין זײַנע קעשענעס געפּאָרעט זיך
און אַרויסגעטרייסלט...
יאָ, עס איז א סוואָרע,
אַז ער האָט א זשמעניע קערנער דאָרט פאַרלאָרן...
אָט די קערנער זײַנען פון ריאַזאַן אַוואָדע,
צי פון אוקראַיִנע,
צי צעלינאָגראַדער...
וואָס געשען איז ווײַטער,
וואָס וועט שפּעטער ווערן —
פרעגט בא דער לעוואָנע, בא די ווײַטע שטערן...

יאָ, דאָס לעבן וואָג האָט.
וויפל קויכעס קאָסט עס!..
ווידער פליִען מענטשן — ווידער אין דעם קאָסמאָס.

קומט צו לויפן אײַליק אין זײַן שוואַרצער ריאַסע —
ווייסט איר ווער?
א גאַלעך! —
און ער איז אין כּעס:

— באָזשע אופּאַסי!.. די אַנטיכריסטן לאָזט ניט!..
לעבן דאַרף מען הי!..
און ס׳איז ניטאָ קיין קאָסמאָס!..
— גאָט — ער איז פון אויבן,
מיר — זײַנען פון אונטן.
וווּהין וועט דער אַלמעכטיקער אין קאָסמאָס זיך אַהינטאָן?
וואָס וועט זײַן, אויב מענטשן
לעבעדיקע פליִער,
וועלן אין גאַניידן מיטאַמאָל פאַרפליִען?
ספּוטניקעס — אום יאָמטעוו,
ראַקעטעס — אינדערוואָכן,

איבערפאָרן וועלן זיי אין הימל די מאַלאָכים...
באַזשע אופּאסי!.. די אַנטיכריסטן לאָזט ניט!..
בלייבן דארף מען היי!..
און ס׳איז ניטאָ קיין קאָסמאָס!..

נאָר דאָס לעבן לאַכט:
אין קאָסמאָס מע פּאַרפּלאָנצט עס...
אין דעם הימל אַרבעטן אַלע ראַדיָאָסטאַנציעס.
זיי, די קאָסמאָנאַווטן, ראַפּאַרטירן זיכער:
— ס׳איז ניטאָ אין הימל פון קיין גאָט קיין זייכער!

קומט צו לויפן איליק, קומט אין זיין קאַפּאָטע —
ווייסט איר ווער?
א ראַוו גאָר! —
ווי א שוואַרצער שאָטן:

— האַלט נאָר אָפּ דאָס פליִען!..
וואַרט נאָר צו א ווילע!..
פאַסקענען איך וויל דעם קאָסמאָנאַווט א שאַלע.
אָט, לעמאָשל, פרעגט זיך, צי מע וועט דאָרט קאָנען
אָפּהיטן דאָס יידישקייט — דאָרט אָף דער לעוואָנע?
גרויס איז דער לעוואָנעס טאָג,
מיט האַקל־פּאַקל —
ערדישע צוויי וואָכן, פערצן טעג סאַכאַקל.
איז אים אונדזער טאָג קיין פּאָר
און אויך קיין מאָס אים —
יעדן טאָג מ׳דארף דאָרטן פּראַווען צוויי שאַבאָסים!

— איצטער נאָך א שאַלע,
אויך א וואַזשנער אייסעק —
צי עס טויג דער בלויער קאַנט אָף די טאַלייסים.
בלוי בא אונדז דער הימל — קלאָר איז יעדן, דאַכט זיך,
אָבער ד אָ ר ט דער הימל איז ווי פּעך א שוואַרצער...
דארף מען אויך די ברעגעס אָף דעם טאַלעס בייטן,
און ניטאָ וואָס כקירען,
און ניטאָ וואָס שטרייטן!

— און די שווערסטע שאַלע —
ענטפערט, אָף נעמאָנעס:
וויאַזוי מעכאַדעש זיין זי, די לעוואָנע,
ווען אַליין ביסט דאָרטן,
דאָרט אָף דער לעוואָנע?

און דאָס לעבן לאַכט:
אין הימל מע פּאַרפּלאָנצט עס...
אין דעם קאָסמאָס אַרבעטן אַלע ראַדיָאָסטאַנציעס:
— גאָט און די מאַלאָכים,
שאַבעס און טאַלייסים —
פּינצטערע כאַלוימעס,
לעבעדיקע מייסים.

ס׳קוקט די ערד אין הימל
א שטאָלצע, א פאַרגאַפטע.
אָף דער ערד איז יאָמטעוו —
רום די קאָסמאָנאַווטן!

פינפטע ליד

# אייגנס

...שלעפעניש, ארומוואַגלעניש און קאפּצאַניש...
(מענדעלע מויכער־ספאָרים)

א קליינטשינקער, א גרייזער —
מײַן זיידע יונע־ליבער
געמאכט האָט זײַנע רײַזעס
קיין וויניצע פון ליובאר.

געשלעפּט האָט זיך פּאַוואָליע
קיין טשודנאָוו און קיין קריטשעוו —
פון שטעטל אָסטראָפּאָליע
און ביז צום קראַך באַרדיטשעוו.

אמאָל א ביסל נעענטער,
אמאָל א ביסל ווײַטער —
נאַטירלעך, ס׳האָט געווענדט זיך
אין קוי׳ך
און אין דעם בײַטל.

וואָס דאַרף א ייִד גאָר פאָרן?
וואָס דאַרף א ייִד גאָר האָוען?
ער לעבט זיך אויס די יאָרן
באַם בענטשן און באַם דאַווענען.

פאַרענטפערט ער זיך גערן:
א קאַשע אַף א מײַסע...
מע שפּאַנט איבער גובערניעס? —
מע גייט איבער די הײַזער!

איך טראַכט וועגן מײַן זיידן,
און וועגן טאַטן קלער איך —
עס וואָלט זיי איצטערביידן
געווען א ביסל שווערלעך.
געוווינט צו יענע מאָסן,
געוווינט די טריט צו שפּאָרן,
און איצטער
אין דעם קאָסמאָס
מע וועט מיט מאַזל פאָרן.

מײַן טעכטערל —
אין דרימל
א כאָלעם זעט לעסאַטע:
דאָס טעלערל פון הימל
וועט ברענגען איר דער טאַטע.
ס׳גאַפּלט מיר די קאַוואָנע,
דער טרוים אַף שטאַרקע פליגל.
אָט ברענג איך די לעוואָנע
מײַן טעכטערל אין וויגל...

כ'וואָלט אָפּגעלייגט אָף שפּעטער,
די שאָ איך וואָלט פאַרביטן, —
נאָר ס'זײַנען די סאָוועטן
ארויס אָף דער אָרביטע!
אָף אָט דעם וועג דעם ברייטן
איך זע אויך זיי מיט כידעש:
מײַן טאַטן און מײַן זיידן —
איך זע דאָס פאָלק דאָס יִדישס.

זעקסטע ליד

# עס זינגען קאָסמאָנאַווטן

די ערד מיר האָבן אָפּגעבונדן פון די קייטן,
א שטויס געטאָן זי צו די הימלען שטראָם־ארוף.
מיר זײַנען ניט געגאַנגען זי באַגלייטן —
אליין מיטביידע פיס אָף איר ארוף.

דערווײַל איז אונדזער וועג — ביז דער לעוואָנע,
נאָר אויב דער מענטש גייט אין דעם רוים אוועק,
וועט ער דער מאמע־ערד, ווי א מאַטאָנע,
א טשאַטע שטערן צוטרײַבן צום ברעג.

ווער זײַנען מיר?
— מיר זײַנען זין פון מאָסקווע.
וואָס טוען מיר?
— מיר האָבן פעסט און צאַרט
די האַנט אוועקגעלייגט אָף אַקסל פונעם קאָסמאָס,
צו וועלטן אַנדערע די רויטע פאָן געבראַכט.



## עליע שעכטמאַן



# ערעוו

ראָמאַן

X

זײַן הויכוווילגעבורט — איוואַן פּיאָדאָראָוויטש קאַבלוקאָוו, וואָס טרוימט בלויז וועגן איינס: באַקומען נאָך אַ שטערנדל אויף די פּאָגאָנעס און פאַרנעמען דאָס אָרט פון זײַן שעף, איז גרייט צוליב דעם צו טאָן אַלץ — ניט בלויז וואָס מע הייסט, נאָר אַפילו וואָס מע הייסט נאָך ניט. ער פאַרשטייט אויפן ווונק, נאָך בעסער — ער טרעפט שוין אַליין, וואָס וועט שפּעטער קאָנען דעם שעף דינען און צוניץ קומען. עמעס, ער מיט זיך ניט אַזוי פאַרן שעף, ווי פאַר זיך אַליין... ערשטנס, וואַקסט זײַן, איוואַן פּיאָדאָראָוויטשעס, רעפּוטאַציע — מ'ווייסט שוין וועגן אים אויך דאָרטן, אין מיניסטעריום. אויך ניט דאָס איז דער איקער. דער איקער איז: וואָס גיכער דער שעף זײַנער וועט ווערן גענעראַל, אַלץ גיכער וועט יענער אַרופגיין העכער... און ער, קאַבלוקאָוו, וועט אָנטאָן אַ נײַעם מונדיר און פאַרנעמען יענעמס אָרט. ס'איז שוין צײַט. זײַן הויכוווילגעבורט האָט זיך אַליין איבערצײַגט: וואָס העכער, אַלץ פולער, גרעסער און טיפער איז דער שיסל — מענטשן שעפּן דאָרט מיטביידע הענט. אָט, זײַן יוגנט־כאַווער, צום בײַשפּיל, סאַשקאָ, אַ שטיק ליים, פּאָשעט אַ קײַלעכדיקער טויגעניכטס, דאָס איינציקע: ער האָט אַ שיינע האַנטשריפט. זײַנע פּראָטאָקאָלן איז לײַכט צו איבערלייענען... נעמט מען אים, אָט דעם אייזל, צו אַהין, אין דער קרוינשטאָט... אידיאָטן גליקט!

און זײַן הויכוווילגעבורט, הער קאַבלוקאָוו, רירט זיך נאָך אַלץ פון אָרט ניט. ער פּאַרוקט דעם גראָבן פינגער הינטער דער שינעל־פּאָלע לעבן אייבערשטן קנעפּל, און די איבעריקע פיר פינגער — לאַנגע, מיט זייער ווײַסע גלאַנציקע נעגל, שפּילן איבערן לאַץ. אויפן גלאַטן שטערן לייגט זיך אים עפּעס ענלעכס אויף אַ קנייטש. ער פאַרטראַכט זיך שטאַרק: נאָך אַזאַ צופאַל וועט זיך שוין אַזוי גיך געוויס מער ניט טרעפן... ענדלעך האָט ער זיך דערקליבן צום גאָלדענעם אָדער. איצט בלײַבט בלויז ציִען און אַרויסציִען...

די „צוויי בלויע גריבעלעך אײַז" גליטשן זיך איבער די דערשראָקענע פּענעמער, איבערן שטוב־מעבל: אַן אַלט־געזעצטע שאַפע, אַ הויקערדיקער בופעט, שמאָלע הילצערנע בענק, גע־לאַטעטע פאָרהענגלעך... די „גריבעלעך אײַז" פאַרהאַלטן זיך אויף דער וואַנט, וווּ ס'הענגען פּייזאַזש־בילדער, פון דאָרטן טוען זיי אַ פאַל אַראָפּ אויף דאַניִעלס פּאָנעם.

---

פאָרזעצונג. אָנהייב — „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 1.

די קינבאַק טוט באַ אים אַ צוק, און דאַניִעל דערהערט ווידער די פּריִערדיקע שיפּערײַ און דערנאָך דעם טרוקן-הילכיקן:

— טש־טאַזש־זש?..

ער טוט אַ ווונק צום פּריסטאַוו. יענער לייגט צו די האַנט צום שליף: גרייט צו דינען! און לויפט אַרויס צו דער בריטשקע. באַלד טראָגט ער אַרײַן פון דאָרטן אַ געל־לעדערנעם פּאָרט־פּעל. אַפן וועג שרײַט דער פּריסטאַוו און בייזערט זיך אַפן אוילעם, וואָס האָט זיך צונויפגעזאַמלט באַם שליאַך:

— צעטרײַבן, — באַפעלט ער דעם סאָלדאַט, וואָס זיצט באַ די פערד, — מיט דער נאַ־הײַקע זיי!

זײַן הויכוווילגעבורט וואַרפט אַראָפּ דעם שינעל, דאָס היטל און ווײַזט אָן מיט דער האַנט — מ'זאָל אָפּרייניקן דעם טיש. ער גיט דערמיט צו וויסן — ער איז געקומען אַהער ניט אויף אַ רעגע אָדער צוויי, ניט פאַרבײַפאָרנדיק איז ער אַרײַן אַהער, דאָ איז פאַראַן אַרבעט אויף לאַנג.

ווערט די איימע אין דער אַלטער קרעטשמע נאָך גרעסער, די פּענעמער — שוואַרצער. מאַלקע טרײַבט אָפּ דעם בושעל, טראָגט אַוועק די צעפּיקטע כאַלעס. שמוליק זיצט באַ דאַניִעלן אויף די קני, שלוקערצט און פרעגט:

— טאַ, וו־וואָ־אָס ווילן זיי?

— כ'ווייס, מײַן קינד, נאָך אַליין ניט, — און ער הייבט אויף די אויגן אויף אַקיווען: עפּשער פאַרשטייט אַקיווע, וואָס דאָ קומט פאָר. נאָר יענער ענטפערט ניט אַפילו מיט קיין ריר פון אַ וויִע. ער איז מער צעטראָגן, מעוווּלוול, ווי פאַרטראַכט. לויט דעם, ווי אַקיווע וויל אײַנגעאַקשנט ניט אויסדרייען צו אים דעם קאָפּ, פאַרשטייט דאַניִעל, אַז אַקיווע ווייסט עפּעס יאָ.

דער פּריסטאַוו, דערזען, ווי די צוויי פלעשער ווײַן ווערן אָפּגעראַמט פון טיש, טוט ער אַ פיר מיט די וואָנצן, און די גרינע אָדערלעך אויף דער רויטער נאָז הייבן אָן צו קריכן אויף אַרויף.

— ציש, — דרייט ער זיך אויס אין פלאַם־פײַער צו דאַניִעלן, וואָס וויל פרעגן באַ אַקיווען: „עפּעס זע איך, ווייסטו דאָך יאָ, אַקיווע־פרײַנט“ — ניע גאַרגעראַט, קאַ־ה־אַ־ל!

— פאַרשטאַנען? — פרעגט זײַן הויכוווילגעבורט, און ווענדט זיך צום „שטילן זומער“. — און איצט, מאַמאַשאַ, ברענג אַלע פּערזענלעכע זאַכן, וועלכע געהערן צום געוועזענעם סאָלדאַט. אַלץ ברענג, מאַמאַשאַ, ברענג דעם שינעל, די שטיוול, די הויזן, די גימנאַסטיאָרקע, דעם... — שווײַגט אַ רעגע — דעם קאָטעלאָק.

באַם וואָרט „קאָטעלאָק“ עגבערט ער אײַן די אויגן אין אוראָמען:

— וואָס ביסטו בלייך געוואָרן? — און ענטפערט אַליין. — ס'איז פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס...

אוראָם טוט פאַרכידעשט אַ הייב די אַקסל. ערשט איצט הייבט ער אָן צו פאַרשטיין, אַז אָט די ניט געראָטענע געסט זײַנען נאָר צוליב אים פאַרפאָרן.

— וואָס האָב איך בלייך צו ווערן?

— דאָס ווייסטו אַליין גוט... געווער האָסטו?

— געווער? — אויף אוראָמס געשוואָלענע ליפּן באַווײַזט זיך אַ נויט־שמייכל: דער הויכ־וווילגעבורט טרײַבט שפּאַס, — וועלכעס געווער? די ביקס איז געבליבן אַפן שלאַכטפעלד. די שווערד איז אין דער ערד אַרײַנגעשטאָכן געוואָרן, פון דעם פערדס גאָרגל האָט געשלאָגן אַ שוואַרצער שטראָם בלוט. און וואָס ווײַטער איז דערנאָך געווען מיט מיר, דאָס געדענק איך ניט...

— דערצייל, דערצייל פון דײַנע שלאַכט־פאַרדינסטן, דאָס קאָנסטו דערציילן פאַר דײַניקע! מיר ווייסן, ווי איר קעמפט. באַ אײַערע, אַז די ביקס שיסט אויס, פאַלט איר כאַלאַשעס. ק־ע־מ־פער! ווי ער קוקט גלײַך אין די אויגן אַרײַן. ס'אַראַ אומפאַרשעמטע אויגן! פּראָסטאָ נאַ אודיוו־ליעניע... — איוואַן פּיאָדאָראָוויטש קאַבלוקאָוו פאַרייכערט אַ פּאַפּיראָס, דעם רויך לאָזט ער דורכן ווינקל מויל, דערבײַ הייבט ער אונטער די אייבערשטע ליפּ, און ס'טוט אַ פינקל אַ גאָל־דענער צאָן. — נידערטרעכטיק נעשאַמעלע!.. געווער, פרעג איך, האָסטו?

באַ אוראָמען טוט אַ שלאָג דאָס גאַנצע בלוט אין פּאָנעם אַרײַן:

— געווער? נאַ דיר געווער, אָט! — ער ווײַזט אויף די צוויי מיליצעס, וואָס שטייען באַ דעם בעט, — און אָט האָסטו, וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע, נאָך געווער... נאַ! — און ער וואַרפט אַראָפּ פון זיך דעם צודעק. אויף דעם ווײַסן לײַלעך ליגט אַ נאַקעט־אויפגעלאָפענער פוס — אַ בלאָווער מיט שוואַרצע פלעקן. — נאַ דיר געווער... וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע! — ער וויל אונטערהייבן דעם פוס, דערפילט ער אָבער אַזאַ שטאַרקן, אַזאַ פײַנלעכן ווייטעק, אַז ס'פאַרמאַכן זיך אים די אויגן.

— מאָלטשאַט! — לויפט צו דער פּריסטאַוו צום בעט און הייבט אויף אויף אוראָמען אַ פויסט. — זשידאָווסקאַיאַ מאָרדאַ, מאָלטשאַט!

אוראָם עפנט ניט די אויגן. יענע ווײַסע צאַפּליע אַף די הויכע שוואַרצע פיס פּיקט אים ווידער אין די שלייפן אַרײַן.

דאַניִעל לאָזט אַראָפּ דאָס קינד פון די הענט: ער ווערט זיי באַלד וואַרפן עפּעס אין קאָפּ אַרײַן. וויאַזוי רײַסן זיך עס אַרײַן באַדערנאַכט אין אַ פרידלעכער שטוב צווייי „היטער פון דער אָרדענונג" מיט אַזאַ רעציכע, כוצפּע און אומפאַרשעמטער העפקיירעס? באַלד אָבער צוימט ער זיך, דאַניִעל. — און וואָס וועט עס געבן, אַז ער וועט זיי שוין יאָ וואַרפן עפּעס אין קאָפּ אַרײַן? זיי מעגן דאָך אַלץ... זיי זײַנען דאָך די פאַרשטייער פון געזעץ... ער, דאַניִעל, האָט דאָך קיין שום ר'עכט ניט. זיי, די מערדער, האָבן געזעצלעכע טאַליאָנים, געזעצלעכע טפּיסעס, פאַרשיקונגס־ערטער... וואָס קאָן מען טאָן? זיך וואַרפן אַף די מילשטיינער? מ'דאַרף וואַרטן און צוזען, וואָס ווײַטער וועט זײַן. ער הייבט זיך, דאַניִעל, אויף, שפּאַרט זיך אין דעם טיש אָן, דערנאָך אָן דעם פּאַטערס אַקסל, דערשלעפּט זיך צו אוראָמס בעט, דעקט אים צוריק אײַן דעם קראַנקן פוס און ווישט אים מיט אַן עק לײַלעך דעם שווייס פון שטערן.

יִיצכאָק באַיאַר זיצט אײַנגעבויגן — ריכט זיך אַף אַ שטאַרקן קלאַפּ, אַף עפּעס זייער אַ שרעקלעכן קלאַפּ. דער קאָפּ איז אים אָבער צום אַקסל מער ניט פאַרנייגט — מ'דאַרף זיך שוין ניט צוהערן, די צאָרע איז שוין דאָ, ס'איז אַרײַן אַזאַ גרויסע און שוואַרצע צאָרע, אַז די אַלטע וועגט פון דער קרעטשמע קראַכן. ער נעמט דאָס אייניקל אַף די הענט און בארויִקט עס:

— האָב ניט מוירע, מײַן קינד, מיר האָבן אַ גרויסן גאָט...

— ווידער? — פון פאַרוווּנדערונג ציִען זיך אויס באַם פּריסטאַוו די ליפּן, — ס'איז דאָך געזאָגט געוואָרן קלאָר: ניט גאַר־ר־ר־געַרענען... אײַך דאַרף מען איינס און דאָס זעלבע איבער־כאַזערן טויזנט מאָל. אַ פאַרשאָלטן פאָלק. געזאָגט געוואָרן — שווײַגן, טאָ האַלט ס'מויל. ווער דערשטיקט, נאָר דאָס מויל עפן ניט!..

— מע וועט אַמאָל ברענגען די זאַכן? — פרעגט מיט אומגעדולד דער הויכוווילגעבורט.

— איך גיי, איך גיי, — רופט זיך אָפּ „דער שטילער זומער". און באַלד טראָגט זי אַרײַן אַ בינטל שמאַטעס. הינטער איר גייט אַ האַלב־פאַרכאַלעשטע — מאַלקע. די ווײַבער ווילן צענע־מען און פאַנאַנדערלייגן דאָס פּעקל, נאָר דער פּריסטאַוו הייסט זיי זעצן זיך און שווײַגן. דער פּריסטאַוו אַליין צעוויקלט, באַטאַפּט אַלץ און באַזוכט: אַ געל־פאַרדאַרטער שינעל; איין שטיוול נאָך אַ נישקאָשעדיקער, דער צווייטער — אַן אויסגעטראָטן־אויסגעקרימטער, דורכגעלעכערט די זויל, פול מיט בלאָטע; די גימנאַסטיאָרקע — די פּלייצע צעהאַקט און ווײַס פון געזאַלצענעם שווייס. אַ פּאָר אַלטע הויזן — געפּלאַצטע אַף די קני.

— אַפאַנאַסי לוקיטש, — זאָגט זײַן הויכוווילגעבורט, — לאָז עס איבער... נעם דעם סידאַר.

דער פּריסטאַוו נעמט זיך צום רוקזאַק: צוויי ציבעלעס, אַ שיסל, אַ בלעכערן קווערטל און אַ הילצערנער לעפל מיט אַ האַלב־אָפּגעבראָכן הענטל.

— דאָס איז אַלץ? — פרעגט דער הויכוווילגעבורט באַ ריווקען.

„דער שטילער זומער" שווײַגט.

— רייד, — טוט אַף איר אַ הוקע דער פּריסטאַוו, — אַז נאַטשאַלסטווע הייסט, רייד!

— פאַראַן אַ פּאָרל גרעט... — מינעט זיך „דער שטילער זומער", — אַרויסגעוואָרפן אין שטאַל אַרײַן... זייער אַ פאַרלײַזיקטס.

דער הויכוווילגעבורט פאַרקרימט זיך און נעמט דאָס שיסעלע אין האַנט אַרײַן:

— אין וועג האָסטו עפּעס געקאָכט? — ווענדט ער זיך צו אוראָמען. — וואָס שווײַגסטו?

— רייד, אַז נאַטשאַלסטווע הייסט!

אוראָם, פון ווייטעק נאָך אַלץ די אויגן פאַרמאַכט, פרעגט איבער מיט אַן אײַנגעהאַלטע־נעם צאָרן:

— געקאָכט?

— דו פרעג ניט איבער, עפן די אויגן! דײַנע אויגן גיבן דיך אויס... ענטפער, אין וועג האָסטו געקאָכט?

— אַ סאַך געקאָכט... אַ מענטש דאַרף דאָך עסן.

— ריכטיק, זייער ריכטיק. אין וואָס זשע האָסטו געקאָכט? אין וואָס, פרעג איך, האָסטו געקאָכט?

די „צוויי בלויע גריבעלעך אײַז" זויגן זיך מאַמעש אײַן אין אוראָמס פּאָנעם.

— איך האָב געקאָכט אין שיסל. — ענטפערט אוראָם פּאָשעט אַפּצולאָכעס.

— און קיין קאָטעלאָק האָסטו ניט געהאַט?

דאַניִעל זעט: דער זשאַנדאַרם וואַרט מיט אומגעדולד אַף אוראָמס ענטפער.

— געהאַט אַ קאָטעלאָק. וואָס איז וועַרט אַ סאָלדאַט אָן אַ קאָטעלאָק?

— ריכטיק. זייער ריכטיק. ווו זשע איז דער קאָטעלאָק?

— אין א דאָרף האָב איך אים אויסגעביטן אף א לעבל ברויט... געווען הונגעריק.
— אין וועלכן דאָרף?
— ווער געדענקט דען דעם נאָמען? אזויפיל דערפער דורכגעשפרונגען אף די מיליצעס.
— צוריק מיט עטלעכע טעג האָסטו דעם קאַטעלאָק אויסגעביטן?
— אָ, ניין, וואשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע, דאָס איז געווען נאָך הינטער כאַבאַראָווסק.
— און מער האָסטו קיין קאַטעלאָק ניט געהאַט?
— ניין. — און פאר אווראָמס אויגן טראָגט זיך דאָס קעסעלע אראָפּ צום טײַך, ווערט מיטן שטראָם פאַרקערעוועט צום ווײַסזאַמדיקן אינדזעלע און שלאָגט זיך דאָרט צו צו דער סאָסנע, וואָס וויגט זיך איינע אליין אפן וואסער. אווראָם קאָן ניט פאַרשטיין — וואָס פרעגט ער זיך אזוי נאָך אפן קעסעלע?
דאַניִעלן דוכט זיך, פון אווראָמס ענטפער איז איין גריבעלע אײַז געוואָרן גרעסער, בלויער און פינקלט שטאַרקער קעגן די ליכט; דאָס צווייטע — פאַרקערט, קלענער, טונקעלער, אָט־אָט ווערט עס גאָר אויסגעלאָשן. ס'איז צו זען: אווראָמס ענטפער איז אים ניט געפעלן געוואָרן. דאַניִעל קאָן נאָך אלץ ניט אָנכאַפּן דעם פאָדעם, אין וואָס גייט דאָ? וואָס קוועטשט ער אזוי שטאַרק אפן „קאַטעלאָק“?
הייבט דאַניִעל אוף די אויגן אף אקיווען. יענער שטייט מיט פארלייגטע הענט אף דער ברוסט, איין אויג צוגעשלאָסן און שמייכלט צו אווראָמען, א דינער, א קוים באמערקבאַרער שמייכל. ער, אקיווע, איז זייער צופרידן פון אווראָמס טשוועס. איצט צווייפלט שוין דאַניִעל ניט — אקיווע ווייסט עפּעס יאָ.
דער הויכוווילגעבורט שפּאַנט דורך הין־און־צוריק די שטוב און זעצט זיך אוועקנאָך באַם טיש. ער נעמט ארויס פון פּאָרטפעל צוויי בויגן פאַפיר. אף זײַן גלאַטן שטערן לייגט זיך ווידער עפּעס ענלעכס אף א קנייטשעלע — ער הייבט אָן צו שרײַבן.
אקיווע, וואָס שטייט ניט ווײַט פון טיש, קוקט קלוימערשט אָן א זײַט, לייענט אָבער דאָס, וואָס דער זשאַנדאַרם שרײַבט:

Протокол составлен следователем по особым поручениям...

— סאַדיס טודאַ, — זאָגט דער הויכוווילגעבורט מיט קאַס צו אקיווען, — אומעטום מוזט איר ארײַנשטופּן די נאָז... א נאַציִאָנאַלער שטריך! דו מיינסט אוואָדע, איך קען דיך ניט? כ'קען דיך! ביסט א מוזיקאַנט אין דער ייִדישער טרופּע. שלעפּסט זיך ארום מיט די אקטיאָרלעך איבער די שטעטלעך... שפּילסט און באַגעגנסט זיך... מיט דיר וועלן מיר ריידן ניט דאָ. טאַק וואָט, ניט גראַגערן צווישן זיך. ס'ענטפערט דער, וועמען איך פרעג. ענטפערן קורץ, ניט איבערצופרעגן, און אָן דערקלערונגען... דער איניען, מעלד איך, איז זייער אָן ערנסטער. ווע‏סטו לײַגן, — ווענדט ער זיך צו אווראָמען, — וועט זײַן נאָך ערגער. האָב ראַכמאָנעס אף דײַן מאַמע, אף דײַן אלטן פאָטער.
און צום פּריסטאַוו:
— אַפאַנאַסי לוקיטש, שטעל צונויף אָן אַקט אף דעם אלטוואַרג. טו אויס דעם שינעל.
באַם פּריסטאַוו טוען א ציטער די געלע שפּיצעכיקע האַרטע וואָנצן. די רויטע נאָז הייבט אָן בלייך צו ווערן — שרײַבן? אף דעם לייגט זיך אים, אַפאַנאַסי לוקיטשן, גאָר די האַנט ניט. די רעכטע האַנט איז באַ אים טאָמיד צונויפגעלייגט אין א פויסט. ער עפנט זי בלויז דעמלט, ווען מ'דאַרף אין איר ארײַנלייגן... אזוי אָבער איז דעם פּריסטאַוו שווער אפילו אויסצוגלײַכן די פינגער. ער ציילעמט זיך אזש איבער:
— וואשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע?
— ניטשעוואָ, — פאַרשטייט אים דער זשאַנדאַרם, — ס'קומט אמאָל אויס, אַפאַנאַסי לוקיטש, צו פאַרנעמען זיך מיט אזעלכעס אויך.
און ווידער צו אווראָמען:
— גיב אהער די דאָקומענטן.
— מאַמע, ווו האָסטו אוועקגעלייגט מײַנע פּאַפּירן?
— אופהערן! — ווערט ווידער איין גריבעלע אײַז גרעסער און בלויער, דאָס צווייטע קלענער און טונקעלער, — רייד אף א מענטשלעכער שפּראַך.
דאַניִעל, וואָס זיצט באַם ברודער צופוסנס, זאָגט זייער רויק:
— ער רעדט אף זײַן מוטערשפּראַך.
— טשעפּוכאַ. ייִדן האָבן ניט קיין שפּראַך... — די אייבערשטע ליפּ פאַרקאַטשעט זיך און פונעם ווינקל מויל טוט א בליאַסקע דער גאָלדענער צאָן. — דו ביסט דאָך א מאָלער... א מענטש, וואָס...

דאניִעל שלאָגט אים איבער:

— איך בין אײַך ניט קיין „דו“.

— בא דיר איז אויך א הייסער טעמפּעראַמענט. און לערנען דאַרף מען אײַך. מ׳לערנט אײַך, און מ׳לערנט אײַך, און מ׳לערנט אײַך, און מ׳קאָן אײַך ניט אָנלערנען... איר האָט א קורצן זיקאָרן! און וואָס, פאַרשטיי איך ניט, האָסטו זיך אָף מיר אזוי באַליידיקט? נעמט אײַערע זשור־נאַלן, דעם „וואָסכאָד“, צום בײַשפּיל, דאָרטן שרײַבן אײַערע — ייִדן ריידן אָף א זשאַרגאָן.

ייִצכאָק באַיאַר, ניט פאַרשטייענדיק וועגן וואָס די רייד גייט, מיינענדיק, אז אָף זײַן קאָפּ פאַלט עפּעס נאָך א בילבל, לייגט ער צו די האַנט צו דער באָרד:

— ווירטע מאָיִי סטאַראָסטי, ניקאָלי ציי זשאַרגאָל וו מאָיִי כאַטי נע בוווו... ווירטע מאָיִי סטאַראָסטי!* — און דער ייִד האַלט אָף דער אונטערגעהויבענער האַנט די באָרד, ווי אַן אײדעס, אז ער, ייִצכאָק, וועט קיין ליגן ניט זאָגן.

דאניִעל, פאַרביסן ביז בלוט די ליפּן, קוקט אָפן פאַטער, ווי יענער פאַרענטפערט זיך, און זײַן בליק ווערט פאַרצויגן מיט א הייסן נעפּל. אָף די באַקן טרעטן אַרויס פלעקן. ער רוקט אַרײַן די פינגער פון ביידע הענט אין דעם באַזילבערט־געקרײַזלטן ווילדן קאָפּ האָר. אין די אויגן שטייען אים טרערן.

אקיווע גייט צו צו אים:

— דאניִעל, איז דען קעדײַי?

— שווײַגן! — ציט אויס דער פּריסטאַוו די גאָמבע.

אקיווע ווענדט ניט אָף אים קיין אכט.

— דאניִעל, — בייגט ער זיך אָן צו זײַן נעשאָמע־פרײַנט, — דאניִעל, ס׳איז דען קעדײַי? ס׳קאָן דיך דען ווונדערן און כידעשן?

דאניִעל ענטפערט ניט. ס׳ציטערן בא אים די גאָלע פינגער אין די ווײַסע האָר און אקיווע כאַזערט נאָכאַמאָל איבער:

— דאניִעל, איז דען קעדײַי?

דאניִעלס קערפּער טוט זיך מיטאַמאָל א מאָדנעם וואָרף. אקיווע נעמט אים אָן בא די אַקסל:

— וואָס איז מיט דיר, דאניִעל?

— גאָרניט, פרײַנט מײַנער, אוי, אקיווע־פרײַנט...

אקיווע לאָזט זיך פון שטוב אַרויס. מ׳טאָר קיין צײַט ניט פאַרלירן. דאָס שטיינערנע לעבן, טראַכט ער, האָט נאַרוואָס אָפּגעשפּליטערט נאָך א שטיק פון דעם שטיינערנעם דאניִעל. מ׳דאַרף גיין אַהין, צו גאַווריִעלן אין הויף אַרײַן, מ׳דאַרף זיך אָן אײיצע האַלטן מיט איווען און ברענגען דעם דאָקטער.

ער פאַרהאַלט די טריט אָף א רעגע: איין גאָט אין הימל ווייסט, ווי אים, אקיווען, ווילט זיך ניט גיין אַהין, צו גאַווריִעלן אין הויף אַרײַן. איין מאָל אין לעבן איז ער דאָרט געווען — אין יענער נאַכט, ווען ער האָט געוואָלט העלפן איווען צו אַנטלויפן פון דער היים. ס׳האָט זיך דעמלט ניט אײַנגעגעבן אַרויסצורײַסן איווען פון איר מאַמעס נעגל. און אקיווע לאָזט זיך גיין ווײַטער. — מ׳דאַרף גיין אַהין, צו איווען. אָט דער אויספאָרשער, דער פּריסטאַוו, עפּעס פאַרקאָכט זיך דאָ א מיִעס בילבל. האָט עס א שײַכעס צו כיירוסן? ווי ס׳זאָל ניט זײַן, ייִצכאָק וועט זיך דאָ איינער אַליין קיין אײיצע ניט געבן. אים, אקיווען, וועט אָפילע אויסקומען זיך דורכריידן מיט איר מאַן, מיטן פאַבריקאַנט, אַלעקסאַנדער לאַנדע איז דאָך א „פּאָטשאָטני גראַזשדאַנין“, איינער פון די טאַקיפים אין שטאָט. דער טאַטע זײַנער, דער אַלטער נאָסן לאַנדע, איז דאָך דער איינציקער, וואָס זעט זיך מיטן גובערנאַטאָר אויג־אָף־אויג.

אין דער אָפענער טיר שטויסט זיך אקיווע אָן אָף דער אַלטער האָרפּינע. זי קומט אַרײַן, די זקיינע, אָן אײַנגעבויגענע, לויפט צו מיט אירע דריבנע טריטעלעך צום טיש און נעמט קלאַפּן מיטן שטעקן.

— ווו איז מײַן איניקל, פרעג איך? ווו איז מײַן איינציקע טויב? ווהין האָט איר אַהינגעטאָן מײַן איניקל?.. — זי הייבט אוף דעם שטעקן. — איר האָט מיך איבערגעלאָזט אָף די על־טערע יאָרן מיטן שטעקן?.. אַנטיכריסטן, וואָס קאַלאָטעט איר דאָ די שטוב, ס׳איז אײַך נאָך קאַרג טרערן?.. אָן־אָ שטאַרבט בא מאַריען דאָס קינד אָף די הענט. איראָדן פאַרשאָלטענע. וואָס שרעקסטו מיך? טשעהאָ מעני וואָס באָיאַטיסיאַ? יאַ אי טאַק וו פּעקלי זשיווו!** ווען וועט עס זיך אויסגיסן אָף אײַך גאָטס שטראָף!

---

* — גלייבט אַן אַלטן מענטשן, קיינמאָל איז אזא זשאַרגאָל (זשאַרגאָן) אין מײַן שטוב ניט געווען... גלייבט אַן אַלטן מענטשן!

** — וואָס האָב איך פאַר אײַך מוירע צו האָבן? איך לעב סײַווי אין געהענעם...

באם שליאַך, פאַר דער טיר, שטייען נאָך אַלץ מענטשן. דער קאַלט־פּײַפּנדיקער ווינט קאָן זיי ניט פאַרטרײַבן אין די כאַטעס אַרײַן. אין דער אָפענער טיר באַווײַזט זיך אַ פּויער אָן דעם היטל. אין ביידע הענט האַלט ער אַ פּאַפּיר. ער וויל דערלאַנגען אָן אָנקלאַגע. דער הויכוווילגע־בורט טוט אַ פינטל צום פּריסטאַוו. יענער, וואָס קאָן זיך נאָך אַלץ קיין אייצע ניט געבן מיט דעם הענטל־פּען — ס׳גליטשט זיך אַלץ פון צווישן די פינגער אַרויס, איז שוין פונעם שרײַבן פאַרמאַטערט. איבער די גרינע אָדערלעך רינט אַ פעטער שווייס. ער, דער פּריסטאַוו, ווי נאָר ער האָט אויפגעכאַפּט דעם זשאַנדאַרמס ווונק, האָט מאַמעש טייקעף אויפגעלעבט. די פינגער לייגן זיך אים גלײַך צונויף אין אַ פויסט:

— בונטעווען?! — ער האַלט שוין די זקיינע באַם האַלדז־און־נאַקן, פאַר דעם קנופּ פון דער פאַטשיילע. — באַלד וועל איך דיר ווײַזן איראָדן...

מיטן שטיוול עפנט ער ברייטער די טיר. די פּויערים, וואָס האָבן געוואָלט דערלאַנגען די פּאַפּירן, צעלויפן זיך.

— בונטעווען?! — און ער טוט אַ שטופּ די זקיינע פון שטוב אַרויס. ווען ניט דער סאָלדאַט, וואָס שטייט באַ דער בריטשקע, וואָלט די זקיינע געפאַלן די פערד אונטער די פיס.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

## XI

אַרום דעם לאַנגן און ברייטן מישפּאָכע־טיש, פאַרשפּרייט מיט צוויי גרויסע טישטעכער, אין יענער שטוב, וואָס די באַיאַרס רופן דער זאַל (אַהערצו פלעגט אַמאָל גאַווריִעל, אין די יונגע יאָרן, אַרײַנפאָרן, נאָך אַ גוטן טרונק בראַנפן, רײַטנדיק אויף אַ פערד), זײַנען געזעסן די רויט־בערדיקע זין, די שוואַרצהאָריקע שניר און די געקרײַזלטע אייניקלעך.

אייניקלעך — איינס אויף איינס, אַ געפּאַקטער הויף, ווי יאַדערן אין אַ קאַווענע. די צאָל אייניקלעך האָט גאַווריִעל ניט געוווּסט און ביכלאַל ניט געוואָלט אַפילו וויסן — מוירע געהאַט פאַר אַ גוט־אויג.

דער זאַל — אַהערצו קלײַבט מען זיך צונויף אין פײַערלעכע אָדער יאָמטעוודיקע טעג — אַרומגעשטעלט מיט אַלטמאָדישע שראַנקען פאַר קליידער און געשיר. עטלעכע הויכע, ווי די ביימער, ברייט־צעצווײַגטע פיקוסן. ווינטער־צײַט באַגיסט זיי גאַווריִעל אַליין אַלע פרײַטיק פאַרנאַכט — נאָך ליכט־בענטשן. אויף זומער שטעלט ער זיי אין סאָד אַרויס.

אַנטקעגן דער אַרײַנגאַנג־טיר — אַ שטייענדיקער וואַנטזייגער, וואָס ווערט אָנגעצויגן מיט אַ שליסל אויף גאַנצע אַכט טעג. ער פאַרמאָגט זילבערנע קייטלעך מיט אײַזערנע געוויכטן. אַלע פערטל שאָ שפּרינגט אַרויס פון די זיך פאַנאַנדערגעעפנטע טירלעך אַ באַגילדעטער פויגל און שפּילט אויף דעם טערקישן מאַרש. דעם זייגער האָט גאַווריִעל אָפּגעקויפט באַם אַלטן פּאַריץ, באַ דעם אויוער־באָטלדיקן גראַף באָגושעווסקי. פאַרלייגט די הענט אַהינטער, שפּאַנט גאַווריִעל אַרום צווישן די פיקוסן און קלײַבט פונעם זייגער נאַכעס.

אין ווינקל שטייט אַ טונקעלער וואַנט־שפּיגל. אַז מ׳קוקט אין אים, זעט מען בלויז אַ שאָטן פון אַ מעשונעדיק געשטאַלט. צווישן דעם זייגער און דעם שפּיגל — אַ הויכער לעדערנער דיוואַן, ס׳איז שוין שווער צו זאָגן: געל צי שוואַרץ? צוויי מאָל אין יאָר, אויף פּייסעך און ראָשעשאָנע, שמירט אים גאַווריִעל מיט פיש־אייל, נאָכדעם טריקנט זיך דער דיוואַן דרײַ וואָכן באַ אָפענע פענצטער.

באַ דער אַנטקעגנדיקער וואַנט — אַ שוואַרצער קאַסטן מיט קופּערנע רייפן, אַזעלכע אויסגעשײַערטע, אַז זיי פײַערן אין די אויגן. דאָס איז גאַווריִעל באַיאַרס פײַער־קאַסע. קיינער פון די זין ווייסט אַפילו ניט, וויאַזוי דער קאַסטן עפנט זיך.

אין מיזרעך־וואַנט, הינטער אַ פּאַרויכעס — אַ גרין־סאַמעטענער, מיט צוויי אויסגענייטע גאָלדפעדעמדיקע לייבן — שטייט אין דעם געשניצטן אָרנקוידעשל אַ סייפער־טוירע, אַ ירושע, וואָס גייט איבער פון דאָר צו דאָר. מיט דער סייפער־טוירע נוצט מען זיך איין מאָל אין יאָר, ווען די באַיאַרס פון די אַרומיקע דערפער און כוטאָרס, דער שטאָט אַפּצולאָכעס, פאָרן זיך צונויף אויף יאָמים־נוירעאָים צו גאַווריִעלן.

נאָר דאָס שײַנדל אין זאַל איז דער שטול. ער שטייט אויבנאָן. אַ ברייטער, אַ הויכער, דאָס אָנלען־ווענטל קימאַט ביז צו דער סטעליע. פון איין שטיק דעמב געהאַקט און געשניצט געוואָרן. דאָס איז „דעם טאַטנס" — גאַווריִעלס שטול. אַקיווע רופט אים:

— דער קיסיי־האַמאַלכוס פון גאַווריִעל דעם פּערצנטן.

צום טיש דערלאַנגט די מומע ליבע. די אָרעמע, נאָר די שיינע און די קלוגע מומע ליבע.

זי דערלאַנגט צום טיש מיט א שמייכל, מיט א ווערטל, און קיינער ווייסט ניט, אַז איר האַרץ איז דאָרטן, אין דער היים, אין דעם וויַיטן דאָרף, ווו די קינדער זייַנען פאַרבליבן איינע אַליין מיט שמאַריען, מיט זייער טאַטן דעם צאַרנדיקן קײַסן. זי, די מומע ליבע, האָט ניט געהאַט בעדייע אפילע דאָ שאַבעס צו האַלטן. נאָר אַז איוווע איז שוין אָנגעפּאָרן, וויל זי אַפּנעמען בא איר א לעבעדיקן גרוס פון דער טאַכטער, פון שיפּרען, וואָס איז שוין באַלד א יאָר אין דער גרויסער שטאָט און שרייַבט איין מאָל אין א שמיטע אַן אָפּקומעניש־בריוול.

די מומע ליבע האָט נאָך מיט איווען וועגן דער טאָכטער ניט גערעדט. יענע קאָן נאָך צו־זיך ניט קומען פון דער באַגעגעניש מיט דאַניעלן און מיט דער מוטער. דעם מאַן איוועס, מיטן גראָבן ציגאַר אין מויל, דעם פאַבריקאַנט מיטן פולן געל־קרענקלעכן גלאַט־געגאָלטן פּאַנעם, האָט זי, די מומע ליבע, שוין א פּאָר מאָל יאָ געפרעגט. נאָר יענער ענטפערט איינס און דאָס זעלבע:

— זייט איר, הייסט עס, שיפּרעס מאַמע? מ׳דערקענט גלייַך... פאַר אייַער טאָכטער דאַרפט איר זיך ניט זאָרגן. מ י ר האָבן זי איינגעאָרדנט אַף קורסן... זי האָט אַף זיך א מאַנצבלשן קאָפּ.

פרייט עס א מאַמעס האַרץ. דאָך וואָלט זי, די מומע ליבע, געוואָלט וויסן: ווער איז עס דער מ י ר, וואָס זאָרגט אַזוי פאַר איר קינד? און וואָס איז עס פאַר א קורסן? און אַוועלכע גרויסע געשעפטן פירט עס דאָרטן שיפּרע, וואָס מ׳דאַרף דערצו האָבן א מאַנצבלשן קאָפּ? אָבער ריידן לאָזט ער זיך ניט, דער פאַבריקאַנט. ווי נאָר די מומע ליבע עפנט דאָס מויל, פרעגט ער:

— זייט איר, הייסט עס, שיפּרעס מאַמע? מ׳דערקענט גלייַך... פאַר שיפּרען זאָרגט ניט, זי האָט אַף זיך א מאַנצבלשן קאָפּ! — און ער הייבט אוף דערבייַ די הענט מיט די גאָלדענע סיגנעטן. די מומע ליבע דאַרף פון דעם פאַרשטיין: מיר מעגט איר גלייבן. שיפּרע איז אַף א וועג.

גייט די מומע ליבע אָפּ. גיי רייד מיט א מענטשן, וואָס זעט דיך יאָ און זעט דיך ניט. ער רעדט צו דיר יאָ און רעדט צו דיר ניט. און יעדעס אַרויסגעבראַכט וואָרט איז מיט אַזא מינע — מ׳האָט דיר געטאָן א גרויסע טויווע, דיך אָפּגעשאָטן מיט גאָלד, דיך גליקלעך געמאַכט אַפן גאַנצן לעבן. און ניט נאָר דיך איינעם, נאָר אויך דייַנע קינדער און דייַנע קינדסקינדער.

— ריבוינעשעלוילעם, — טראַכט די מומע ליבע, — א מענטש זאָל דאָס האָבן אַזויפיל פליי אין דער נאָז! זע נאָר, ווי ער האַלט אַף די קני די הענט מיט די גאָלדענע רינגען... ער מיינט טאַקע בעעמעס, אַז איין גאָט איז אין הימל, און ער איז איינער אַף דער ערד...

נאָר זי שווייַגט, די מומע ליבע, און זי וואַרט, ביז זי וועט קאָנען זיך דורכריידן מיט איווען. באַם דערלאַנגען צום טיש העלפט איר מיט סטיסיע — די נייַע שנור, סימכעס פערט ווייַב. מיט דרייַ ווייַבער האָט אים שוין דער טאַטע געגעט — זיי האָבן קיין קינדער ניט געהאַט. גאַווריִעל קוקט אַפן יינגסטן זון, אַף סימכען, ווי אַף אַן אָנזעצער... סטיסיע שטאַמט פון די באַיאַרס, א שמידס א טאָכטער. געווען א פאַרזעסן אַרעם מיידל, נאָר א געזונטע און א האָרעפּאַשנע. זי האָט נעהאַלפן דעם פאָטער אין שמידערייַ, און טאַקע מיטן גרויסן האַמער.

— דאָס, וואָס זי איז א פּאַרזעסענע, — האָט גאַווריִעל געזאָגט, — דאָס איז א קנאַפּער ביסאָרן. אַן אַלטע מויד איז אַף מאָרגן נאָך דער כאַסענע א יונג ווייַבל. און צו איר אָרעמקייַט וועלן מיר זיך שוין ווי־עס־איז אַן אייצע געבן.

און גאַווריִעל האָט זי אויסגעקליידט, סטיסיען, איר אָפּגעשפּילט א גרויסאַרטיקע כאַסענע, איצט וואַרט ער פון איר, זי זאָל צאָלן דעם כויוו — געבן אַן אייניקל.

אין וועלוולען פּלאַצט די גאַל. סימכען גייט דורך טיר און טויער. א מאַזל פון א מענטשן! אַלע מיטוואָך און דאָנערשטיק גיט מען אים א פרישׁ ווייַב, און מע האַלט אים פאַר דעם „סטראַדאַליעץ". אים, וועלוולען, האָט מען געגעבן אַן אומגליק אַפן גאַנצן לעבן, ביזן קייווער אַרייַן. ס׳איז דען בא אים א ווייַב? ס׳איז דאָך א סאָסנאָווע ברעט. נאָר גיי, זי שיט מיט קינדער.

— פאַרוואָס, — שרייַט ער אַף דעם ווייַב, — פאַרוואָס ביסטו ניט קיין בעזדעטניצע?

די פענצטער זייַנען פאַרמאַכט אַף די אינווייניקסטע לאָדן. איבערן טיש ברענט דער הענגלאָמפּ. אין די שווערע לייַכטער ברענען מיט א זיסן רייעך די קורץ־גראָבע, די אַליין־געמאַכטע וועקסענע ליכט. די לעצטע צייַט — פון זינט נעכע איז שטאַרק קראַנק — צינדט זיי גאַווריִעל אַלע פרייַטיק־צונאַכטס אַליין אָן.

אַפן געגרייטן טיש, אויבנאָן, שטייט דאָס געגלייַזטע שמאָל־הויכע קריגל, אָנגעפילט מיט דעם טערפּקע־זויערן בערעזע־זאַפט. אַזא זאַפט איז בא גאַווריִעלן פאַרגרייט אַף א גאַנץ יאָר, פון פרילינג ביז פרילינג. אַן דעם קריגל „סאָק" גייט ער ניט צום טיש.

— קאַלוזמאַן איך וועל טרינקען פון דער בערעזע, — דערקלערט גאַווריִעל דעם איידעם, — וועט מיך דער מאַלכהאַמאָוועס מיט קיין דעמב ניט דערהאַרגענען.

ער שטעלט זיך מאכן קידעש, גאוריִעל באַאַר. ער נעמט דעם זילבערנעם בעכער, וווהיִן ס'באַהאַלט זיך א פערטל קוואַרט בראַנפן, און טוט א געשריי:
— יום השישי ויכלו השמים וכל צבאם...
דאָס איבעריקע צערייַבט ער צווישן די ציין און קערט איבער דעם קאָס אין מויל אַרייַן.
— טאַקטער, — ווענדט ער זיך צו איוועז, וואָס שטייט צווישן די פיקוסן און רעדט מיטן דאָקטער, — ווּעסט עפּשער נעמען א קאַפּעלע בראַנפן? דו ווייסט דאָך, קיין ווייַנען טרינקען מיר



ניט. ווען איך ווייס, אז איך וועל האָבן אַזעלכע געסט. ווער האָט זיך עס געקאָנט ריכטן? איך וואָלט אַראָפּגעבראַכט א פאַס ווייַן.
— ס'איז פאַראַן ווייַן, — הייבט זיך אוף דער אײדעם, — נאָך אַוועלכער ווייַן. ליוקס. דעליקאַטעס... באַלד ברענג איך.
— ניטאָ קיין ווייַן, — שטעלט אים אָפּ איוועז, — כ'האָב אַוועקגעשיקט פאַרן קראַנקן... סאָלדאַט. גיב מיר, טאַטע, א ביסעלע בראַנפן. כ'האָב שוין לאַנג פון דייַן בעכער ניט געטרונקען.
דער מאַן הייבט אוף די ברעם:
— דו האָסט אַוועקגעשיקט דעם ווייַן?
ער שטייט און שפּיגלט זיך אין די רינגען:
— ראַכמאָנעס איז א שיינע מידע...
ער פאַרוקט די הענט אין די קעשענעס, בייגט אָן דעם קאָפּ. ניט געקוקט, וואָס דער קאָפּ איז אים אַראָפּגעבויגן, איז דער האַלדז־און־נאַקן נאָך אַלץ געפּאַלדעוועט. די שוואַרצע גלאַטע צוגעקעמטע האָר אָף אַרוף באַהאַלטן שוין ניט אויס דעם פּליך. דאָס פּאָנעם — געל, ווי בא אַזא, וואָס לייַדט אָף מאָגן־קרענק.
— האָב איך געפירט, הייסט עס, ווייַן...
ער דערעדט ניט. אָפּן פּאָנעם באַווייַזט זיך מיטאַמאָל די גוטסקייַט אַליין.
— זייער גוט האָסטו געטאָן... ראַכמאָנעס איז איינע פון די שענסטע מענטשלעכע מידעס.
— גוט, צי ניט גוט, דאָס איז מייַן זאַך... דו האָסט אָבער א גרויסן טאָעס, אַלעקסאַנדער, ס'איז ניט פון ראַכמאָנעס... — און איוועז נעמט פון דעם פּאָטערס האַנט דעם בעכער, קוקט ניט אַרייַן, וויפל בראַנפן ס'איז דאָרטן, — פאַר דייַן געזונט, טאַטע, — און זי טרינקט אויס.
— צו געזונט דיר, מייַן טאָכטער. נאַ, פאַרבייַס, מייַן קינד...
און דאָ באַגעגנט ער זיך מיט איוועס בליק. א בליק פול מיט ווי, פאַריבל און פאַרוואָרף. בא גאַוריִעלן טוען א פינטל די ווייַס און ער דרייט אָפּ דעם קאָפּ.
— און דו, אַלעקסאַנדער, — פרעגט ער באַם אײדעם, — דו ווּעסט גאָר קיין קידעש ניט מאַכן?

דער אײדעם באַװײַזט אים אױפֿן פּעקעלע. ער האָט געבראַכט מיט זיך צום טיש א פלאַש שװאַרצע קאַװע און א פּאָר אױסגעטריקנטע ריפּטעלעך כאַלע.

— דאָס איז, שװער, מײַן װעטשערע. מער טאָר איך ניט.

— װאָס הײסט, דו טאָרסט ניט?

די װײַבער צעלאַכן זיך. בא זײ עסט אוף א זװיגקינד אף באַנאַכט דרײַ מאָל אַזױפֿיל. גאַװריִעל פרעגט באַם אײניקל, בא אַריען, א יונג, װאָס קערט זיך אום אַלע נאַכט אַהײם ערשט פאַרטאָג:

— און דו, אַריע, טאָרסט אױך ניט טרינקען?

— זײדע, — טוט יענער א פיר מיט די שעלמישע קוקערס. — כ׳פֿיל מיך טאַקע עפּעס ניט גוט. און צו יעדער קרענק, זאָגסטו דאָך, איז די בעסטע רפואה א ביסל... נו, כאָטיאַבי א פּאָר בעכער בראַנפן.

— דו הערסט, אַלעקסאַנדער, רײד? גאָלדענע רײד. מ׳דאַרף זײ אױסקריצן באַם אַרײַנגאַנג פון יעדער לײַטישער שטוב... — און גאַװריִעל נעמט פלוצעם די פלאַש קאַװע, די ריפּטעלעך כאַלע, עפנט אוף דאָס פענצטער און װאַרפט עס אַלץ אין דרױסן אַרױס. — נאַרישקײַטן, אָן אײַנרײדעניש...

ער גיסט אָן זײַן בעכער מיט בראַנפן:

— נא, טרינק, אַלעקסאַנדער, א מענטש, װאָס פירט א פאַבריקע, זאָל זיך אַזױ אָפּלאָזן! װאָס קוקסטו אױפֿן דאָקטער, װאָס? זײ װעלן בא מיר אױך מאַכן קידעש... נו, טראַכט ניט, אַלעקסאַנדער. פאַר אײװעס געזונט, פאַר ישועות אף ייִדן, לעכאַים! נו, נו, ביזן דנאָ. אָט אַזױ! א, װאָס האָסטו זיך אַזױ פאַרקרימט? װאָס, ס׳איז ביטער? טאָ זײַ װיסן, מײַן אײדעם, אַז. אָט אַזױ־אָ מוטשען מיר זיך דאָ אַלע יאָרן. — און בא גאַװריִעלן גלאַנצן מאַמזעריש די אױגן פון אונטער די געדיכטע, װילד־געװאַקסענע אַראָפּגערוקטע ברעמען. — איצט, אַלעקסאַנדער, פאַרבײַס. ליבע, דערלאַנג אים א טעלער עסיקפלײש. יאָ, נעם אין בופעט א שקאָליקל פאַר דעם באַלעגאָלע. גיב אים דאָרט גוט אָפּעסן. נו, אַלעקסאַנדער, װעסט נעמען נאָך א בעכערל?

אַלעקסאַנדער שטײט און קלאַפּט מיט א סיגנעט איבערן בעכער. דאָס פּאָנעם װײַס, אױסגעקרימט, רעדט קױם אַרױס:

— נאָך? איר מײנט, אַז איך בין א...

— כאָלילע, — זאָגט גאַװריִעל. — איך װײס, אַז דו ביסט רעב נאָסן לאַנדעס א זון.

— װאָס האָט איר אָפּגעטאָן מיט מיר? — פּרוּװט אַלעקסאַנדער שמײכלען. — צו מײַן יאַזװע... בראַנפן? איליאַ איליטש, — דרײט ער זיך אױס צום דאָקטער, — איך װעל מיסטאַמע...

— לאָז צורו דעם דאָקטער, — זעצט אים גאַװריִעל אַװעק, — זאָלן זײ זיך דאָרטן שמועסן. פאַרבײַס מיט געהאַקטן לעבער, אָט שטײט געשאַטקעװעטע קרױט מיט געזײַערטע עפּל. נעם א ביסל פּאַסאָליעס צעריבן אין געגדזענער שמאַלץ. אָט האָסטו א שיסעלע גריװן, א קערטשער הערינג אין עסיק...

— צו מײַן יאַזװע עסיק?

— נו, מײלע... טאָ עס געפילטע פיש מיט כרײן, א שטיקל געקנאָבלטע דריליע, געפּרעגלט קאַלבנפלײש. אָט טראָגט מען דעם עסיקפלײש! פאָלג מיך, טונק אײַן א הרעטשענע לאַטקע אין עסיקפלײש. אַפילע בא רעב נאָסן לאַנדעס זון װעט אַזאַ לאַטקע אַראָפּ, װי א גענעץ. װעסט דערנאָך צען יאָר ניט דאַרפן קײן דאָקטער. װוּ זײַט איר עס געװען? — פרעגט ער בא די צװײ אײניקלעך, װאָס קומען אַרײַן אין די פעלצלעך, מיטן לאַמטערן.

— די נײַע מומע אײװע האָט אונדז געשיקט...

נאָר אײװע פירט אָפּ די צװײ קינדער אָן א זײַט און פרעגט זיך בא זײ פאַנאַנדער:

— װער האָט בא אײַך צוגענומען?

— קײנער ניט.

— װוּהין זשע האָט איר עס אַהינגעטאָן?

— אױפֿן טיש.

— איר האָט עס אַלײן אַװעקגעשטעלט?

— נײן, מ׳האָט עס בא מיר צוגענומען.

— װער?

— די מומע מאַלקע.

— די מומע מאַלקע? — און אײװע פאַרטראַכט זיך.

— זי האָט געהײסן אײַך זאָגן א דאַנק.

— נו, גוט, גוט. טוט זיך אױס און גײט צום טיש.

פאַר גאַװריִעלס אױג און אױער גײט דאָ גאָרנישט ניט פאַרלױרן. ער טוט א װוּנק צו די זין, זײ זאָלן קידעש מאַכן. דרײַ זין — װעלװל, נאַפטאָליע און סימכע — מאַכן קידעש לױטן

טאטנס נוסעך: די ערשטע ווערטער הערט מען נאָך, די לעצטע ווערן צעמאזיקט, צעריבן צווישן די ציין. זיי טרינקען אָפּ פון די בעכער ביז האלב, דאָס איבעריקע טרינקען די ווײַבער.

דער איינציקער, וואָס קנאַקט אָפּ דעם קידעש פון אָנהייב ביזן סאָף, — דאָס איז זײַנוול. גאוורי̤על הערט זיך צו, ווי דער מיטלסטער זון כאַפּט ניט, שלינגט ניט און ווארגט זיך ניט מיט די ווערטער. ער ציילט זיי, זײַנוול, אַף א קאָל, מיט א ניגן, הייזעריקלעך, מיט דער זעלבער טנוע, — א צוק מיט די אקסל, — ווי בעשאַס ער, זײַנוול, ציילט געלט נאָך א יארידטאָג. די ווערטער בא זײַנוולען שאָרכן און רוישן, ווי נײַע פאַפּירענע צענערלעך — א צענערל צו א צענערל... שמוכט דער טאטע אין דער באָרד אַרײַן: זײַנוול וועט קיין טאָעס ניט האָבן. ער וועט זיך פון כעזשבן ניט אַראָפּשלאָגן. אַף זײַנוולען קאָן מען זיך פאַרלאָזן.

גאוורי̤על גיסט אָן דעם בעכער מיט בראנפן, און יעדעס איינ̤יקל באזונדער, לויטן עלטער, גייט צו צום זיידן — טרינקט אָפּ א ביסל. אין די אייגלעך שטעלן זיך זיי טרערן, נאָר קיינער פאַרקרימט זיך ניט, קיינער פאַרהוסט זיך ניט, קיינער פון די באָיארלעך וויל ניט פאַרלירן דעם כּיין אין דעם זיידנס אויגן. דער זיידע קנײַפּט די אייניקלעך פאַר די פּוכקע בעקלעך און קוקט, ווי די יונגע שנור, סטיסיע, טרינקט פון סימכעס האַנט.

— מיט אזא ווײַב, — טראַכט ער, — קאָן מען פאַרשיטן די שטוב מיט קינדער.

מיטאמאָל פאַלט זײַן בליק אַפן שפּיגל. דאָרטן, אין שפּיגל, דערזעט ער דאָס אומגליק פון זײַן לעבן — דאָס ווײַב, נעכען, מיטן אָפּגעשוירענעם קאָפּ, וואָס זיצט אַפן דיוואַן. גאוורי̤על טוט א קרעכץ:

— אריע, מיר נעמען נאָך צו קעלישעקלעך?

— זיידע, כ'האָב דען דיר אמאָל אָפּגעזאָגט?

— א ברען, ניט קיין באָכער, — זאָגט אלעקסאנדער וועגן אריען, — דער פּלימעניק געפעלט מיר. כ'האָב פאַר אים א גוטע קאַלע, נאַדן גיב איך איר... א שיינעם, א גרויסן נאַדן.

— וואָס זשע, — פרעגט גאוורי̤על, — זי הינקט אַף א פוס?

— פאַרוואָס מיינט איר, אז זי האָט א מום?

— עפּעס צו א גרויסן נאַדן ווילסטו פאַר איר געבן.

— זי איז מײַנס א שוועסטערקינד, אַרן דעם סויפערס א טאָכטער...

— או־ווא. — גאוורי̤על נעמט אַרײַן דאָס קריגל אין ביידע הענט און טרינקט זיך אָן מיט בערעזע־זאַפּט. — אין א וואלד, דערציילט מען, האָט זיך באַוויזן אַן אַלט פערד, אַפן רוקן א קילימל פון אלערליי קאָלירן, אין גאָלדענע נאַריטניקעס מיט זילבערנע קוטאַסן. די גריווע, דער ווידל און די פיס אויסגעפלאָכטן און אַרומגעבונדן מיט זײַד און מיט גאָלד. דערזעט דער בער אזא באַשעפעניש, ס'בליאַסקעט פון אים אזוי, פרעגט ער אים:

— ווער ביסטו און וואָס טוסטו בא אונדז אין וואַלד?

צעהירזשעט זיך אַף אים דאָס פערד: ווייסט ניט, ווער איך בין? אַף מיר האָט דער קייסער אליין צוואַנציק יאָר קעסיידער געריטן אַף אלע צערעמאָניעס און פאַראַדן. פאַר מיר האָבן געקניט אלע — פונעם גראַף ביזן קוטשער. איצט, אַף דער עלטער, האָט מיר דער קייסער געשענקט זײַן וואַלד, ווו איך זאָל קאָנען רויִק דערלעבן מײַנע יאָרן. איז אָט, פאַרגעדענק, אויב עמעצער וועט מיר אין וואַלד שטערן מײַן רו, אויב עמעצער וועט זיך פאַר מיר ניט גוט בוקן, וועל איך פון אים אַראָפּשינדן די פעל.

דערהערט אזעלכע רייד, איז אַפן בער אָנגעפאַלן אזא שרעק, אז ס'האָט אים געכאַפּט דער מאָגן. דרײַ טעג האָט אים די בערעכע ניט געגעבן אין מויל אַרײַן קיין לעק האָניק. זי האָט אים געהאָדעוועט נאָר מיט די פאַראיאָריקע פוילע באַרלעך. א געטרײַ ווײַב געווען. דעם האָניק האָט זי, נעבעך, אליין געגעסן.

באַם טיש ווערט א געלעכטער. די דאַרע ביילע פאַרגייט זיך מיט איר דריבנע געלעכטערל — א שאַרפּס, וואָס שנײַדט אין אויער, און וואָס ווײַטער גייט בא ביילען דאָס געלעכטערל אַריבער אין א מין געוויין. די געסט כאַפּט אַרום פון אָט דעם געלעכטערל אַן אומהיימלעכקײַט. די היימישע — א כאַרפּע פאַר די געסט. מ'זעט: ביילע וויל זיך אָפּשטעלן, נאָר זי קאָן שוין ניט. הייבט אוף אַף איר גאוורי̤על א ברעם:

— איך דערצייל ניט קיין מײַסע אַף צו קוואָליען...

ווארגט זיך ביילע מיטן געלעכטערל. די מומע ליבע זאָגט:

— דערצייל, גאוורי̤על, דערצייל.

— דאָס זעלבע, זאָגט מען, — רוקט גאוורי̤על אַראָפּ צוריק די ברעם, — איז פאָרגעקומען אויך מיטן וואָלף, אפילע מיטן לייב אליין. דערווײַל, אין דער צײַט, האָט זיך באַגעגנט מיטן פערד דער פוקס. דער פוקס איז שטענדיק פאַרהאַוועט. ער האָט קיין צײַט ניט אַף לאַנגע רייד:

— ווער ביסטו? — פרעגט בא אים דער פוקס. צעהירזשעט זיך דאָס פערד:

— וואָס, דו ווייסט נאָך ניט, ווער איך בין? אף מיר האָט דער קייסער אליין...

— זייער שיין, — זאָגט דער פוקס, דאָס האָב איך שוין געהערט פונעם וואָלף. נאָר דו זאָג מיר, דו אליין, ווער ביסטו אליין?

— אף מיר, — הירזשעט דאָס אַלטע פערד, — ליגט אַ טײַער קילימל און אף מיר...

— זייער פײַן, — שלאָגט אים איבער דער פוקס, — דאָס קילימל איז טאַקע זייער אַ פײַנס, נאָר דו אליין ווער ביסט?

— איך טראָג אף זיך גאָלדענע נאַריטניקעס מיט זילבערנע קוטאָסן. די גריווע איז בא מיר אויסגעפלאָכטן מיט זײַדענע און מיט...

— אַלץ איז עמעס, — זאָגט דער פוקס, — דאָס זע איך אליין. דו זאָג מיר, דו אליין, ווער ביסטו אליין?

— איך אליין בין אַ פערד.

— אָט אַזוי זשע רייד! — און דער פוקס איז אַוועקגעלאָפן צום וואָלף. אף מאָרגן האָט מען געפונען די נאַריטניקעס זיך וואַלגערן צווישן די אַרומגעריזעטע ביינער...

גאַווריִעל באַיאַר טוט אַ זיפץ:

— ייִכעס... ס'איז מיר שוין גענוג ייִכעס.

דער איידעם האָט פאַרשטאַנען דעם מיין פון דער מײַסע. אָבער אַף אָקסן־הענדלער איז ניט קעדײַ צו לייגן אַכט. מ'קאָן מיט זיי שטיין אף איין ברעט איין מאָל אין צען יאָר. פונדעסטוועגן קאָן ער ניט פאַרשווײַגן:

— איר ווילט זאָגן, אַז ייִכעס איז גאָרניט? איר פאַרשטייט ניט, אַז די אינטעלעקטועלע קראַפט פון פאָלק...

— כ'בעט דיך, אַלעקסאַנדער, — שלאָגט אים איבער גאַווריִעל, — רעדסטו, טאָ רייד ווי אַ מענטש, מ'זאָל דיך פאַרשטיין. וועלכע קראַפט? וועלכן אינדיק לעקט ער?

אַלעקסאַנדער צעלאַכט זיך. איצט לאַכט ער שוין פונעם גאַנצן האַרצן. דער שווער, דער אָקסן־הענדלער, איז זייער אַ טשיקאַווער פאַרשוין. דערצו נאָך פאַרמאָגט ער אַ סאַך געלט. מ'דאַרף אים אַרײַנעמען אין שוטפעס. דער בעכער בראַנפן האָט אים, אַלעקסאַנדערן, גוט צעוואַרעמט. די טונקל־ברוינע אויגן גלאַנצן, ווי פריש־אָפּגעשיילטע קאַשטאַנען־ניס. ניט ער עסט, נאָר ער שלינגט אַלץ, וואָס ס'קומט אים אונטער דער האַנט, אפילע די געפעפערטע פיש מיט כריין. און די פיש האָט געקאָכט די מומע ליבע. נאָך אירע געפעפערטע פיש גייט אפילע גאַווריִעל אַרום מיט אַן אָפן מויל.

— דו ביסט, נעבעך, אַלעקסאַנדער, גוט אויסגעהונגערט. אַז אַ מענטש זיצט אף שוואַרצער ציקאָריע מיט פענעצלעך! — און גאַווריִעל גיסט אים אָן דעם צווייטן בעכער בראַנפן. — לאָמיר אויסטרינקען פאַרן געזונט פונעם אייניקל. וויאַזוי, זאָגסטו, הייסט זי — טאַמאַרע? — גאַווריִעל טוט אַ פיר מיט די אַקסל. — ווו נעמט איר, איך בעט אײַך, אַזעלכע נעמען? כ'וועל דיר זאָגן דעם עמעס, מײַן איידעם, כ'האָב צוערשט געמיינט, אַז ס'איז בא דיר ניט קיין נאָמען, נאָר אַ צונע־מעניש. אַ נאָמען „אַלעקסאַנדער“... כ'האָב אָפּגעלעבט זעכציק יאָר אף דער וועלט און האָב נאָך ניט באַגעגנט קיין ייִדן מיטן נאָמען אַלעקסאַנדער. צו דער טוירע רופט מען דיך אויך אוף מיטן נאָמען אַלעקסאַנדער? רעב אַלעקסאַנדער? און עפשער מאַכט מען דיר גאָר, ווי דעם קייסער, אַ הנותן תשועה... מיר מעגסטו דאָך זאָגן דעם עמעס — ביסט אַ נאָמען נאָך אַ טויטן, צי ס'איז בא דיר אַ נאָמען פון דער האַפּטוירע?

— נאָך אַ טויטן. — דער איידעם לאַכט ביז טרערן. — איך בין אַ נאָמען נאָך אַ גרויסן ניפטער... נאָך איינעם פון מײַנע עלטערזיידעס, דעם ראַוו... — און אַלעקסאַנדער נעמט אויסרע־כענען זײַנע זיידעס די ראַבאָנים.

— מיילע, — שלאָגט אים איבער גאַווריִעל, — ביסט געקומען אין צען יאָר אַרום זיך באַרימען מיט דײַן ייִכעס? איך האָב עס געוווּסט נאָך דעמלט... איך ווייס, אַז די לאַנדעס שטאַמען פון ה ו י ל ע ראַבאָנים.

— כאָלילע, — שלעפּט אַלעקסאַנדער אַרויס דעם ווײַסן האַנטעך פון הינטערן קאָלנער, — געקומען בין איך צו אײַך צוליב אַן איניען. מײַן פאַבריקע שטייט, אַ זאַבאַסטאָווקע. מע וויל מאַכן סאָציִאַליזם אף מײַן כעזשבן... בין איך אַוועקגעפאָרן. נאָר דאָס האָט צו אײַך קיין שײַכעס ניט. איך וויל אײַך אַרײַנעמען אין אַ גרויס געשעפט. איך וויל אויסבויען אַ לעדער־פאַבריק. פאַ־לעסיע דאַרף האָבן שטיוול — ביליקע, פּראָסטע, גראָבע יוכטאָווע שטיוול.

— דו ווילסט אויסשמירן דעם ייִכעס מיט דזעגעכץ? נו, נו, וועגן דעם, אימײַרצעהאַשעם, זונטיק. אום שאַבעס פיר איך ניט קיין מיסכער... די שוויגער דײַנע זעסטו? — גאַווריִעל טוט אַ פיר די אויגן צום דיוואַן. — זי איז אויסגעקנאָטן פון ייִכעס.

בא גאַווריִעל באַיאַרן גיסן זיך אָן די אויגן:

— אײַער יִכעס — א גאָלדענע קייט אף די פיס.

— א־הא. דאָס זעלבע האָב איך אמאָל געהערט פון איוועז. זי ציט אויך מערער צום טאטנס שוירעש...

גאווריִעל ענטפערט ניט און ווערט אנשוויגן. דער דערעכערעץ צום איידעם, דעם פאבריקאנט, צוימט אין אים דעם קאס. גאווריִעל שאצט א מענטשן לויט זײַן פארמעגן. דער איידעם איז רײַך, א כאָשעוו באם גובערנאטאָר. עפשער ניט אזוי ער, ווי דער טאטע זײַנער. ער איז א באלעבאָס פון א פאבריקע, וואָס ארבעט אויס פאר די פויערטעס בײַוולנע קאָפּטיכער, פאר די פויערים גראָב געוואנט אף גארניטערס און סוויטקעס. אף די פּלייצעס זיצט באם איידעם א געזונטער קאָפּ. ער פארמאָגט א פּאָר דורכגעטריבענע אויגן — זיי זעען, ווו ערגעץ עפּעס ליגט... איין פאבריקע איז אים קארג. איווע לעבט בא אים אין ווילטיק. בא דאניִעלן וואָלט זי זיך מיט קיין ברויט ניט אָנגעגעסן. דאניִעל וואָלט געשמירט... וואָס האָט ער פון זײַנע מאָלעכצן? און ווער דארף זיי האָבן, די כאטעס, די טאָפּאָלן, די בערעזעס? צוליב וואָס דארף מען זיי מאָלן, אז מ'זעט זיי אזוי אויך אף שריט און טריט. גייסט ארויס פון שטוב — איז וואלד און וואלד... אָט האָט דאניִעל פאראכטאָגן געבראכט און אופגעהאנגען אף דער וואנט די אלטע קרעטשמע. די קרעטשמע שטייט, ווי א לעבעדיקע... נאָר צוליב וואָס האָט ער נאָך געדארפט אָנמאָלן זײַן טאטנס בעהיימע מיט דעם אָפּגעבראָכענעם האָרן? א ווילער, א גוטער מענטש דאניִעל. נאָר גאָט זאָל ניט שטראָפן פאר די רייד... אָבער יענעם האָט זי ליב געהאט, נאָך דאניִעלן איז זי גרייט געווען צו גיין אין אויסרײַסעניש, און צו דעם, זעט מען, ליגט איר נאָך אדהאיעם ניט דאָס הארץ... א ראכמאָנעס אף איוועז. נאָר פארפאלן. זאָל אונדז גאָט מישפּעטן.

— נו, אלעקסאנדער, טרינק אויס. אריע טרינקט שוין צוליב מיר דעם צווייטן בעכער. פארוואָס ט'איר ניט מיטגענומען מיט זיך דאָס קינד?

— פרעגט בא איוועז.

— טאָכטער, דו הערסט? פארוואָס האָסטו טאקע ניט געבראכט דאָס קינד? דאָס כיִעס גייט מיר אויס, אזוי וויל איך זען דײַן קינד.

— איך ווייס עס, טאטע, — גייט איווע ארויס פון הינטער די פיקוסן, — דער וועג איז אָבער אזא שווערער, און דערצו בין איך דאָך ניט געפאָרן אף קיין סימכע...

— יאָ, מײַן טאָכטער, איך פארשטיי, — גאווריִעל טוט ווידער א קרעכץ און ווארפט אלץ זײַן בליק אהין, אפן שפּיגל, ווו ס'וויגט זיך דער טרויעריקער שאָטן פון זײַן לעבן. — דו ביסט גערעכט... קום, מײַן קינד, צום טיש. וואָס שטייט איר דאָרטן?

— באלד, טאטע, וועלן מיר קומען.

איווע, נאָך דעם אויסגעבראָכענעם געוויין בא דער ערשטער באגעגעניש מיט דער מוטער און אצינד נאָך דעם ביסל בראנפן איז זי מער פארטראכט, ווי אומעטיק. זי זעצט זיך צו אפן דיוואן, גלעט דער מוטערס אויסגעטריקנטע האנט און רעדט אלץ צום דאָקטער, וואָס שטייט אָן אופגערעגטער אונטער א צעצווײַגטן פיקוס.

— ניין, ניִין, איך קאָן מיט אײַך ניט מאסקים זײַן. שוין צופיל צופאלן אין לעבן. אף שריט און טריט א צופאל... נאָר ווי ס'זאָל ניט זײַן, איז מיר טאקע ניט געבליבן, אף וועמען צו טראָגן מײַן רויגעז און פארדראָס. אָט דאָס איז מײַן מאמע? יענע מאמע, בא וועלכער די אויגן זײַנען געווען פול מיט גאל און מיט פײַער? אזעלכע אויגן זײַנען אויך בא איר ברודער, בא מײַן פעטער אבושן. מער האָב איך אזעלכע אויגן בא קיינעם ניט באגעגנט... — און, זעענדיק, אז דער דאָקטער וויל איר ווידערשפּרעכן, פארלויפט זי, — איך טרײַב ניט איבער און טראכט ניט אויס. א שטיק צײַט האָב איך אלעמען ארײַנגעקוקט אין די אויגן ארײַן. ווו איך בין נאָר ניט געווען — אין גאס, אין טעאטער, בא זיך אין שטוב, אין א פרעמדער שטוב — אומעטום האָב איך ארײַנגעקוקט אלעמען אין די אויגן ארײַן. כ'האָב דערלערנט פרעמדע אויגן... איר ווייסט, באקאנטע האָבן אָנגעהויבן מיך אויסצומײַדן. מ'האָט דערפילט, אז איך קריך שטילינקערהייט, הינטן־ארום, יענעם אין דער נעשאָמע ארײַן... און מיר אליין איז אויך שרעקלעך געוואָרן. מיר דוכט, ווען מ'זאָל קאָנען פארייביקן דעם אויסדרוק פון די אויגן פון יעדן דאָר, וואָלט עס געווען דער גרעסטער דאָקומענט פון דער צײַט...

בא אירע לעצטע ווערטער נעמט דער דאָקטער זײַן שיינע באָרד אין דער רעכטער האנט. די לינקע פארוקט ער אין קעשענע פונעם פּידזשאק, און הייבט אָן צו דרייען זיך אין די דאלעדאמעס, וואָס צווישן די פיקוסן.

— נאָר אזעלכע אויגן, ווי בא מײַן מאמען, האָב איך בא קיינעם ניט באגעגנט. מײַן מאמע האָט אליין קיינמאָל ניט געלאכט און זי האָט ניט פארטראָגן קיין פרעמד געלעכטער. אפילע די קינדער זײַנען ניט געווען פאר איר קיין פרייד. זי האָט געטריבן פון זיך די קינדער. מיך האָט זי ניט געקאָנט אָנקוקן.

דער דאָקטער בלײַבט שטיין פֿאַרווּנדערט. ער שטעלט זיך עס ניט פֿאָר:

— אײַך? ניט געקאָנט אָנקוקן? אײַך?.. פֿאַרוואָס?

— עפּשער דערפֿאַר, ווײַל דער טאַטע האָט מיך ליב געהאַט.

— זי האָט דען ניט ליב געהאַט אײַער טאַטן?

— אַמאָל האָט זי אים ליב געהאַט. און שטאַרק ליב געהאַט. זי איז עלטער פֿונעם טאַטן אויף גאַנצע אַכט יאָר. נאָר שפּעטער איז איר ליבע אַריבער אין אַ סינע. זיי האָבן געלעבט אונטער איין דאַך, אָבער ווי פֿרעמדע...

— ווי לאַנג, אַז זיי פֿירן אַזאַ לעבן?

— פֿון זינט איך בין געבוירן געוואָרן. אַכט און צוואַנציק יאָר... דאָס לעבן איז גרויזאַם. אָט זיצט זי, מײַן מאַמע, וואָס האָט מיך כאַסענע געמאַכט מיט אַזאַ אַכזאָריעס... זי איז געוואָרן פֿאַר דער צײַט גאָר אַן אַנדערע: אַ קליינינקע, אַן אָפּגעשווירענע. אַ קאָפּ מיט טרעפּ. מ׳שערט זי מיט אַ שער... אָט האַלט זי אַ ווײַס ציגעלע אויף די קני, און איבער איר קאָפּ הענגט דאַניִעלס בילד. ניין, אין דעם איז פֿאַראַן עפּעס פֿאַטאַלס.

אויף דער וואַנט, איבער נעכעס קאָפּ, הענגט טאַקע אַ בילד. אַן אַלטע אויסגעקרימטע שטוב מיט אַ מאָך־באַוואַקסענעם שינדלדאַך. אויפֿן גאָרטן — אַ באַרנבוים מיט אָנגעקוואָלענע קנאָספּן. אין בלאָטיקן הייפֿל שטייט אַ רויטע, אַ מאָגערע קו מיט אַן אָפּגעבראָכענעם האָרן, דעם קאָפּ אויסגעצויגן צווישן דעם שוואַרצן שטאַכעטן־פּלויט, און רעוועט אַהין, צום בערגל, וווּ ס׳שפּראָצן אַרויס די ערשטע פֿרישע, ליכטיק־גרינע גרעזעלעך. אין די אַרומיקע טאָלן ליגט נאָך אַ טונקעלער שניי. און אַרופּצו ווײַט — אַ בערעזע־וועלדל, וואָס איז אײַנגעהילט אין אַ גרוי־וואָרעמען נעפּל.

איוווע הייבט זיך אויף פֿון דיוואַן, גייט אָפּ אַ פּאָר טריט אויף צוריק און קוקט אויפֿן בילד.

— דאַניִעל, — זאָגט זי, — האָט עס דאָ אופֿגעהאַנגען צוליב מיר. ער האָט געוווּסט, אַז איך וועל דאָך אַהער אַמאָל קומען.

דער דאָקטער, הינטערן פּיקוס, פּינטלט מיט די וויִעס — אָן די ברילן זעט ער גישט ניט נאָר דאָס בילד, ער זעט אַפֿילע ניט איוווען. ער הערט בלויז איר קאָל. פֿאַר די פֿינף יאָר, וואָס ער קען זי, האָט ער נאָך באַ איר אַזאַ קאָל ניט געהערט.

— ס׳איז אַ שרעקלעך בילד, — רעדט זי אַלץ שטילער. דאָס קאָל דערגייט ביז צו גע־פֿליסטער. — מיטן בילד וועל איך זיך שוין ניט צעשיידן... איך קלײַב זיך אַזויפֿיל ניט פֿאַנאַנ־דער אין מאָלערײַ, נאָר מיר דוכט — ס׳איז ווונדערלעך. דאָ פֿעלט ליכט, ס׳פֿעלט לופֿט, די פֿאַרבן זײַנען גרוי, אָבער וויפֿל לעבן!

— איר זעט אין אים נאָך אַלץ שטאַרק פֿאַרליבט?..

— יאָ, איך בין פֿאַרשאָלטן מיט ליבע... טוט אַ קוק אויף דער קו מיטן אָפּגעבראָכענעם האָרן. דער אָפּגעבראָכענער האָרן אַליין זאָגט זייער אַ סאַך... דער אויסגעצויגענער האַלדז צווישן די שוואַרצע שטאַכעטן, און דעריקער די אויגן באַ דער קו, ס׳אַראַ מענטשלעכע אויגן!.. אין די אויגן ליגט אַזויפֿיל בענקשאַפֿט. איר הערט, ווי די קו רעוועט אין פֿעלד אַרײַן צו די עטלעכע גרעזעלעך? איר זעט, אַרום ליגן נאָך שוואַרצע שנייען, נאָר די קנאָספּן אויפֿן בוים וועלן זיך גיך עפֿענען... אויב, פֿאַרשטייט זיך, ס׳וועט ניט אַ כאַפּ טאָן קיין פֿראָסט.

זי דרייט זיך אָפּ פֿונעם בילד און בעט באַם דאָקטער:

— איליאַ איליטש, אויב ס׳איז אײַך ניט שווער, וואַרפֿט מיר אַרויף די שאַל אויפֿן אַקסל. אַ גרויסן דאַנק. ווי גוט, וואָס איר זײַט דאָ. פֿאַר איינזאַמקײַט האָב איך קיין מוירע ניט, נאָר פֿאַר עלנטקײַט — זייער.

— איוווע, — רײַסט זיך אַרויס באַם דאָקטער, — איוווע!..

זי הייבט אויף אויף אים די אויגן:

— איך בין אײַך זייער, זייער דאַנקבאַר, איליאַ איליטש, פֿאַר אײַער גוטסקײַט, אָבער מיך רופֿט מען איוווע גאַווריליאָוונאַ. איך בעט אײַך...

די שיינע שוואַרצע באָרד באַם דאָקטער פֿאַלט אים צוריק אויף דער ברוסט:

— אַנטשולדיקט, — און דער דאָקטער ברעכט אָפּ פֿון פּיקוס אַ בלאַט. איוווע זעט, ווי ער קנייטשט האַסטיק־נערוועז צונויף מיטביידע הענט דעם בלאַט און פֿאַרוואַרפֿט אים אויפֿן אָרנ־קוידעשל. פֿאַרוקט די הענט אונטערן פּידזשאַק אין די אַרבל אַרײַן, בלײַבט ער שטיין מיט צוגע־מאַכטע אויגן. זײַן פּאָנעם אין דער טונקעלער שײַן, וואָס פֿאַלט אַהער, צווישן די פּיקוסן, פֿון דעם הענגלאָמפּ, איז געוואָרן ניט צו דערקענען.

זי פֿילט און ווייסט — נאָרוואָס האָט זי געמאַכט אַ כּורבן אין דאָקטערס לעבן.

— איליאַ איליטש, — זי רעדט נאָך אַלץ מיט יענעם שטילן, פֿליסטערנדיקן קאָל, — כ׳האָב



אײַך נאַרוואָס דערציילט, ווי איך האָב אַמאָל אַ שטיק צײַט דערלערנט מענטשלעכע אויגן. איר האָט וועגן דעם, פאַרשטייט זיך, ניט געוווּסט.

— ניין, דאָס האָב איך ניט געוווּסט.

— דערפאַר דאַרפט איר אָבער וויסן, ווי כ'האָב אַמאָל געפלירטעוועט... אַרום מיר האָט זיך געדרייט די אַזויגערופענע אַריסטאָקראַטיע פון שטאָט: אַדוואָקאַטן, קאָמערסאַנטן, אופגע־קומענע גוווירימלעך, נעגידישע סטודענטן. כ'האָב דעמלט פאַרפירט באַ זיך אַ מין סאַלאָן. איך האָב דעמלט, נאָך מײַן כאַסענע, געזוכט, ווו און אין וועמען צו נעמען נעקאָמע. איך האָב גע־דאַרשט נאָך נעקאָמע. איך האָב געמוזט נעקאָמע נעמען פאַר זיך... אָף איינעם אָן אָוונט, ווו כ'האָב צונויפגענומען אָט די גאַנצע אַריסטאָקראַטיע און זיי האָבן אַלע מיט צעפּלאַמטע, נאַרישע, טיפשעוואַטע פּנעמער געטרונקען שאַמפּאַניער פון מײַנעם אַן אַלטן שטעקשוך... נאָך דעם האָב איך זיך פאַרשלאָסן אין מײַן צימער און דאָס לעבן איז זיך שוין געגאַנגען אָן מיר. ווען ניט דאָס קינד, וואָלט איך אײַנגענומען סאַם און געלייזט דערמיט אַלע לעבנס־פּראָגן.

דער דאָקטער רײַסט אַרויס די הענט פון די אַרבל און באַמערקט אַפילע ניט, אַז ער האָט פון דאָרטן אַרויסגעשלעפּט זײַנע פאַרלוירענע ברילן.

— איוואַ, צוליב וואָס, פרעג איך אײַך, דאַרפט איר אָט דאָס אַלץ אָף זיך אויסטראַכטן? איוואַ, איוואַ, האַלעווײַ וואָלט איך אײַך בעסער ניט געקענט...

זי שווײַגט אַ רעגע, הערט זיך צו, ווי מע פירט דעם באַלעגאָלע אין זאַל אַרײַן, ווי אַלעק־סאַנדער שרײַט: „אַהער זעצט אים אַוועק! דאָס פאָלק דאַרף זיצן אויבנאָן!" און דערנאָך ענט־פערט זי:

— איליאַ איליטש, איר קענט מיך ניט!

— האַלעווײַ וואָלט איך אײַך טאַקע ניט געקענט.

ער זאָגט עס מיט אַזאַ קאַס, אַז זי טוט צו אים אַ שמייכל:

— קומט צום טיש, לאָמיר אויסטרינקען פאַר גוטפרײַנטשאַפט, אפילע אַף ברודערשאַפט, אָבער דערנאָך װעלן מיר גיין אַהין...

— צו דאַניִעלן?

זי שאָקלט צו מיטן קאָפּ.

— יאָ. — זי פאַריכט די האַרנאָדלען אין קאָפּ און לאָזט זיך גיין צום טיש. דאָ אָבער דערהערט זיך:

— און מיך לאָזסטו איבער אַליין?

— מאַמע, דו?

— יאָ, איך, די מאַמע. דו ביסט געקומען ניט צו מ י ר, נאָר צו א י ם... און איר זײַט די גוטע, די לײַטישע, די איידעלע... מיך לאָזסטו איבער אַליין?

— מאַמע, דו?

נעכע װאַרפט אַראָפּ פון די קני דאָס באַק־לעמעלע:

— אַ גאַנץ לעבן האָט מיך קיינער ניט באַדאַרפט... — אין איר גאָר שלאַבעריקן קאָל הערן זיך טרערן. — באַ מיר זײַנען די אויגן געװען פול מיט גאַל?.. מיט שלעכטן פײַער? אַזעלכע ביטערע אויגן האָסטו נאָך אינערגעץ ניט באַגעגנט?

זי לאָזט אַראָפּ די באָרװעסע פיס צו דער ערד:

— די מאַמע איז געװען אַ מאַכשייפע?..

— מאַמע!

נעכע שטעלט זיך אויף אַף די פיס:

— יאָ, דאָס בין איך, די מאַמע. זי געפעלט דיר ניט? אַן אָפּגעשוירענע. מ'שערט מיך, װי אַ שאָף, מיט אַ שער. נעם אין מיר, טאַטעשי, נעקאַמע.

— מאַמע!

נעכע גייט, װי אַ בלינדע, מיט אויסגעשטרעקטע הענט, אַף דער טאַטעשי:

— יאָ, איך, די מאַמע... און איר זײַט געװען די גוטע? איך איינע האָב אײַך אַלעמען פאַר־שטערט דאָס לעבן?

— מאַ־מע... איך בעט דיך...

נעכע כאַפּט זי אָן באַ די הענט:

— שװײַג, װער זײַט איר מיר? כ'װיל כאָטש פאַרן טויט װיסן — װער זײַט איר מיר?

— מאַמע?!

און ניט מיט איר קאָל רופט זי:

— איליא איליטש, װאָס שטייט איר פונדערװײַטנס?

— אין פאַמיליע־איניאַנים קאָן איך זיך ניט אַרײַנמישן. נאָר אויב איר דערלויבט?

ער גייט צו, נעמט אָן די קראַנקע פאַר די אַקסל, און קעדיי צוצוגעבן זײַנע רייד מער װאָג און װירדע, רעדט ער צו נעכען אַף רוסיש:

— װאַם נאַדאָ לעזשאַט, לעזשאַט, לעזשאַט אי לעזשאַט*.

די קראַנקע װערט זיך ניט און לאָזט זיך פירן צוריק צום געלעגער.

און װען נעכע זיצט צוריק אַפן דיװאַן, דאָס באַק־לעמעלע איז װידער אַרופגעשפּרונגען און זיך אַנידערגעלייגט באַ איר אַף די קני, זאָגט דער דאָקטער, שוין אַלץ אין רוסיש:

— באַרויִקט זיך, איװאַ גאַװריִלאָװנאַ. כ'האָב דאָך אײַך פריִער געזאָגט, אײַער מוטער איז ניט קיין פּסיכיש־קראַנקע. אירע רעפּרעסיװע רעאַקציעס, און, פאַרקערט, די אַגרעסיװע, גייען פון אַ סאַך סיבעס. צו דעם קומט נאָך צו דער עלטער־פּסיכאָז... דאָס אַלץ, פאַרשטייט זיך, האָט אַ שײַכעס צו פּסיכיאַטריע. אָבער צו...

— און זי קאָן זײַן באַם פולן באַװוסטזײַן?

— אָן שום צװייפל.

— װערט עס נאָך שרעקלעכער...

## XII

דאָ, באַם טיש, אַכוץ גאַװריִעלן און דער מומע ליבע, הערט קיינער ניט, װאָס אין יענעם װײַטן װינקל צװישן די פיקוסן, באַם דיװאַן, קומט פאָר. דאָ זיצן גאַװריִעלס זין, שניר און איי־ניקלעך, װאָס אַף אַלדאָס נײַס און פרעמדס שיסן זיי מיט די אויגן, גאַפן מיט אָפענע מײַלער: אַלעקסאַנדערס סיגנעטן אַף ביידע הענט, איװעס פּאַװע־פעדער אַף דער הוט, און דער דריטער, מיט אַזאַ שיינער באָרד, אַ דאָקטער?.. דעריקער — זיי ריידן צװישן זיך רוסיש. איינמאָל האָט

* — איר דאַרפט ליגן, ליגן, ליגן און ליגן.

אפילו דער דאָקטער גערעדט מיט איוון אף גאָר אַן אומפאַרשטענדלעכער שפּראַך, ווי מ'איז דערנאָך געווירע געוואָרן — אף לאַשנקוידעש. אין הויף האָט קימאַט בא אלעמען אָפּגענומען דאָס לאַשן. אָבער, ווי קינדער, וואָס צום אָנהייב פאַרשעמט מען זיך פאַר א פרעמדן מענטשן, מ'פאַרוקט זיך אין די ווינקלען אריַין, און שפּעטער, ווען מ'ווערט צוגעוווינט, היימישער, פאַר־געסט מען שוין אַן יעדער מין מעכיצע, אַזוי אויך איצט, דאָ באַם טיש, נאָך די בעכערס בראַנפן און די הייסע געקעכטסן. פריִער האָט דער טאַטע — „גאַווריִעל דער פּערצנטער" — פון צײַט צו צײַט אופגעהויבן די ברעם, באַזונדערס אף ביילען, געגעבן דערמיט צו וויסן: פירט זיך שטילער. אָבער ווי נאָר צו זײַן אויער איז דערגאַנגען נעכעס קאָל, האָט ער געלאָזט אלעמען פירן זיך באַם טיש פראַנק־און־פריַי.

און דער אָדלער אלעקסאַנדער לאַנדע האָט זיך אראָפּגעלאָזט צו די הינער — צווישן די שוואָגערס און שוועגערנס, געשפּאַסט מיט די פלימעניקעס און באַזונדערס מיט די פלימעניצעס, מיט די דערוואַקסענע מוידן, און ווען דאָס ביסל וויצן און כאָכמעלעך האָבן זיך בא אים אויס־געלאָזט, האָט ער זיך דערמאָנט אָן דעם באַלעגאָלע און אריַינגעפּירט יענעם אהער פון דער קיך:

— דאָס פאָלק דאַרף זײַן אויבנאָן. אפן פאָלק איז הײַנט א יאָקרעס... אָט אהער, לייזער!

דער באַלעגאָלע איז אריַין אין דער ברייטער טיר מיט א זײַט. און, ניט געקוקט אף דעם, וואָס דער קאָפּ איז אים ווי אריַינגעקלאַפּט געוואָרן צווישן די אַקסל ביז צו די אויערן, האָט ער זיך פאַרט אָנגעשטויסן אין דעם אייבערשטן באַלקן, און דער שפּיצעכיקער יאַלעם איז אים אראָפּגעפאַלן, — רופט עס באַם טיש ווידער ארויס א געלעכטער.

אלעקסאַנדער לאַנדע, וואָס דאַרף אומעטום, ווו ער זאָל זיך ניט געפינען, מיט עפּעס זיך ארויסשטעלן און זיך באַרימען, ווי נאָר ער האָט דערזען, אַז זײַן באַלעגאָלע נעמט אַזוי אויס און מאַכט אַזאַ רוישעם, האָט ער גאָר אופגעלעבט:

— איר האָט שוין אַזעלכעס געזען? — איר האָט שוין אַמאָל געזען אַזאַ מאַפּעלע?

נאָך בא דער ערשטער באַגעגעניש — בא דעם בערעזעוון וועלדל — האָבן אלע געווּנדערט די אופמערקזאַמקײַט אפן באַלעגאָלע. די באַיאַרס קאָן מען ניט פאַרכידעשן מיט גרויסוווקסי־קײַט, מיט ברייטפּלייציקײַט, מיט גרויסע בערד און רויטע פּענעמער. זיי זײַנען אליין אויך, ניט צו פאַרזינדיקן, אין לײַב. נאָר אָט דער באַלעגאָלע איז אפילו פאַר זיי, פאַר די באַיאַרס, אַן אויסנאַם. די שוואַרצע באָרד מיט א סאַך שפּיצן, וואָס איז, דוכט זיך, קיינמאָל ניט צעקעמט געוואָרן, — זי פאַרנעמט דאָס גאַנצע פּאָנעם און וואַקסט פון אונטער די אויגן ארויס. די הענט דערגרייכן קימאַט ביז צו די קני. באַזונדערס האָבן געוווּנדערט די שלעפּעריקע בלויע אויגן.

— שווער, זעצט אים אוועק אויבנאָן, קאַוועד דעם פאָלק!..

דער באַלעגאָלע קוקט מיט די בלויע אויגן אף דעם גרויסן אָנגעשטעלטן טיש, טוט א הילכיקן שלונג, און דערנאָך, ניט ער בייגט זיך אָן, נאָר זעצט זיך צו אף די שפּיצפינגער, הייבט אוף און טוט אָן דאָס אראָפּגעפאַלענע היטל.

גאַווריִעל טוט א קלער: „ניט קיין רירעוודיקער, נאָר א גוואַר, אַזאַ מענטשן וואָלט איך באַדאַרפט האָבן". ער דערלאַנגט דעם באַלעגאָלע צוויי פינגער:

— שאָלעם־אַלייכעם. ווי רופט מען אײַך?

— מיך? לייזער רופט מען מיך. אשמעדײַ... ווי איר ווילט, אַזוי רופט מיך.

גאַווריִעל באַיאַר הייבט אונטער אף אים איין ברעם:

— וויאַזוי? אשמעדײַ?

— שווער, — קוועלט דער אײדעם, — ווי געפעלט אײַך דאָס מאַפּעלע?

גאַווריִעל, פאַרטראַכטערהייט, רוקט צו א בענקל דעם באַלעגאָלע:

— ווי האָט איר געזאָגט רופט מען אײַך, אשמעדײַ?.. זעצט זיך, רעב לייזער, נעמט א ביסל בראַנפן. איר קאָנט טרינקען פונעם בעכער, פון א גלאָז, אפילו פון דער פלאַש. טרינקט און זאָל אײַך ווויל באַקומען.

— זעסט, לייזער, — זאָגט צו אים אלעקסאַנדער, — דו האָסט נאָך ניט געוואָלט פאָרן.

גאַווריִעל פרעגט באַם באַלעגאָלע:

— וואָס זשע, אַזאַ ייִד, קיין אײַנהאָרע, ווי איר, האָט מוירע געהאַט ארויסצופאָרן פון שטאָט?

— האָדי, נו, מוירע? כ'בין געבליבן אָן דעם פערד...

— אײַערע פערד זײַנען דען קיין פערד ניט? דער בולאַנער איז גאָר א שיין פערד. כ'קאָן אים בא אײַך אָפּקויפן.

— די פערד זײַנען זייערע, די לאַנדעס.

— א באַלעגאָלע אָן פערד? וואָס זשע, אײַערע פערד האָט איר פאַרטרונקען?

— האָדי, נו... פאַרטרונקען.

— ווו זשע דען זײַנען אײַערע פערד?

— בא דער שטאָט.
— כ'פאַרשטיי אײַך ניט. — און גאַווריִעל נעמט צו די פלאַש בראַנפן באַם אײדעם, וואָס וויל אָנגיסן אין גלאָז, און טרעפט אין כריין אַרײַן.
— שוועגער, איר מיינט, אַז איך בין שיקער? כ'קאָן דורכגיין אַף איין ברעט...
— זעץ זיך אַוועק, וועסט שוין באַלד ניט קאָנען שטיין אַף די פיס. וואָס זשע, רעב לייזער, די שטאָט האָט בא אײַך צוגענומען די פערד?
אַלעקסאַנדער ווישט די אויגן, וויגט דעם פולן גוף אַף די דינע פיס:
— די פערד זײַנען בא אים געפייגערט...
— וואָס זשע איז דאָ, אַלעקסאַנדער, דאָס געלעכטער?
— שוועגער, די פערד זײַנען ניט בא אים געפייגערט... דאָס הייסט בא אים, נאָר זיי זײַנען ניט זײַנע... זיי פייגערן ניט בא אים, נאָר בא דער שטאָט. בא אים פייגערן ניט קיין פערד, זיי פייגערן בא דער שטאָט... אַלע מאַנטיק און דאָנערשטיק פייגערן בא אים די פערד...
— האַדי, נו, פערד? וואָנצן קויפן זיי מיר, ניט קיין פערד.
דער באַלעגאָלע פאַרכידעשט ווידער אַלעמען. ניט כאַלילע מיט דעם, וואָס ער האָט שוין דאָרט, אין קיך, גענומען א גוטן טרונק בראַנפן און אַצינד טרינקט ער פון א דינער גלאָז. דאָס מאַכט בא די באַיאַרס קיין רווישעם ניט. טרינקען קענען זיי אויך. זיי כידעשט דער אויפן פונעם טרינקען. דער באַלעגאָלע טרינקט מוירעדיק לאַנגזאַם, קימאַט טראָפּנווײַז, קוויקט זיך מיט יעדן טראָפּן באַזונדער. ס'דוכט — ער טרינקט נאָך ניט, טרינקען וועט ער ערשט שפּעטער. דערווײַל פאַרזוכט ער ערשט. די גלאָז בראַנפן וועט בא אים אַוועקגיין אַף צו פאַרזוכן.
— אַזאַ טרינקען, — זאָגט גאַווריִעל, — קאָן פּריטשמעליען אַפילע אַן אָקס.
דער באַלעגאָלע וועגדט אַף קיינעם ניט קיין אַכט. ער שטעלט זייער פּאַרזיכטיק אַוועק די גלאָז אַפן טיש, ווישט אויס מיטן אַרבל דאָס מויל און נעמט שמעקן א הערעטשענע לאַטקע.
— פערד? — כאַזערט ער איבער, — וואָנצן קויפן זיי מיר, ניט קיין פערד. אַמאָל האָב איך געהאַט פערד... מײַנע, אייגענע.
— וואָס עמעס איז עמעס, — אַלעקסאַנדער לאַנדע האָט שוין לאַנג אַזוי ניט געלאַכט, — כ'האָב אויך געהערט, אַז אַמאָל האָסטו געהאַט אייגענע פערד. נאָר דאָס איז נאָך געווען פאַר דעם ערשטן ווײַב?
— האַדי, נו, — טוט א ברום דער אשמעדײַ.
— אַמאָל, — נעמט אַלעקסאַנדער דערציילן מיט א געמאַכטער ערנסטקײַט, — נאָך יינגל־ווײַז, איז ער געווען א מענטש אין קלייט, בא מײַן מאַמען. ער האָט שוין דעמלט געקאָנט נעמען צוויי טיוקעס אַף די פּלייצעס. ער האָט גאַנץ שיין פאַרדינט. אויסגעהאַלטן א מאַמע אַן אַלמאָנע, געהאָדעוועט די קלענערע ברידער און שוועסטער. ער האָט זיי אַלעמען געמאַכט פאַר מענטשן — פאַר שוסטערס און שנײַדערס, איינער איז אַפילע א זייגערמאַכער. ער האָט כאַסענע געמאַכט אַלע שוועסטער.
— שיין פון זייער זײַט. — זאָגט די מומע ליבע.
— זאָג איך דאָך אויך דאָס זעלבע. דערנאָך איז ער געבליבן אַליין מיט דער מאַמען. די מאַמע זײַנע האָט מען גערופן — די לילים... זי האָט אַמאָל געשלאָגן א סטראַזשניק אינמיטן זונטיק אין קלויסטער. מ'דערציילט, אַז זײַן מאַמע האָט באַנאַכט געקאָנט אַרײַן אין אַלע פאַר־שלאָסענע קלייטן...
— אַלעקסאַנדער, — שטעלט אים אָפּ גאַווריִעל, וואָס זיצט פאַרטראַכט, מיט א געקנייטשטן שטערן, — אָפּשײַ פאַר א ייִדן מיט א באָרד.
— שוועגער, ער הערט דען, וואָס מ'רעדט? גיט א קוק, ער האָט שוין פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אַף דער האַנט און שלאָפט. ער שלאָפט דאָך שוין! א מענטש שלאָפט אָפּ א לעבן. ער קאָן שלאָפן אַפילע שטייענדיקערהייט. מיר דוכט, ער האָט אַפילע די זון ניט געזען... און ער דאַרף זי ניט. אַף אים קאָן מען זאָגן: ניט ס'לעבט א מענטש אַף דער וועלט, נאָר ס'שלאָפט א מענטש אַף דער וועלט... נאָר, צוריק געדעדט, וועגן וואָס האָט ער צו טראַכטן? אַז ער איז בא הײַנטיקן טאָג דאָס אייבערשטע פון שטייסל — דאָס פאָלק! אַלע אינטעליגענטלעך כאַנפענען אים, קראַצן אים די פיאַטעס, טאַנצן אַרום אים, פוצן אים און קעמען אים, שמירן אים מיט פּאָמאַדע און שפּריצן אַף אים מיט אָדעקאָלאָן... מעג ער זיך רויִק שלאָפן, וועגן וואָס דאַרף ער זאָרגן?
— וואָס הייסט, וועגן וואָס? — פרעגט די מומע ליבע. — זיי האָבן דאָך א ווײַב מיט קינדער. בעסער — ערגער, נאָר די נעשאָמע קאָן מען ניט אויסשפּײַען. ווער זאָרגט פאַר זיי?
— אַלע זאָרגן פאַר אים...
— ווער זײַנען דאָס בא אײַך דאָרטן די זאָרגערס, די באַזאָרגעס און פאַרזאָרגערס?

— איר זײַט שיפּרעס מאמע?.. שטערט ניט! פאַרן אַשמעדײַ זאָרגן אַלע... פֿייגערן באַ אים די פערד, טראַכט וועגן דעם מײַן טאַטע. ער — שלאָפֿט. דאָס ווײַב קומט צו לויפֿן שאַבעס פאַרן לייענען אין בעסמעדרעש אַרײַן מיט אַ גוואַלד: ייִדן, בניי־ראַכמאָנים, אַ שטוב מיט קליינע קינ־דער שטאַרבן פֿון הונגער... וואָס זשע בלײַבט צו טאָן? קויפֿט מען אים ווידער אַ פערד. איר זאָלט זען, אַז ער פֿאָרט אַרויס מיטן נײַעם פערד אין שטאָט אַרײַן, שרײַט מען אים פֿון אַלע גאַסן, פֿון אַלע קלייטן, פֿון אַלע גאַנעקעס און פענצטער: אַשמעדײַ, שרײַט מען, אַ רוער אין דײַן טאַטן און מאַמען אַרײַן, טרײַב ניט אַזוי דאָס פערד... האַ, שווער?

גאַווריִעל, די גאַנצע צײַט אײַן ברעם אונטערגעהויבן, טוט צעשטרייט אַ שמוך:

— יאָ, יאָ, אַ פּאַטיעטשע טאַקע... שטאָט־פערד.

— אַ קעסטקינד באַ דער וועלט. — דער אײדעם פֿאַלט שיר פֿון בענקל ניט אַראָפּ. — מ'האָט אים צוגעווינט צום אַלעם גרייטן... אַז זײַן מאַמע, דווירע די לילים, איז געשטאָרבן, איז אים שוין געווען אַריבער די דרײַסיק. קיין איין מיידל האָט פֿאַר אים ניט געוואָלט כאַסענע האָבן — זיי האָבן מוירע געהאַט פֿאַר זײַן וווקס און פֿאַר זײַן וואָג...

די ווײַבער פֿאַרשטעלן מיט די הענט די מײַלער און שטיקן זיך פֿון געלעכטער. די יונגע שנור סטיטשע פֿאַררייטלט זיך, און די מוידן ווייסן ניט, וווהין די אויגן אַהינצוטאָן. באַ דער מומע ליבע פֿאַרשווינדט פֿון די ליפּן אַפֿילע דער כויזעק־שמייכל. זי הייבט זיך אויף און גייט אַוועק פֿונעם טיש. זי גייט אַהין, הינטער די פּיקוסן, צום דיוואַן. זי הערט שוין פֿון לאַנג — עפּעס קומט דאָרט פֿאָר. גאַווריִעל ווינקט צו דער שוועסטער: זאָל זי טאַקע גיין זען, וואָס טוט זיך עס מיט נעכען. און אַפֿן אײדעם הייבט ער אויף אויך די צווייטע צעשויבערטע ברעם:

— אַלעקסאַנדער, זאָל זײַן גענוג. ס'זיצן קינדער באַם טיש.

— נייִן, שווער, איר מעגט עס האָרכן. ער שלאָפֿט דאָך... נו, און די מיידלעך זײַנען שוין אַוועק. ער וואָלט געוויס פֿאַרבליבן אַפֿן גאַנצן לעבן אָן אַ ווײַב. ווער וואָלט אים גענומען, אַזאַ מעגושעם, אַזאַ בער? נאָר דאָ האָט זיך אונטערגעכאַפּט דער שוויגערס ברודער, רעב אַבוש, און פֿאַרגעשלאָגן אַ שידעך. מײַן טאַטע האָט זיך אויך אַרײַנגעלייגט אין דעם שידעך, געמאַכט פֿאַרן אַשמעדײַ אַ נאַדן. געקויפֿט אים אַ שטוב, און מ'האָט אים פֿאַרשלייערט... מ'זאָגט, אַז ער איז דער־נאָך געשטאָרבן נאָך אירע טריט.

— ער האָט געהאַט מיט איר קינדער? — פֿרעגט גאַווריִעל, ניט אופֿהייבנדיק די אויגן.

— אין דעם, שווער, ליגט דאָך די ראָזשינקע... אים גיט מען ווײַבער מיט גרייטע קינדער. די ערשטע, דערציילט מען, איז געווען אַ שיינהײַט. זי איז אַלט געווען אַ יאָר זיבעצן, נאָר זי איז שוין געווען אָף דער צײַט... כאַ־כאַ־כאַ... ער איז געבוירן געוואָרן, דער אַשמעדײַ, אין אַ זײַדן העמדל... אַלץ האָט ער באַקומען גרייטס...

דער באַלעגאָלע, פֿאַרוואָרפֿן דעם קאָפּ אָף דער אונטערגעשטעלטער האַנט, די באָרד צו דער סטעליע, דאָס מויל אָפֿן, די נאָז פֿײַפֿט — אַלע זײַנען זיכער, ער שלאָפֿט, — הייבט ער זיך מיטאַמאָל אויף, דער אַשמעדײַ, און, ניט אופֿעפֿענענדיק די אויגן, טוט ער אַזאַ זעץ מיט אַ פֿויסט אין טיש אַרײַן, אַז אַלע קיילים נעמען שפּרינגען מיט הילך און געקלאַנג פֿון טיש אַראָפּ.

— סוואָלאָטשעס, איר לאַכט נאָך? — און צום פֿאַבריקאַנט: — הער, דו, אויב דו וועסט נאָכאַמאָל דערמאָנען מיט איין שלעכט וואָרט א י ר נאָמען, פֿלעט איך דיר אָפּן אָרט דעם קאָפּ און האָדי...

פֿון הינטער די פּיקוסן דערטראָגט זיך איוועס דערשראָקן־בעטנדיק קאָל:

— מאַמע!

— גיי אַוועק פֿון מיר... איך בין געווען די מאַכשייפֿע? באַ מיר איז געווען גאַל אין די אויגן? אַזעלכע אויגן האָסטו באַ קיינעם ניט געזען?

איר קאָל דערנענטערט זיך:

— ליבע, לאָז מיך. ווער זײַט איר מיר? כ'פֿרעג, ווער זײַט איר מיר?

פֿון גאַווריִעלס פּאָנעם זײַנען אָפּגעלאָפֿן אַלע בלוטן. ער הייבט זיך אויף, ס'איז שוין אָבער צו שפּעט — צום טיש, אין דעם לאַנגן העמד, אַ באָרוועסע, מיט דעם ווײַס־אָפּגעשווירענעם קאָפּ, גייט דאָס ווײַב. גאַווריִעל לאָזט זיך אַנטקעגן און בעט זיך באַ איר:

— נעכע, נעכע!

אין אירע אויסגעברענטע אויגן הייבט זיך אָן ווי צו רייכערן. דאָס רייכל אין די אויגן ווערט געדיכטער און שווארצער, און אינגיכן שלאָגט אַרויס אַ פֿײַערל.

גאַווריִעל, פֿאַרלוירן און דערשלאָגן, בעט זיך באַ איר שטיל:

— נעכע, נעכע...

זי אָטעמט זייער שווער און רעדט קוים אַרויס:

— גאַווריִעל, שרעק זיך ניט, גאַווריִעל... איך האָב אַזויפֿיל יאָרן געשוויגן, וועל איך פֿאַרן

טויט אוואדע שוויַיגן... זאָל דיר גאָט פאַר אַלץ באַצאָלן!.. פאַר מיר, פאַר אים... — זי וויַיזט אָן מיטן לאַנגן געלן פינגער אַפן אַשמעדיַי... — פאַר אונדז האָסטו, גאַווריִעל, איבערגעלאָזט די כּאַרפּע, דעם ביזויען...

— נעכע, נעכע!

— איך שוויַיג. גאַווריִעל, איך שוויַיג...

אין הויף צעבילן זיך די הינט. גאַווריִעל ווארט ניט, ביז עמעצער וועט גיין א קוק געבן, ווער ס'גייט דאָרט. ער לאָזט זיך אליין צו דער טיר. אין דער רעגע האָט ער פון פולן הארצן געבענטשט דעם אָנגעקומענעם — ווער ס'זאָל דאָרטן ניט זיַין. יענער האָט אים געגעבן די מעג־לעכקיַיט ארויסצוגיין פון שטוב.

ער שטייט, גאַווריִעל באַיאַר, פאַרשלאָגן אין א ווינקל פונעם הויף. די סאַפּהאַרבסטיקע נאַכט איז א שטאָקפינצטערע און א שאַרף קאַלטע. נאָר דער הימל איז זייער אויסגעשטערנט. אין טויער קלאַפּט מען אַלץ שטאַרקער. די הינט רייַסן זיך פון די קייטן. אין די שטאַלן פּריכען די פערד איבער די קאַרעטעס האָבער. ס'ציט פון דאָרטן מיט ווארעמען הני, מיט קאַנישינע און מאַקוכע. גאַווריִעלן דערמונטערן די רייכעס. די קעלט פרישט אים אָפּ דעם קאָפּ. ער פאַרייכערט דעם ציבעק. ער איז ניט אין קאַס, ער איז שוין אַפילע רויִק. אָן פאַרדראָס טראַכט ער וועגן דעם וויַיב. פילט אַפילע צו נעכען א טיפן ראַכמאָנעס: זי איז אויך ניט שולדיק, וואָס פאַר א טיַינעס קאָן איך האָבן צו איר? נו, און וואָס בין איך שולדיק? מיט וואָס האָב איך זיך דאָ פאַרזינדיקט? איך האָב דען אזוי געוואָלט? איך האָב דען אזוי געמיינט? פערציק יאָר פון מיַין לעבן האָט נעכע צוגעצומען, פערציק יאָר. אזעלכע שיינע און געזונטע יאָרן... ווער וועט זיי מיר אומקערן, ווער וועט זיי מיר אָפּגעבן? און צום סאָף — „פאַר אונדז האָסטו איבערגעלאָזט די כּאַרפּע, דעם ביזויען“... איך האָב דען אָפּגעגעבן עטלען דעם דאָזיקן באַלעגאָלע?.. איך האָב דען ניט געוואָלט געבן נעכען א גאָט? איך האָב דען ניט געוואָלט צונעמען די קינדער און איבערלאָזן נעכען דאָס גאַנצע גוטס? כ'האָב געוואָלט ארויס א באַרוועסער, אין איין העמד. האָט מען מיך געמאַכט פאַר א מעשוגענעם... מ'האָט מיך געפירט א געבונדענעם אין וואָגן צום רעבן... און יענץ פערד, דער צאַדיק, די ערד זאָל אים דאָרט ארויסוואַרפן, האָט געטריבן פון מיר דעם דיבעק...

אין טויער קלאַפּט מען מיט די פיס. גאַווריִעל רירט זיך ניט פון אָרט. אין בערעזעוון ווּעלדל שווימט מיטאַמאָל פון ערגעץ אַריַין א האַלבע לעוואָנע און ווערט באַלד צוריק פאַרפאַלן.

גאַווריִעל באַיאַר קרעכצט, ווי דער נאַקעטער סאָד אַפן ווינט. דער שאַרפער קאַלטער ווינטער דערקלייַבט זיך צו אים. די ערד איז שווארץ, נאָר אין די ווינקלען פון דעם הויף, בא די הויכע פּלויטן וויַיסט זיך — ס'הייבט אָן צו ווייען. אויב דער שניי קומט באַנאַכט, — גייט אים דורך אין געדאַנק, — וועט ער שוין בלייַבן ליגן. האָט מען דאָרט נעכען באַרויִקט? האָט אַלעקסאַנדער געבראַכט אהער דעם באַלעגאָלע אומישנע? איז דאָס אַלץ פון פריִער צוגעגרייט און פאַרטראַכט געוואָרן? און פון ווּעמען האָט ער, אַלעקסאַנדער, זיך געקאָנט דערוויסן עס? אַכוץ אַבושלען ווייסט וועגן דעם קיין לעבעדיקער מענטש ניט. א סוואָרע, אז אַבושל האָט זיך פאַר אים ארויסגעכאַפּט מיט א וואָרט? ס'לייגט זיך ניט אַפן סייכל. אַבושל וואָלט וועלן זען מיַין בלוט, נאָר אַף זיַין שוועסטער וועט ער קיין בלאָטע ניט גיין ווארפן...

אין טויער קלאַפּט מען מיט א שטיין. ענדלעך צעטריַיבט גאַווריִעל די הינט און עפנט דאָס טירל. פאַרן טויער שטייט א מענטש אָן א היטל, אָן א מאַנטל — ס'איז צו זען, דער מענטש האָט זיך פון שטוב ארויסגעכאַפּט ווי ער שטייט און גייט. גאַווריִעל דערקענט אים: דאַניִעלס כאַוער, דער קלעזמער, דער לעץ, וואָס מאַכט פון אַלץ און פון אַלעמען כויזעק. דאָס האָט ער אַמאָל, צוויי שאָ פאַר דער כופע, געהאָלפן איוועקן אַנטלויפן פון שטוב... און שפּעטער מיט א פאָר יאָר האָט ער יִיצכאָקס מיזינקע, כיירוסן, אויך געהאָלפן אוועק פון דער היים. וויאַזוי לאָזט עס אים יִיצכאָק איבערצוטרעטן די שוועל פון זיַין שטוב?

גאַווריִעל באַהאַלט דעם ציבעק:

— פונוואַנען טראָגט עס איַיך אין אַזא הוילעך אינמיטן דער נאַכט?

— פון יִיצכאָקן, — ענטפערט אַקיווע. — צו איַיך זיך דערקלאַפּן איז אַלציינס, ווי קלאַפּן אין די טויערן פון גאַניידן.

אַקיווע קוקט א רעגע אַף גאַווריִעלן. דאָס ערשטע מאָל אין לעבן טרעפט ער זיך מיט אים אָט אזוי־אָ פּאָנעם־על־פּאָנעם, אויג־אַף־אויג.

— וואָס קוקט איר אַף מיר אזוי? — גאַווריִעל האָט גיכער דערפילט איידער באַמערקט אַקיוועס קוק. — וואָס האָט איַיך אהער געבראַכט?

— כ'בין געקומען צוליב יִיצכאָקן. דאָרטן פאַרקאָכט זיך א מיִעסע מיַיסע. נאָר וואָס האַלט איר מיך אַף דער קעלט? — און אַקיווע לאָזט זיך אַפּגיך גיין אין שטוב אַריַין.

— וואָס האָט דאָרטן געטראָפן? — גייט אים נאָך גאוורי̇על. — איר זײַט, דוכט זיך, געקומען צו מיר, טאָ וואָס זשע אנטלויפט איר?

— איך דארף צו איוועך. ווער בושעוועט עס בא אײַך אזוי?

— דער באלעגאָלע האָט זיך אָנגעשיקערט...

דערזען ארײַנקומען אקיוועך, טוט זיך דער באלעגאָלע אזא ריס צו אים, אז די עטלעכע טעלער, וועלכע האָבן זיך אלפינעס נאָך פארהיט אפן טיש, צעשפּרינגען זיך אויך איבער אלע ווינקלען.

— אקיווע, — שרײַט דער אשמעדײַ, — אקיווע, ווי קומסטו אהער? — ער קריכט איבער די בענק און כאפּט ארום אקיוועך.

— טאטע, טאטע, — בעט זיך בא אים ראכמים אקיווע, — וועסט מיר צעברעכן די ביינער.

— האָדי, נו, — לאָזט אים דער אשמעדײַ פון די הענט ניט ארויס, — אקיוועניו, אומעטום ביסטו דאָ, און צו מיר ווילסטו אפילע ניט קומען. מיך האָסטו פארגעסן...

נעכע קוקט זייער אָנגעשטרענגט אף אקיוועך. דערנאָך פירט זי אריבער איר בליק אף גאוורי̇עלן, וואָס איז שטיין געבליבן בא דער טיר:

— איך שווײַג, גאוורי̇על, איך שווײַג... כ'האָב אזויפיל יאָרן געשוויגן, וועל איך פארן טויט אוואדע שווײַגן...

— ניין, — טוט א געשריי גאוורי̇על, — ניין, שווײַג ניט, נעכע, רייד, נעכע, רייד!

— ניין, גאוורי̇על, ניין, זאָג דו, דערצייל דו... איך וועל שווײַגן... איך שווײַג.

זי בלײַבט שטיין אן אויסגעשעפּטע. פון איר פּאָנעם — א קליינינקס, אן אײַנגעצויגן־צעקנייטשטס — פארגייט דער אויסגעבראָכענער צאָרן. די גרינע פּײַערלעך אין די אויגן לעשן זיך. ס'בלײַבן בא איר ווידער גרויסע, טיף אײַנגעפאלענע, ליידיקע, טרוקענע, אויסגעברענטע אויגן. מיטאמאָל דרייט זי זיך אויס צו אלעמען מיטן רוקן און לאָזט זיך גיין צום דיוואן. אפן וועג מאכט זי צו עמעצן מיטן לאנגן, געל־אויסגעדארטן ווײַזפינגער.

דאָס ווײַסע ציגעלע לויפט איר נאָך.

---

XIII

אווראָם, האלב־ליגנדיק, אונטערגעשפּארט מיט קישנס, — פונעם ווייטעק אין פוס מאכן זיך אים אלעמאָל צו די אויגן, — ענטפערט אפן אויספאָרשערס פראגן, ווי א זײַטיקער, ווי איינער, וואָס צו אים האָט עס גאָר קיין שײַכעס ניט. און אויב אפילע יאָ, ארט עס אים שוין אויך זייער ווייניק — וואָס ס'דארף זײַן, וועט זײַן... ער האָט געיארשנט, אווראָם, די אונטערטעניקײַט פון זײַן מאמען. אויב ס'טרעפט א צאָרע אָדער עמעצער באגייט קעגן איר אן אוולע, טוט זי א ברען, נאָר באלד, דערפילנדיק איר אָנמאכט און וויסנדיק, אז אלץ איז פון גאָט און פאר אלץ וועט ער אָפּצאָלן, גיט זי זיך אונטער. „דער שטילער זומער" ווערט מיט אלץ אײַנשטימיק און גייט ווײַטער שטיל אין איר יאָך. אָבער וואָס מער גלײַכגילט ס'איז אין אווראָמס קאָל, אלץ בלאסער ווערט זײַן פּאָנעם. „דער שטילער זומער" שטייט בא זײַן צוקאָפּנס, בעט אין הארצן בא גאָט: „שרעק מיך, נאָר שטראָף מיך ניט", און ווישט אלעמאָל אָפּ מיטן פארטעך די גרויסע טראָפּנס שווייס פונעם זונס שטערן.

דאני̇על זיצט נאָך אלץ צופוסנס באם ברודער — די פינגער פארוקט אין דעם קאָפּ האָר, א צעוויכערט־צעשויבערטער. פון אָנגעשטרענגטקײַט און פון די צונויפגעפּרעסטע ציינער ציטערן בא אים די קינבאקן. ער קאָן נאָך אלץ ניט אָנכאפּן דעם פאָדעם:

— וואָס וויל ער, דער זשאנדארם, וווהין פירט ער?

אין שטוב שטייט א שווײַגנדיקער פּאכעד. דאני̇עלן דוכט: דער פּאכעד פון דוירעס, וואָס האָט זיך אָנגעזאמלט אין דער קאלטער קרעטשמע, קריכט איצט פון צווישן די ווענט ארויס. די ליכט דערברענען. די קנויטן פאלן אין דעם צעשמאָלצענעם כיילעוו ארײַן, בעשאסן פאלן טוען זיי דאָס לעצטע מאָל א העלן פלאקער און ווערן אויסגעלאָשן. דער לאָמפּ, אָן א היטעלע, ברענט מיט א שפּיץ, דורך דעם האלב־שווארצן גלעזל גייט א טשאדנדיקער רויך. אין דער אייבערשטער טאפּליע באווײַזט זיך אף א רעגע א שטיק לעוואָנע. אָט־אָ די נאכט דארף ער פארגעדענקען. אָט־אָ די נאכט וועט ער מאָלן... זײַן געדאנק איז אָבער איצט פארנומען מיט איינס:

— וואָס וויל דער זשאנדארם? וואָס דארף ער דאָ?

און דער הויכווילגעבורט, א צערייצט־אופגעבראכטער, שטייט מיטן רוקן צו אלעמען, דעם רעכטן פוס אף דער באנק, דעם עלנבויגן אף דער קני און רייכערט איין פּאפּיראָס נאָכן צווייטן. דער רועך זאָל עס נעמען. מ'דארף וואָס גיכער מאכן א סאָף מיט אָט דעם נעפעש.

פאַרנדיק אהער, איז דער אויספאַרשער זיכער געווען: פאַר א האלב שאָ וועט ער פארקאָכן דעם איניען. נאָר אָט מאַטערט ער זיך מיטן טאַמעוואַטן נעפּעש שוין העכער דרײַ שאָ און האָט זיך נאָך פון אָרט ניט גערירט. דוכט זיך, שוין אלץ געפּרוווט, שוין אָנגענומען אלע מיטלען — לאַנג געשוויגן, געמאַכט א שיפּענדיק קאָל, געפינקלט מיטן גאָלדענעם צאָן און, דעריקער, געדריקט אַף זיי מיט זײַן קוק. נאָר אפילע יענער קוק זײַנער, וועלכן די כאַווײרים לויט דער דינסט זײַנען אים אזוי מעקאַנע, האָט צו גאָרנישט ניט געבראַכט. דאָ, זעט ער, וועט מען מיט בייזן גאָרנישט ניט אופּטאָן. וועט ער, איוואַן פיאָדאָראָוויטש, פּרווון מיט גוטן. דעם נעפּעש מוז מען פארפלאָנטערן. זאָל ער זיך מוידע זײַן בלויז אין א פּאָר קליינִיקײַטן. דאָס איבעריקע וועט ער שוין „דאָרטן" אלץ אונטערשרײַבן...

דער זשאַנדאַרם טוט א וואָרף דעם פּאַפּיראָס, זעצט זיך אוועק צוריק צום טיש און רוקט אָפּ פון זיך אלע פּאַפּירן:

— לאָמיר זיך דאָ פאַנאַנדערקלײַבן רויִק...

דאניִעל זעט: די צוויי גריבעלעך אײַז שמעלצן זיך.

דער הויכווילגעבורט ווענדט זיך צו אווראַמען זייער מילד:

— צו דיר פּערזענלעך, פארשטייסטו דאָך אליין, האָב איך גאָרניט, וואָס קאָן איך צו דיר האָבן?

— איך ווייס? — זאָגט אווראָם.

— דו, אוורום איצקאָוויטש, — פרעגט דער אויספאָרשער גוטברודעריש, — האָסט דאָך צו מיר אויך גאָרניט?

— וואָס קאָן איך האָבן צו אײַך? איך זע אײַך דאָס ערשטע מאָל אין לעבן.

— אָט זעסטו, אוורום איצקאָוויטש, מיר האָבן איינער צום אנדערן גאָרניט. איך בין אָבער א סאָלדאַט. דו ביסט געווען א סאָלדאַט, און דו ווייסט דאָך: וואָס דער קאָמאַנדיר באַפוילט, דאַרף מען אויספילן. א באַפעל, ווייסטו דאָך, איז א געזעץ. אזוי, צי ניט אזוי?

— יאָ, אזוי...

איוואַן פיאָדאָראָוויטש רעדט גאָר פרײַנטלעך:

— איך פיל אויך אויס א באַפעל. לאָמיר זיך פאַנאַנדערקלײַבן רויִק. עפּשער האָסטו עפּעס פארגעסן? וועלן מיר זיך דערמאָנען! זייער מעגלעך, אז דו האָסט אָן עפּעס פארגעסן. געווען אזוי לאַנג אין וועג. א פארוווּנדעטער, מיט א קראַנקן פוס. דײַנע פּאַרדינסטן וויל קיינער ניט פאַר־מינערן. מיר וועלן נעמען אלץ אין אכט. ריכטיק, אפאַנאַסי לוקיטש?

דער פּריסטאַוו, וואָס שטעלט נאָך אלץ צונויף דעם אקט און קאָן זיך קיין אייצע ניט געבן מיט דער הענטל־פען — זי דרייט זיך און גליטשט זיך בא אים צווישן די קורצע פעטע פינגער, — ענטפערט:

— טאַק טאָטשנאָ. איך קען אים פון לאַנג. געווען א שטיל ייִנגל...

— געווען אמאָל... — פאַריכט אים דער אויספאָרשער. — שרײַב ווײַטער!

דער פּריסטאַוו כאַפּט זיך: עפּעס האָט ער דאָ געזאָגט ניט דאָס, וואָס מ'דאַרף. נעמען די גרינע אָדערלעך אַף דער פליישיקער רויטער נאָז קריכן אַף אַרוף.

— געווען אמאָל... טאַק טאָטשנאָ.

— מיר וועלן עס, אפאַנאַסי לוקיטש, נעמען אין אכט.

דער זשאַנדאַרם שפּאַנט איבער דער שטוב — א לאַנג־אויסגעבויגענער שאָטן באַוועגט זיך איבער דער וואַנט, לויפט אַף דער סטעליע אַרוף. די נעזער פון די שטיוול בליאַסקען אין דער האלב פינצטערער שטוב. ער רעדט לאַנגזאַם און ווי צו זיך אליין:

— יאָ, וואָס איז דאָ צו ריידן? שווער געווען צו שפּרינגען אַף די מיליצעס, דאָס רענצל אַף די אַקסל, בא אזא צושטאַנד איז אלץ א מאַסע... און דער קאָטעלאָק? דער קאָטעלאָק קלאַפּט אָפּ די זײַטן... א שווערער וועג. און ס'איז דערצו אָסיען, רעגן, בלאָטעס... א שווערער וועג, וואָס איז דאָ צו ריידן? ס'איז זייער פארשטענדלעך, אז בא אזא צושטאַנד קאָן מען טאַקע ניט פארגע־דענקען קיין דאַטעס... דו ביסט טאַקע גערעכט, א סאָלדאַט לעבט מיט זונטיק, מיט מאָנטיק. ער ווייסט די נעמען פון די טעג פון דעם כוידעש. ס'איז זייער ריכטיק, אוורום איצקאָוויטש, פון קיין דאַטעס ווייסט ניט דער סאָלדאַט...

ער בלײַבט שטיין בא דעם בעט אנטקעגן אווראָמען:

— אָבער דעם טאָג געדענקסטו?

— אקוראַט געדענק איך ניט. ס'איז, דוכט זיך, געווען פרײַטיק און עפּשער — שאַבעס.

— שאַבעס, ס'איז געווען שאַבעס... — זאָגט דער זשאַנדאַרם מיט א מינע, ווי דער דאָזי־קער אונטערשייד אין די טעג האָט פאַר אים קיין שום ווערט ניט. דאָך כאַזערט ער איבער נאָכ־

אמאָל — ס'איז געווען שאבעס. זייער ריכטיק. אין „אוטשאסטאָק" האָט מען דיך געבראכט שאבעס... ס'איז דיר שווער געוואָרן צו ריידן? עפשער דערלאַנגען א ביסל וואסער?

— א דאנק. איך דארף ניט קיין וואסער... — און אווראָם דערפילט מיט אלע כושים: איבער זײַן קאָפּ ווערט פארהייבן א האק, גראָד אין דעם זשאנדארמס שטילע ווייכע רייד לאָקערט די סאקאַנע. דער מארך ברענט אים. ער טוט א פיר די צונג איבער די צוגעשוואָלן־טרוקענע ליפּן. — א דאנק, איך דארף ניט קיין וואסער. אין אוטשאסטאָק האָט מען ניט מיך איינעם געבראכט. מ'האָט פארהאלטן א סאך סאָלדאטן, זייער א סאך סאָלדאטן זײַנען מיר געווען אין אוטשאסטאָק, אלע פארוואונדעטע, אף מיליצעס. דאָרטן האָט מען פארשריבן אונדזערע נעמען, פונוואנען און וווהין ווער עס גייט, און — אָפּגעלאָזט.

— ריכטיק, — באשטעטיקט דער הויכווילגעבוירט. — זייער ריכטיק. אָט זעסטו, דער זיקאָרן איז בא דיר אן אויסגעצייכנטער.

— איך האָב זיך ניט געקלאָגט אף מײַן זיקאָרן.

דער זשאנדארם לאָזט דורך אווראָמס באמערקונג פארבײַ דעם אויער:

— ביסטו געקומען אין שטאָט ארײַן שאבעס גאנצפרי, און דו האָסט זיך אפן וואָקזאל־פּלאַץ אָנגעשטויסן אף א מיטינג? דאָס קאָנסטו דאָך ניט אָפּלייקענען?

דער זשאנדארם פרעגט איבער נאָך ווייכער:

— דאָס לייקנסטו דאָך ניט אָפּ?

— וואָס לייקן איך ניט אָפּ? איך ווייס ניט, וואָס ווילט איר פון מיר?

— דערווײַל, אוורום איצקאָוויטש, גאָרניט. האָבן מיר פעסטגעשטעלט, אז דו ביסט געווען אפן מיטינג יענעם שאבעס אינדערפרי...

— קיין שום מיטינג האָב איך ניט געזען. און אין שטאָט ארײַן בין איך אָנגעקומען ניט שאבעס אינדערפרי, נאָר שאבעס פארנאכט.

— און ווו האָסטו זיך געזען מיט דער שוועסטער?

בא אָט דער פראגע ווערט אווראָם מעוווּלוול. די אויגן ווערן אים אופגעריסן, און ער וויל זיך אופזעצן. ס'פּעלט אים שוין אָבער קויעך, און דער קאָפּ פאלט אים אף דער מוטערס האנט.

דער זשאנדארם פרעגט איבער:

— איז ווו זשע האָסטו זיך געזען מיט דער שוועסטער?

— בא איר... בא דער שטוב...

— וואָס האָסטו גערעדט מיט דער שוועסטער?

אווראָם קוקט פון דער זײַט מיט די אופגעריסענע אויגן און שווײַגט.

— און ווען האָסטו געזען בא דער שוועסטער?

דאניִעל באמערקט: די צוויי פריִער צעשמאָלצענע גריבעלעך ווערן צוריק פארפרוירן, און זיי, די צוויי בלויע גריבעלעך אײַז, בייגן זיך אָן צו אוראָמען:

— דערצייל אלץ. וועגן דעם איז אונדז סײַווי אלץ באוווסט...

אווראָם הייבט אוף דעם קאָפּ פון דער מוטערס האנט:

— כ'האָב זיך קוים דערקליבן צו איר שטוב. כ'האָב זיך שוין קוים געהאלטן אף די מיליצעס.

— דאָס ווייסן מיר שוין. האָסטו, הייסט עס, געטראָפן די שוועסטער אין שטוב?

— ניין... איך האָב זי געטראָפן אין דרויסן...

אווראָם פירט מיט דער צונג איבער די ליפּן. ער קוקט מאָדנע אומבאהאָלפן און דערבײַ שולדיק־דערשראָקן אף דער מוטער, אפן פאָטער. דאניִעל באמערקט אָט־אָ דעם פײַנפולן בליק.

— איך האָב זי געטראָפן... אין דרויסן... זי האָט געפרעגלט אײַנגעמאכטס, אלע קינדער זײַנען געשטאנען ארום דער פאן...

— וועלכע קינדער? וועלכע פאן? — דער לאנג־אויסגעבויגענער שאָטן באוועגט זיך ווידער איבער דער וואנט. — פארייד מיר ניט די ציין. וועלכע קינדער? וועלכע פאן? דו דערצייל מיר וועגן...

דער שאָטן אף דער וואנט בלײַבט שטיין.

— דו דערצייל מיר... — דער זשאנדארם נעמט ארויס א נאָטיץ־ביכעלע, בלעטערט אדורך א פּאָר בלעטלעך. — וועגן כיירוסן... דערצייל.

בא יִיצכאָק באַיארן ווערט דער רוקן מיטאמאָל אזוי אויסגעגלײַכט, אז די ריפּן שפּארן אים ארויס פון הינטער דער ענגער קאפּאָטע. — דער שרעקלעכער קלאָפּ, אף וועלכן ער האָט די גאנצע צײַט געוואַרט, איז דערלאנגט געוואָרן.

„דער שטילער זומער" פארשטופּט מיטן עק טיכל דאָס מויל. פון אירע אויגן ארויס שרײַט א מאמע — אָן א קאָל, אָן ווערטער... דאָס געשריי אָבער הערט די גאנצע שטוב. אפילע דער זשאנדארם דרייט אָפּ דעם קאָפּ. דער פּריסטאַוו שנײַצט הילכיק די נאָז.

בא דאניִעלן קלאמערן זיך איַין די פינגער אין די האָר ביז וויטעק — כּיירוס איז ווידער אין זייערע הענט... נאָר וואָס פאַר א שייַכעס האָט עס צו אווראָמען?

מאַלקע טראָגט אוועק דאָס איַינגעשלאָפענע קינד אין בעט אַריַין. זי וויל אויך צונעמען פונדאַנען דאַניִעלן. זי האָט מורע, ס'זאָל מיט אים כאַסוועשאָלעם ניט טרעפן קיין כאַלאָשעס.

— נו, דערציייל וועגן כּיירוסן.

אווראָם אָטעמט אָפּט:

— יענע שוועסטער האָב איך ניט געזען. שוין א סאַך יאָרן ניט געזען.

ייִצכאָק באַיאָר הייבט זיך אויף:

— יענע איז אים קיין שוועסטער ניט, און מיר איז זי ניט קיין טאָכטער. איר נאָמען ווערט בא מיר אין שטוב ניט דערמאָנט...

דער הויכוווילגעבורט טוט א שמייכל:

— בלויז דערפאַר, וויַיל זי איז אַריבער אין פּראַוואָסלאַוונעם גלויבן? הא, בלויז דערפאַר?

ייִצכאָק באַיאָר בייַסט די שפּיץ באָרד און שוויַיגט.

— האָב קיין מורע ניט, אַלטער, — דער זשאַנדאַרם שטעלט זיך אוועק קעגן ייִצכאָקן, — זי איז אינערגעץ פון דיר ניט אוועקגעגאַנגען. איַיערע קינדער גייען פון איַיך וויַיט ניט אוועק. איר אַריבערגיין אין פּראַוואָסלאַוויע איז אויך ניט מער ווי א ייִדיש שפּיצל... מיר ווייסן, איר זיַיט פייִק אף אַלץ. זי איז אַריבער, דיַין כּיירוס, אין פּראַוואָסלאַוויע, קעדיי צו האָבן אומעטום וווינרעכט. ס'זאָל איר זיַין גרינגער צו בונטעווען קעגן דער מאַכט, פאַרשפּרייטן די קראַמאָלע... זי איז אַזא פּראַוואָסלאַוונע, ווי ער, — וויַיזט ער אף אווראָמען, — איז א פּאַטריאָט. שפּיאָנען זיַינען זיי געווען אפן פראָנט, פאַרקויפטע נעשאָמעס. פאַר דריַיסיק זילבערנע מאַטבייעס האָבן זיי פאַרקויפט דעם יאַפּאָנער אונדזער הייליק רוסלאַנד... האָב קיין מורע ניט, אַלטער, ניט אין קלויסטער אַריַין גייט דיַין כּיירוס, נאָר אף מאַניפעסטאַציעס. זי אָרגאַניזירט מיטינגען, דרוקט פּראָקלאַמאַציעס. פריַיהיַיט וויל זי. וועלכע פריַיהיַיט? נאָך וויייניק פריַיהיַיט האָט איר? איר הערשט שוין, דוכט זיך, איבער גאַנץ רוסלאַנד... וואָס פעלט איַיך, זשידעס? קום, לאָמיר דורכגיין דאָס גאַנצע דאָרף, צען דערפער, הונדערט דערפער, בא וועמען וועסטו טרעפן א שאַכטל שאָקאָלאַד און צוויי פלעשער וויַין אפן טיש? בא וועמען, פרעג איך? דו שוויַיגסט, אַלטער? טאַ־טאַ.

ער דרייט זיך אויס צו אווראָמען:

— און דו, דו ווילסט מיר פאַריידן די ציין? סוקין טי סין. ביסט נאָך צו יונג! אומזיסט אַקשנסטו זיך. מיר ווייסן סיַיווי אַלץ. מיר ווייסן, אַז דו ביסט געווען אפן מיטינג בייס דיַין שוועסטער האָט געהאַלטן די רעדע...

— איך בין דאָרט ניט געווען.

— ביסט דאָרט יאָ געווען. דיַין שוועסטער אליין האָט עס ניט געקאָנט אָפּלייקענען. דו ביסט דאָרטן געווען, און מיר ווייסן אף זיכער: דאָס האָסטו דערלאַנגט מיטן קאָטעלאָק איבערן קאָפּ אַן עכט רוסישן פּאַטריאָט... דיַין קאָטעלאָק האָבן מיר, און ער איז דער בעסטער איידעס. דאָס האָסטו געהאַרגעט א מענטשן!

— איך?

— פאַרשטייט זיך, דו.

אצינד באַקומט ער, אווראָם, קויכעס. אַלע איבֿורים דינען אים. דאָס גאַנצע בלוט שלאָגט אים אין פּאָנעם אַריַין. איבערן לײַב גייט אַזא היץ, אַז דער שוויס פון שטערן ווערט מיטאַמאָל אויסגעטריקנט.

— איך האָב געהאַרגעט?

— דו!..

אווראָם קוקט אפן זשאַנדאַרם, ווי אף א בייז־וווּנדער. אים דוכט זיך אפילע — דער זשאַנדאַרם האַלט זיך ניט אף די פיס, וואַקלט זיך פון איין וואַנט צו דער צווייטער.

— איך האָב געהאַרגעט? — פרעגט ער שטיל איבער. אין זיַין קאָל הערט זיך ניט קיין שרעק, ניט קיין פּאַכעד, ניט קיין אֵיימע, נאָר גרויסע פאַרכידעשטקייַט:

— איך האָב געהאַרגעט? צוליב וואָס?.. און צוליב וועמען?

און וואָס מערער דעם זשאַנדאַרמס רייד דערגייען צו זיַין באַוווסטזיַין, אַלץ מעשונעדיקער, ווילדער, לעפּישער ווערן זיי פאַר אים:

— איך... האָב... געהאַרגעט...

און אין אווראָמען האָט געפּלאַצט דער פּאַכעד. ס'ריַיסט זיך פון אים פּלוצעם אַרויס א פריילעך געלעכטער. ער האָט נאָך קיינמאָל אַזוי ערלעך ריין און געשמאַק ניט געלאַכט:

— איך האָב געהאַרגעט?..

דאניִעל כאַפּט זיך אָן מיט ביידע הענט פאַר מאַלקען, וואָס שטייט לעבן אים:
— שרעק זיך ניט, — זאָגט ער צו איר. — העלף מיר אופשטיין. טאַטע, גיב מיר דײַן האַנט.
ייִצכאָקס רוקן ווערט ווידער אײַנגעבויגן:
— דאניִעל, נעם זיך אין די הענט אַרײַן. מיר האָבן, מײַן זון, א גרויסן גאָט.
דאניִעל ענטפערט ניט. ער איז ניט בלייך, ער איז — ווײַס. די אויגן פאַרלאָפן מיט הייסן נעפּל. די פינגער ציטערן אפן פאָטערס אַקסל. ער, דאניִעל, וואָס איז סאָפּקאָלסאָף צוגעקומען צו דער מאַדרייגע פון א רײַפן קינסטלער — יעדער איינצלנער שטריך, יעדער איינצלנער שמיר מיטן פענדזל האָט אַן אייגן פאַר זיך קיין שום ווערט ניט, פריִער דאַרף מען האָבן פאַרן אויג דאָס גאַנצע, און ווען דאָס גאַנצע איז דאָ, דעמאָלט קומען זיי, די דעטאַלן, אליין, — ער, דאניִעל, שטייענדיק פאַרוואָרפן איין האַנט אַרום פאָטערס האַלדז, די צווייטע אָנגעשפּאַרט אָן מאַלקען, האָט מיטאַמאָל דערזען דאָס גאַנצע...
מאַלקע בעט זיך בא אים:
— דאניִעל, קום, דאניִעל, האָב ראַכמאָנעס.
„דער שטילער זומער“ בעט זיך בא אוראָמען:
— הער אויף, מײַן קינד, צו לאַכן.
דאניִעל ווענדט זיך צו דער מוטער:
— מיש זיך ניט, מאַמע, זאָל ער לאַכן... לאַכט אַלע. מאַלקע, גיי צום קינד. טאַטע, גיב מיר דײַן יענע האַנט. אָט אַזוי!
פון גרויסער אופרעגונג פאַרהיקעט ער זיך:
— איר האָט גע־געהערט דאָס גע־געלעכטער? — פרעגט ער באַם זשאַנדאַרם. — איאָ, א געלעכטער פון א מערדער?
— אַפאַנאַסי לוקיטש, — טוט א געשריי דער הויכווילגעבוירט, — באַרויִק זיי...
— נו, איצט וועט שוין אײַך דער פּריסטאַוו ניט קאָנען העלפן, — זאָגט דאניִעל ניט מיט זײַן קאָל, — שלאָגט מיך ניט איבער... איך האָב אײַך געהערט עטלעכע שאָ נאָכאַנאַנד... איך האָב געהערט געדולדיק... איר האָט געהערט דאָס געלעכטער? איאָ, א געלעכטער פון א מערדער? שלאָגט ניט איבער, אײַער הויכווילגעבוירט. איך וועל זאָגן עטלעכע ווערטער... וועגן דעם, אַז מײַן שוועסטער... יאָ, יאָ, זי, כיירוס, איז מײַן שוועסטער, אַז זי איז אַרויסגעטראָטן מיט א רעדע אַף א מיטינג, דאָס גלייב איך. איך ווייס, אַז מײַן שוועסטער טרעט אַרויס אַף מיטינגען פון ווילטיק, פון איבערגעזעטיקטקײַט... פון צופיל פרײַהײַט. איר איז זייער געפעלן געוואָרן סיביר... איר איז זייער געפעלן געוואָרן צו גיין מיט די קייטן אַף די פיס אין די סיבירער פרעסט, איבער די סיבירער שנייען...
דער זשאַנדאַרם בלײַבט די ערשטע רעגעס פון אָט די אָפענע דיבורים שטיין, ווי געפּלעפּט. ס'קאָן גאָר זייער מעגלעך זײַן, אַז צום איניען וועט אויך גוט צוניץ קומען אָט דער ברודער אירער, דער דאָרפישער קינסטלער, — אין אים האָט זיך אָנגעזאַמלט אַזויפיל סינע, אַז ער קאָן זי שוין מער ניט אויסבאַהאַלטן... טוט ער א ווונק צום פּריסטאַוו — יענער זאָל מער ניט שטערן, און אַליין, מיט אַן עמעס צופרידענעם שמייכל, נעמט ער זיך עפּעס אַרײַנשרײַבן אין זײַן נאָטיץ־ביכעלע — אין דעם זשאַנדאַרמישן סייפער־האַזיכרוינעס.
דאניִעל ווענדט אַף דעם ניט קיין אַכט:
— אַז מײַן שוועסטער איז אַרויסגעטראָטן דאָרטן אַף א מיטינג — דאָס גלייב איך. אַז איינער א סאָלדאַט האָט אפן זעלבן מיטינג דערלאַנגט מיטן קאָטעלאָק איינעם פון אײַערע פּאַטריאָטן איבערן קאָפּ — אין דעם גלייב איך אויך... אָבער יענעם סאָלדאַט האָט איר ניט געכאַפּט. דערווײַל איז אָנגעקומען פון „אוטשאַסטאָק“ דאָס צעטל מיט די נעמען פון די פאַרהאַלטענע סאָלדאַטן. שטערט ניט, אײַער הויכווילגעבוירט. איר פאַרשרײַבט דאָך עפּעס אין אײַער ביכעלע... אין די צעטלען האָט איר זיך אָנגעשטויסן אַף דער פאַמיליע „באַיאַר“... מײַן שוועסטערס פאַמיליע איז אויך באַיאַר... די אָכראַנקע האָט גלײַך פעסטגעשטעלט: ס'איז א ברודער מיט א שוועסטער... שרײַט ניט, אײַער הויכווילגעבוירט, אײַער געשריי וועט מיך ניט דערשרעקן. איר האָט דאָך געהערט, וואָס די אַלטע פויערטע האָט אײַך געזאָגט: „מיר לעבן סײַווי אין געהענעם“. הערט מיך אויס ביזן סאָף. דאָ האָט זיך בא דער אָכראַנקע צעשפּילט די פאַנטאַזיע, אַזאַ געווינס — א ברודער מיט א שוועסטער... און איר האָט פאַרטראַכט צו שאַפן א פּראָצעס. איר מוזט דאָך מיט עפּעס פאַרענטפערן, באַרעכטיקן פאַר דער וועלט אײַער אַכזאָריעס. ס'איז דאָך א גאָלדענער מאַטעריאַל פאַר שמאַקאָוון, פאַר מאַרקאָוון, פאַר פורישקעוויטשן... — דאניִעל קאָן מער ניט ריידן. די לעצטע ווערטער רעדט ער קוים אַרויס. ער שלינגט די לופט. די שוואַרצאַפּלען ווערן בא אים ברייטער, און ער בלײַבט ליגן באַם פאָטער אַף די הענט.

## XIV

ווען דאניִעל קומט צו־זיך, געפינט ער זיך ליגן אין אלקערל, באַם פענצטער, אפן באנקבעטל. ער פילט זיך אַזוי, ווי עמעצער וואָלט אים נאָרוואָס אומראכמאָנעסדיק אָנגעבראָכן די ביינער. אין קאָפּ א טעמפּער ווייטעק. אים דוכט — צוקאָפּנס ליגט אים א שטיין. ער טאַפּט אפילע מיט די פינגער דעם צוקאָפּנס. ניין, א קישן. פאַרוואָס זשע זײַנען די פּעדערן אזעלכע הארטע?

מאלקע לייגט אים קאַלטע האַנטעכער צום קאָפּ. די פּראַסטיקע פּאַפּאָראָטן לויכטן פון פענצטער מיט לעוואָנע. ס'שמעקט עפּעס מיט פריש געשיילטער ביטערלעכער קאָרע. פון דעם נאסן האַנטעך פאַלן הילכיקע טראָפּנס וואסער אין שיסל ארײַן.

בא דער זײַט זיצט, אפּאָנעם, דער דאָקטער. ווער און נאָך וואָס האָט מען אים געבראַכט? אין צווייטן צימער איז ליכטיק — מ'האָט אָנגעצונדן נײַע ליכט.

אין קיך באלעבאַטעוועט די מומע ליבע. זי איז די ערשטע אהער געקומען. ווי נאָר נעכע מיטן באָק־לעמעלע האָבן זיך צוריק אפן דיוואן פאַרקליבן, ווי נאָר מ'האָט דעם אשמעדײַ באַרויִקט און פון אקיוועץ איז באוווּסט געוואָרן, וואָס אין דער אלטער קרעטשמע קומט פאָר, האָט די מומע ליבע זיך געלאָזט לויפן צו ייִצכאָקן. זי האָט ניט געקאָנט וואַרטן, ביז איווע מיטן מאַן וועלן זיך דאָרט צונויפריידן. ער, אלעקסאנדער לאַנדע, האָט געמאָלדן: ניט נאָר ער וועט אליין ניט גיין, נאָר ער פאַרווערט איווען אויך אהין צו גיין. אויב מ'וועט עפּעס קאָנען טאָן פאַרן קרעטשמאַר, וועט מען עס טאָן דאָרטן, אין דער היים, דורכן שוואָגער דעם אדוואָקאַט. ס'איז שוין גענוג און איבערגענוג, וואָס זי, איווע, איז געגאנגען אָן זײַן וויסן צו איר, צו אָט דער ביירוסן, אין טפיסע ארײַן... ס'איז פּאָשעט א גליק, וואָס מ'האָט זי צו יענער ניט צוגעלאָזט.

די מומע ליבע האָט ניט פאַרגעסן ־מיטצונעמען מיט זיך א פּאָלומעסעק געפילטע פיש. נאָך איר איז באלד געקומען גאַווריִעל. און שפּעטער א ביסל — איווע מיטן דאָקטער. איווע איז געקומען אַן איבערגעטאָנענע און אַן אויסגעפּוצטע.

אף דער קיך פויעט גאַווריִעל דעם פּריסטאַוו מיט פײַערדיקן בראַנפן.

— נו, גאַווראיִל, גאָספּאָדין גאַווראיִל... אלץ וועט זײַן אין אָרדענונג. ס'אַרא טאָכטער דו האָסט... דער איידעם איז אויך דאָ? ער האָט גענומען אַן איבעריקן טרונק בראַנפן און האָט ניט געקאָנט קומען? כא־כא־הא.. ס'טרעפט. וויִאַזוי מ'האָט זיך עס אלע דאָ דערשראָקן... כא־כא־הא. אָנגעשראָקן דעם סאָלדאַט...

ער טרינקט אויס:

— הא... שטאַרקע שאבעסקאָווקע...

די מומע ליבע רוקט אים אונטער א שטיק פיש. ער נעמט זיך פאַרבײַסן...

— דאָברע... איך האָב ליב אײַערע פיש, קיין פּעפּער זשאַלעוועט איר ניט.

ער בייגט זיך אָן צו גאַווריִעלן:

— און דער מאָלער איז צו א היציקער... צו וואָס אזעלכע רייד? ביכלאל דאַרף מען שווײַגן. ביפּראַט נאָך פאַר נאַטשאַלסטוואָ!.. נו, אויב דו ווילסט שוין יאָ אַמאָל עפּעס זאָגן, איז — אין קישן ארײַן. און דאָס אויך... איידער דו רעדסט ארויס א וואָרט, קוק זיך פריִער טויזנט מאָל ארום... די זשאַנדאַרמעריע האָט לאַנגע אויערן... כא־כא־הא. ווו האָט מען גענומען דעם בושעל? זעט נאָר, זעט, ווי ער שלינגט בולקע מיט בראַנפן... דעם פויגל וועל איך ברענגען מײַן אייניקל א מאַטאָנע...

ער טונקט אײַן נאָך א שטיקל כאַלע אין בראַנפן און טוט א וואָרף דעם פויגל. דער בושעל איז שוין שיקער. ער קלאַפּט מיט די פליגל, זעצט זיך צו, פאַרוואַרפט דעם לאַנגן האַלדז מיטן שנאָבל ארויף אפן רוקן, דערנאָך נעמט ער ארומגיין אין א קרײַז, ניט ער גייט — נאָר שפּרינגט אונטער, שטעלט זיך אָפּ, בייגט אונטער איין פוס, בלאָזט זיך אָן... און ס'דאַכט, ווי ער זאָגט: אלע בושעלן זײַנען ערגעץ דאָרטן, אין די וואַרעמע קאַנטן, און איך דאַרף דאָ שיקערן מיטן פּריסטאַוו.

— נו, גאָספּאָדין גאַווראיִל, פאַר אײַער געזונט... דעם פויגל איז גוט. ער טרינקט זיך רויִק און האָט ניט מוירע פאַר נאַטשאַלסטוואָ... כא־כא־הא. אָך, האָט איר זיך אלע דערשראָקן, כא־כא־הא.

די אייגעלעך באַם פּריסטאַוו ווערן אינגאַנצן פאַרפאַלן. זיי זײַנען ווי אראָפּגעשווענקט געוואָרן מיטן בראַנפן. ער בייגט זיך אָן צו גאַווריִעלן:

— אלע גייען ארום דערשראָקן, אלע, גאָספּאָדין גאַווראיִל, אלע.

דער פּריסטאַוו צײַלעמט זיך איבער:

— יעי באַגו, אלע... א צײַט אזא... מיר זײַנען אויך דערשראָקן. פאַרסט אַרײַן אין א דאָרף, מ׳קלינגט אין קלויסטער, ווי ס׳געהער צו זײַן. דער גאלעך איז אפן אָרט, פּויערים נעמען אראָפּ די היטלען... און דאָך פאלט אף דיר אָן... דער רועך ווייסט וואָס, א טרייסלעניש. דו ווייסט, אז דו ביסט די מאכט, אז מ׳האָט פאר דיר מוירע... און באַ דיר גייען ארום מוראשקעס איבער דער פלייצע. טפו, ס׳אַרא צײַט!

דער פריסטאַוו בייגט זיך אײַן נאָך טיפער און רוימט אײַן, ווי א סאָד, גאַווריִעלן אפן אויער. די גרינע אָדערלעך קלעטערן דערבײַ איבער דער נאָז:

— די שרעק, גאָספאָדין גאַווראיִל, גייט פון דאָרטן. פון אויבן!.. — ער ווײַזט מיטן פינגער אַף ארויף. — פון דער הייך... פון דאָרטן גייט די שרעק... דאָרטן זײַנען זיי נאָך מערער דערשראָקן... דו ווייסט, גאָספאָדין גאַווראיִל, וואָס האָט דעם הויכוווילגעבורט געבראַכט אהער? די שרעק!.. ס׳שלאָפט זיך קיינעם ניט. אזא שרעק האָט אלעמען ארומגעכאַפּט, אז ס׳טרעפט ניט א צאָן אף א צאָן... איינער האָט מוירע פארן אנדערן. טפו, נו, נו...

ער כאַפּט אוף מיטן שיקערן מויעך, אז ער רעדט איבעריקס:

— נ־ייִ־ן, מער טאָר מען ניט טרינקען... מ׳טאָר ניט. ס׳איז ניט דערלויבט. נו, נאָך איין ביסעלע... א טרויער אפן הארצן. די נעשאָמע איז באַ מיר א זינדיקע, אָך, ניין, ניין. טי, גאַווראיִל, סאַטאַנאַ, מער טרינק איך ניט.

ער שטופּט אָפּ גאַווריִעלס האַנט מיט דער אָנגעגאָסענער גלאָז בראַנפן, כאַפּט דעם בושעל, נעמט אים צו זיך אף די הענט און הייבט אָן צו זינגען:

Помирать буд-дем,
Пришла смерть,
При-и-шла сме-эрр-рть,
От само-о-ого бо-о-ога,
Не-э хочется уми-и-рать:
Гуля-а-аю нем-но-го-о-о!..

מיט איוועס און דעם דאָקטערס אָנקומען ווערט אין דער אלטער קרעטשמע רויִקער. דער גזאַר ווערט דערווײַל באַטל. וואָס שפּעטער וועט זײַן, וועט מען זען. גאָט וועט שפּעטער אויך ניט פאַרלאָזן... דער דאָקטער, ווי נאָר ער איז געקומען, האָט ער געמאָלדן דעם הויכוווילגעבורט: „דעם פאַרוווּנדעטן סאָלדאַט קאָן מען מיט אזא פוס פון בעט ניט רירן. דער סאָלדאַט האָט היץ. אין דרויסן שטייט א שטאַרקע קעלט און סע ווייעט". און ער לאָזט זיך אין אלקער אַרײַן, צום צווייטן כוילע — צו דאַניִעלן.

ערשט אצינד מישט זיך שוין אַרײַן איווע: דער הער אָפיצער קאָן דאָך אף זיכער ניט זאָגן, אז אָט דער פאַרוווּנדעטער סאָלדאַט איז טאַקע דעם פאַרברעכן באַגאַנגען? ס׳איז דאָך ניט מער ווי א כשאַד? מ׳קאָן דאָך א קראַנקן מענטשן, בלויז אפן סמאַך פון כשאַד, אין אזא וועטער ניט נעמען... זי, איווע לאַנדאַ, און איר מאַן, אלעקסאַנדער נאַטאַנאָוויטש לאַנדאַ, נעמען אווראָם באַיאָרן אף „פאַרוקע". זי גיט דעם אָפיצער אָן אונטערשריפט...

דאַניִעל הערט ניט, וואָס מ׳רעדט צו אים. זײַן בליק איז געווענדט אהין — צו דער שײַן. דאָרטן אין דעם ליכטיקן צימער, מיט דער פלייצע צו אים, אין א שוואַרץ לאַנג קלייד מיט א טיפן אויסשניט, שטייט איווע. זי רעדט מיטן זשאַנדאַרם. באַ יענעם זײַנען די צווי בלויע שטיקעלעך אײַז קימאַט צעשמאָלצן געוואָרן — זיי שווימען ארום אין די לענגלעכע גריבעלעך וואַסער פון איין ברעג צום צווייטן. אף זײַן הארטן טונקעלן פּאָנעם — די העפלעכקײַט אליין. ער שמייכלט זייער מילד. ס׳איז צו זען: ער איז מיט איר פולקום מאַסקים.

דאַניִעל לאָזט ניט אראָפּ דאָס אויג פון איוועס שוואַרץ־גלאַנציקן קאָפּ האָר — זיי זײַנען פּאַרדרייט, די האָר, אין א גרויסן קובליק, וואָס פאלט איר אראָפּ אף דעם ווײַסן האלדז־און־נאַקן.

„דאָס איז איווע, טראַכט ער, מײַן קינדהײַט, מײַן יוגנט, מײַנע טרוימען?.. דאָס איז יענע איווע?.. דאָס פלעג איך איר, אין די זומערדיקע קאַיאָרן, באַם טײַך זאָגן: אף מײַן געלעגער האָב איך א גאַנצע נאַכט מײַן ליבהאַרציקע געזוכט, געזוכט און ניט געפונען... אָט דאָס איז זי, אָט יענע איווע, וואָס פלעגט מיר ענטפערן: איך בין, מײַן האַרציקער פרײַנט, צו דיר אין פעלד ארויס, איך האָב פאר דער זון זיך אופגעהויבן... ליבהאַרציקער מײַנער, דיר איינעם וועל איך אָפּגעבן מײַן גאַנצע ליבע... דיר, דאַניִעל... דיר איינעם... אָט דאָס איז זי, אָט יענע איווע? יאָ, דאָס איז זי. זי איז געוואָרן פולער אין די אקסל, ברייטער אין די היפטן — זײַן בליק בלאָנקעט איבער איר ווײַסן האלדז־און־נאַקן. דו ביסט שיין, איווע. דו ביסט נאָך שענער, ווי געווען. כ׳בין איצט אויך גרייט אָפּגעבן פאר דיר מײַן לעבן... ס׳האָט זיך אָבער צוגעמישט צו דיר עפּעס זײַטיקס, עפּעס זייער פרעמדס"...

— ווי פילן מיר זיך?

דאניִעל דערפילט, ווי עמעצער נעמט אים אָן בא דער האַנט. די שײַן פון די פּראַסטיקע פּאַפּאַראַטן און די ליכט, וואָס פאַלט פון צווייטן צימער, מישן זיך דאָ אין אַלקערל אויס. לעבן זײַן באַנקבעטל שטייט עפּעס א רויטלעך־באַזילבערטע, א ווייכע מילך־שײַן. דער דאָקטער זיצט אין אָט דער שײַן, האַלט זײַן האַנט, טאַפּט אים דעם דופּעק. און פון אונטער דעם דאָקטערס ברילן־גלעזלעך פינטלען צו אים זייער קינדעריש די אויגן.

— ווי פילן מיר זיך?

א האַרציק קאָל באַם דאָקטער. יאָ, אַקיווע, ווען ער האָט גערעדט וועגן דאָקטער, איז געווען גערעכט. באַם דאָקטער איז טאַקע א קאָל פון א פאַרליבטן.

— איר קאָנט זײַן א פּרייַנט, דאָקטער, א כאַווער... — ער פּרוּווט זיך אונטערהייבן אַפן עלנבויגן. — זי נייטיקט זיך זייער אין אַן עמעסן פּרײַנט.

דער דאָקטער רוקט זיך אָפּ צוזאַמען מיטן בענקל. ער קוקט אַף דאַניִעלן מיט גרויס נײַגער: איז עס פּאַשטעס, צי טיפּשעס? פרעגט ער בא אים:

— וועגן וואָס, אייגנטלעך, און וועגן וועמען רעדט איר?

כאַזערט דאַניִעל איבער דאָס זעלבע נאָכאַמאָל, נאָר שוין קלאָרער:

— איר קאָנט זײַן א פּרײַנט, דאָקטער. זי, איווע, נייטיקט זיך זייער אין א פּרײַנט.

— איך בין, דוכט זיך, ניט געפּאָרן אהער זעכציק ווערסט צו ריידן מיט אײַך וועגן איוועֶן.

זעט ער, דאַניִעל, דער דאָקטער פאַרשטייט אים ניט. ענטפערט ער אַף דעם דאָקטערס פּריִערדיקער פראַגע:

— ווי איך פיל זיך? א דאַנק!

— איך פרעג עס אײַך ניט צוליב העפלעכקײַט. איך פרעג עס אלס דאָקטער, איך דאַרף...

דאַניִעל שלאָגט אים איבער:

— איך דאַרף אויך, דאָקטער. אוי, ווי איך דאַרף, ווי ס'איז מיר נייטיק. — ער רעדט פאַרטראַכטערהייט: — איך וואָלט, דאָקטער, אָנגעהויבן אַלץ פון אָנהייב... אַלץ אַנדערש, אַלץ פּונקט פאַרקערט... כ'האָב דאָך ביז איצט אַלץ געמאָלט מיטן קאָפּ אַראָפּ... אָבער ס'איז שוין צו שפּעט! די נעשאָמע איז מיר שוין פאַרברענט געוואָרן. קיין אַנדער נעשאָמע קאָנט איר דאָך מיר ניט אַרײַנשטעלן, און ווען איר וואָלט אַפילע יאָ געקאָנט אַרײַנזעצן מיר א נײַע נעשאָמע... עמעצנס א פרעמדע, א טויטע נעשאָמע, קיין לעבעדיקע נעשאָמעס וואַלגערן זיך ניט... אַפילע ווען איר קאָנט מיר אַרײַנזעצן א נײַע נעשאָמע, דאַרף איך זי ניט. איך דאַרף האָבן מײַן אייגענע נעשאָמע! א נעשאָמע איז ניט קיין ליכטל, וואָס מ'קויפט פאַר א גראָשן אין קלייטל... א נעשאָמע דאַרף ניט נאָר לײַכטן, ווי א ליכטל, א נעשאָמע דאַרף וואַרעמען מענטשן... א נעשאָמע — איז פײַער!.. מײַן נעשאָמע האָט שוין אויסגעברענט, און זי איז אויסגעברענט געוואָרן אַפן ווינט.

— איר הערט, ווי דער פּריסטאַוו זינגט? — זאָגט פּלוצעם דער דאָקטער. — גאַווריִעל האָט אים אָנגעשיקערט. דער פּריסטאַוו קושט זיך מיטן בושעל. דער בושעל איז אויך שיקער. כ'האָב געהערט, אַז מ'קאָן אָנשיקערן א פויגל. נאָר מיר איז קיינמאָל ניט אויסגעקומען צו זען...

דאַניִעל בלײַבט ליגן מיט צוגעמאַכטע אויגן: דער דאָקטער וויל מיך אָפּווענדן פון אָט דעם געשפּרעך אויך; ער איז טאַקע ניט געפּאָרן אהער צוליב מיר. צו מיר איז ער געקומען ווי א רופע. און עפּשער איז ער טאַקע ניט מער ווי א רופע?

— דער פּריסטאַוו, — זאָגט דאַניִעל, — איז בא גאַווריִעלן אַף כוידעש־געלט. און ווי מיינט איר, דאָקטער, יענעם דאַרף מען אויך געבן?

— פאַרשטייט זיך. און ניט ווינציק.

— ווו זשע נעמט מען? — פרעגט דאַניִעל בא זיך אליין. — ווו זשע נעמט מען?

— וועגן דעם טראַכט ניט, איווע גאַווריִלאָוונא וועט אַלץ באַזאָרגן.

דאַניִעל כאַפּט פּלוצעם אָן דעם דאָקטער פאַר דער האַנט:

— איך בעט אײַך זייער, אַנטשולדיקט מיר טויזנט מאָל, גייט איר צו א י ם, און מיר שיקט אהער איוועֶן. זײַט מיר מויכל, נאָר איך בעט אײַך זייער.

— וואָס איז מיט אײַך? — שטוינט דער דאָקטער. — אַלץ גייט גוט. אײַער ברודער וועט מען ניט רירן פון אָרט. אין שטאָט וועלן מיר נעמען אַן אַדוואָקאַט. וואָס ערגערט איר זיך אזוי?

— דאָקטער, איך קאָן עס אײַך ניט דערקלערן...

— איך פאָדער עס פון אײַך ניט. איך וויל בלויז, איר זאָלט זיך באַרויִקן.

— איך בין רויִק... איז טוט מיר די טויווע, שיקט מיר צו איוועֶן.

— ביטע, באַרויִקט זיך. איך גיי איר זאָגן...

און ווען דער דאָקטער גייט אַרויס, זאָגט דאַניִעל צו דעם ווײַב, וואָס זיצט די גאַנצע צײַט, ווי א פאַרגעסענע, מיטן נאָסן האַנטעך אין די הענט:

— מאלקע, גיי ברענג מײַן זייגער, דײַן רונג.

— דאניִעל, דעם רונג אויך?

— יאָ, מאלקע, דעם רונג אויך, יענעם רונג... דיר איז שווער זיך שיידן?..

— ניין, דאניִעל, ניין, בייס אזא צאָרע...

— יאָ, מאלקע, בייס ס'ליגט דער כאלעף אפֿן האלדז... נעם בא דער מאמען איר בײַטשעלע פערל, נעם אפילע בא דער מומע ליבע די אוירינגלעך, בא איר נעם! גיי, מאלקע, גיכער, נעם עס אלץ צונויף, וויקל עס אײַן און ברענג מיר אהער.

— איך גיי, דאניִעל, איך גיי. וואָס נאָך?

ער טוט א גלעט איר האנט:

— מער גאָרניט, מאלקע.

פון יענער זײַט שוועל שטויסט זיך מאלקע אָן אף איווען. אין דער יוגנט זײַנען זיי ניט געווען קיין נעשאָמע־כאווערטעס. ס'האָט איינע פאר דער צווייטער דאָס הארץ ניט אויסגעגאָסן, האגאםביידע זײַנען זיי געווען באסיעכידעס. אָבער זי, מאלקע, איז געווען איינע בא זכאריען — בא גאווריִעלס אופזעער איבער די אָקסן־טרײַבער, און זי, איווע, איז געווען די באסיעכידע בא גאווריִעלן. עמעס, איווע האָט עס איר קיינמאָל ניט געגעבן צו פילן. און אפילע אויך דעמלט, ווען זי, איווע, פלעגט שוין אראָפּקומען אהיים פון דער שטאָט, ווו זי האָט געלערנט, פלעגט זי זיך מיט גאָרנישט ניט גרויסן אָדער מיט עפּעס זיך וועלן אויסטיילן און זיך ארויסשטעלן. מאלקע איז אלץ געווען די זינגערן פון די טרויעריקע ליבע־לידער, איווע — די פריילעכע טענצערן. בא מאלקען האָט זיך קיינמאָל ניט אויסגעשעפּט דער קוואל פון די טרויער־לידער. איווע איז קיינמאָל ניט מיד געוואָרן צו טאנצן. דאָך האָט מאלקע קיינמאָל ניט פארגעסן, אז זי, איווע, איז גאווריִעלס טאָכטער. זיי זײַנען ביידע געווען פארליבט אין דאניִעלן. נאָר די באסיעכידע מאלקע — פארבאָר־גענערהייט, בעסאָד־סוידעס, קיינער זאָל זיך כאָלילע ניט דערוויסן און זיך ניט אָנשטויסן, זי זאָל ניט ווערן צו שפּאָט און צו געלעכטער. און די באסיעכידע איווע האָט געשפּילט איר ליבע מיט דאניִעלן אָפֿן פאר דער גאנצער וועלט. מ'האָט אפילע גערעדט, הײַנט־מאָרגן ברעכט מען טעלער.

באטאָג, ווען די פור מיט אווראָמען איז בא דער קרעטשמע שטיין געבליבן, און ווי נאָר זי, מאלקע, האָט דורכן פענצטער דערזען און דערקענט איווען, האָט זי זיך אזוי דערשראָקן, אז זי איז שוין באם פענצטער שטיין געבליבן און פון אָרט ניט געקאָנט זיך רירן. זי האָט בלויז פון הינטער דעם פאָרהענגל געקוקט און נאָכגעשפּירט נאָך איוועס יעדער טראָט און טנוע. זי האָט געזען, ווי איווע איז געשטאנען לעבן דאניִעלן אונטער דעם בארנבוים מיט טרערן אין די אויגן, און בא אים, בא דאניִעלן, זײַנען געווען אזעלכע אויגן, אז אָט־אָט פאלט ער צו צו אירע פיס.

מאלקע האָט זייער מוירע געהאט צו טרעפן זיך מיט איווען אויג־אף־אויג. און אצינד, ווען זי האָט זיך שוין יאָ מיט איר אפֿן שוועל אָנגעשטויסן, בלײַבט זי שטיין מעטושטעש, מיט אראָפּגעלאָזטע אויגן און וויל דורכלאָזן, אָפּטרעטן דעם וועג דער גרויסשטאָטישער, דער אויסגע־פוצטער פאבריקאנטשע. איווע דערפילט עס, פארייטלט זיך, און נעמט זי ארום:

— ווי איז דיר, מאלקע, קיין כארפּע ניט?

— ער איז געפּערלעך קראנק... — פירט זי אָפּ איווען אָן א זײַט און שעפּטשעט איר אפֿן אויער. — נאָר איין גאָט ווייסט דעם עמעס. כ'האָב מײַנע קויכעס, מײַן געזונט ניט געשאָנעוועט...

אין איר הייסן אָטעם הערט איווע א מין מעכילע־בעטן, א פאָרענטפערונג, גלײַך ווי זי, איווע, האָט איר איבערגעלאָזט א זייער טײַערן מאשקן, און זי, מאלקע, ניט געקוקט אף איר גאנצער מי און זאָרג, האָט אים שלעכט פארהיט.

— איין גאָט ווייסט דעם עמעס, — כאזערט איבער מאלקע, — איין גאָט ווייסט...

נאָר לויט איוועס אונטערגעהויבענער ברעם דוכט זיך איר, מאלקען, — דער איינציקער גרויסער טאָגטעגלעכער איידעס אירער ווערט אָפּגעפרעגט. איווע וויל ניט וויסן פון קיין איידעס. זי מאָנט און פאָדערט בא איר איין טשווע: פארוואָס געפינט זיך דער מאשקן אין אזא קלאָגעדיקן מאצעוו?

הייבט מאלקען אָן צו רייצן איוועס אונטערגעהויבענע קרומע ברעם, דער פּאָך מיט די לאנגע ווייִעס, די נאקעטע געטאָקטע האנט אף איר אקסל און דעריקער: די זיס־שמעקנדיקע פארפום־רייכעס. ס'שרײַט פון איר פלוצעם ארויס:

— מ'ווייסט נאָך ניט, צי איר וואָלט פאר אים געטאָן מערער, ווי איך. איך האָב אָפּגעגעבן דאָס גאנצע לעבן... איר מעגט מיר גלייבן, אז ס'איז זייער שווער, זייער שווער צו פירן אזא לעבן.

— מאלקע, פארוואָס אירצסטו מיך? און צוליב וואָס זאָגסטו עס מיר?

— צוליב וואָס? — איוועס ווײַס לײַב פון דעם טיפן אויסשניט ארויס טוט איר א ברי אין די אויגן. — איר האלט זיך פאר אן אומגליקלעכער... איר לעבט אָבער אין ראָסקאָש, דער קאָפּ טריקנט אײַך ניט... אײַער קינד לעבט אין פרייד... און איך?

אין די ווינקלען פון אירע פארשמאָלטע אויגן לויפן אָן טרערן. זיי קומען פון טיפן הארצן, ניט קיין געבעטענע:

— און איך?.. דאניעל טראַכט נאָך איצט אויך מער וועגן דיר. ער וויל דיך באַזאָרגן מיט אַן עמעסן פרײַנט. מיר איז באַשערט צו לעבן אַזוי... אָן ליבע, אין נויט, מײַן קינד דאַרף...

מאלקע באַפרײַט זיך פון איוועס הענט און וויל אַוועקגיין. איווע פאַרשטעלט איר דעם וועג:

— ניין, אויב אַזוי, טאָ הער. דו, מאלקע, ביסט אַ גליקלעכער מענטש און אַ גליקלעכע פרוי...

— איך אַ גליקלעכע פרוי?

— יאָ, אַ גליקלעכע. דו לעבסט, זאָגסטו, אָן ליבע? ס'איז אַ ליגן. דו האָסט דאָך ליב דאניעלן, דו וואָלסט זיך געקאָנט שיידן מיט דאניעלן? זעסט, נאָר פון מײַנע רייד אַליין האָסטו זיך געביטן אין פּאָנעם. ס'איז דיר געוואָרן שרעקלעך נאָר פון מײַנע רייד אַליין... דו וואָלסט מיר אָפּגעגעבן דאניעלן? איך מיין, אַז ניין. דו שטעלסט זיך פאַר דײַן לעבן אָן דאניעלן? איז וועמען זשע גיסטו אָפּ דײַן לעבן? דאָס איז דאָך, מאלקע, דײַן לעבן. און ס'איז בײַ דיר אַ גרויס און שיין לעבן... און איך, מאלקע? וועמען גיב איך אָפּ מײַן לעבן? מ'קאָן דען פאַרגלײַכן דאניעלס ניט-ליבע צו אלעקסאַנדערס יאָ-ליבע?

איווע טוט מיטאַמאָל אַ ציטער מיטן גאַנצן קערפּער.

— מיר זײַנען פרויען. דו פאַרשטייסט מיך, מאלקע. מיך האָט מען פריִער דערנידעריקט, צעטראָטן, אויסגעבאָדן אין בלאָטע... און דערנאָך מיך אײַנגעוויקלט אין זײַד.

איווע פילט, מער דאַרף זי ניט ריידן — זאָל זיך מאלקע קלאָגן. מאלקע געהער דאָך צו די, וואָס טראָגן זיך אַרום מיט זייער שווער לעבן מיט עפּעס אַ באַזונדער מין האַנאָע. דאָס איז דאָך דאָס איינציקע, וואָס זיי פאַרמאָגן: זיי קאָנען לײַדן... זיי האָבן האַנאָע פון דעם, וואָס זיי קאָנען זיך קלאָגן פאַר דער וועלט. זיי האָבן ליב צו קראַצן די ווונדן אָף דער זון. נאָר איווע קאָן זיך שוין ניט אָפּשטעלן:

— אויב דו געדענקסט אַזוי גוט, אויב בײַ דיר, מאלקע, איז אַלץ אַזוי פאַרעכנט, האָסטו אים דײַן לעבן ניט אָפּגעגעבן... דאָס וואָרט „געבן" פּאַסט גאָר אפילו ניט אַהער. דאָס גיט מען ניט. דאָס איז ווי אָטעם, ווי לופט... אָן דעם בלײַבט קיין לעבן ניט. און אויב נאָר מע גיט, גייט מען אַרום אַ גאַנץ לעבן מיט אַ שטריק אויפן האַלדז... דו שטעלסט מיר אַרויס דײַן האַלדז מיט דעם שטריק? דו באַרימסט זיך מיט דײַן גוטסקײַט? דו האָסט זיך מאַפּקער געווען, דו האָסט זיך ניט געשאָנעוועט?

אין מאלקען קאָכן אויף אַלע בלוטן:

— וואָס זשע, ס'איז אַ ליגן? ווער זשע דען האָט אים אָפּגעגעבן דאָס לעבן? ווער, פרעג איך דיך? ווער וואָלט געוואָלט האָבן אַ מאַן און זיצן טאָג ווי נאַכט אָף דער נאָדל?.. אָף דער נאָדל, אַ קראַנקע, אַ צעבראָכענע, מיט אַ קינד... די לעצטע דרײַ יאָר טוט ער שוין גאָרניט. ער מאָלט ביימעלעך און גרעזעלעך.

איווע כאַפּט זי אָן פאַר ביידע הענט:

— דו האָסט עס אים אויסגעוואָרפן? דו האָסט געהאַט האַרץ?

— איך האָב אים אויסגעוואָרפן? זאָל מיך גאָט שטראָפן, אויב איך האָב אים אַמאָל געזאָגט אַ קרום וואָרט. אָבער ווי קאָנסטו מיר זאָגן, — רײַסט זי אַרויס אירע הענט פון איוועס הענט, — אַז איך האָב ניט אָפּגעגעבן דאניעלן מײַן גאַנץ לעבן? ווער דען, פרעג איך דיך, האָט אים אָפּגעגעבן דאָס לעבן? עפשער דו?

— עפשער... — זאָגט איווע שטיל און פאַרבײַסט אַ ליפּ. — עפשער...

פאַר מאלקען איז איוועס „עפשער" אַזוי ווילד, אַזוי פרעך, אַז זי געפינט אַפילו ניט קיין ווערטער אָף צו ענטפערן. פון איוועס אַלע רייד דערפילט זי מיטאַמאָל אַזאַ ווייטעק, ווי יענע וואָלט איר אַרײַנגעשטאָכן די לאַנגע גלאַנציק-רויטע נעגל אין האַרצן אַרײַן.

## XV

איווע שפּאַנט אַריבער די שוועל, זי הערט, ווי מאלקע גייט אַוועק גיך-גיך, און די הילצערנע שטעקשיך אָף אירע פּיס קלאַפּן אָן דיל. אין דעם טונקעלן אַלקערל שמעקט מיט פריש-געוואַשן וועש, מיט פוילנדיקע עפּל און מיט אייל-פאַרבן. באַם פענצטער, ווי ס'וואָלט אָנגעווייעט אַ בערגל שניי, ווײַסט זיך אַ גרויסער צעשויבערטער קאָפּ — דאניעל ליגט אויפן באַנקבעטל. אַצינד וועט זי, איווע, אים ענטפערן אָף זײַן איינציקן בריוו, אָף יענעם בריוו, וואָס ער האָט איר צוגעשיקט אין אַ האַלב יאָר אַרום נאָך דער כאַסענע. זי לאָזט זיך אַראָפּ לעבן אים אָף דער ערד. ס'איז איר אַלצייגס — זאָל מען אַרײַנגיין, זאָל מען לויפן אָף איר ביי־זוונדער, זאָל קומען מאלקע און זי אַרויסשלעפּן פונדאַנען פאַר די האָר. זי, איווע, מוז אים באַלד אַלץ זאָגן, דאניעלן, זי מוז אים אַלץ דערציילן. אָבער די צונג איז איר צוגעקלעפּט געוואָרן צום גומען.

זי זיצט לעבן אים א פארשטיינערטע. ערשט ווען דאניִעל לייגט ארוף זײַן האנט אַף איר קאָפּ און נעמט, ווי אמאָל, איבערקלײַבן מיט די פינגער אירע האָר, ציטערן אוף אירע וויִעס, און ווי מיט די אויגן הערט זי זיך שוין צו צו יעדן ריר פון זײַנע פינגער, — אָט וועט ער איר באלד, ווי אמאָל, זאָגן: „איווע, דו וועסט זײַן די פריידיקע ליד פון מײַן לעבן"... נאָר ער שווײַגט, דאניִעל.

מיטאמאָל ווײַזט זיך איר אויס, אז ניט ער גלעט זי, דאניִעל, נאָר, ווי א בלינדער, פירט ער מיט די זיך טרייסלענדיקע פינגער איבער איר קאָפּ האָר, איבערן שטערן, איבער אירע אויגן־לעפּלעך. ער זוכט, ווי א בלינדער, סימאָנים, פאר אים אליין באוווסטע, קעדיי זי צו דערקענען, קעדיי זיך איבערצײַגן, אז דאָס איז טאקע זי, איווע... און זײַן האנט בלײַבט ליגן אומבאוועגלעך. ס'כאַפּט זי ארום א גרויל. איר דוכט, אז זײַנע פינגער אַף איר נאקן הייבן אָן קיל ווערן איינער נאָכן צווייטן. זי הייבט אונטער דעם קאָפּ.

— ס'איז דיר שווער מײַן האנט? — פרעגט ער זי.

— ניין, דאניִעל, דײַן שווײַגן...

ער ענטפערט ניט אַף דעם אפילע מיט קיין ריר פון א פינגער. ער קוקט אלץ אהין אין ליכטיקן צימער ארײַן. דאָרטן, דורך דער אָפענער טיר, זעט ער: אַף א טאבורעטקע, בא אוואָ־מען צוקאָפּנס, זיצט דער פאָטער, דער רוקן איז בא אים ווידער אײַנגעבויגן, דער קאָפּ ווידער צום אקסל פארנייגט, דער פארוואקסן האָריקער אויער אָנגעשטעלט. דער טאטע טוט זיך אלע־מאָל א בייג אַף א זײַט, ווי ער וואָלט געזעסן ניט אפן בענקל, ניט אין שטוב, נאָר אינמיטן טײַך אַף א שיפל און אָן וועסלעס. און דאָס שיפל זעצט זיך וואָס ווײַטער אלץ טיפער אין וואסער, און אלעמאָל טוט זיך עס א געפערלעכן קער פון אָן אָנגעיאָגטער שווערער כוואליע.

אנטקעגן פאָטער, אַף דער צארגע פון בעט, בא אוואָמען צופוסנס, זיצט די מוטער. די האנט הענגט איר אראָפּ, די אויגן פארמאכט, די ליפּן פארפרעסט — ס'זאָל זיך כאָלילע ניט ארויס־רײַסן קיין געשריי. מײַן מאמע, טראכט דאניִעל, „דער שטילער זומער"...

— דאניִעל, — דריקט אים איווע די האנט, — דאניִעל, שווײַג ניט!.. איך האָב אוואדע געוואָלט זײַן די פריידיקע ליד פון דײַן לעבן... שווײַג ניט, דאניִעל, דײַן שווײַגן איז זייער שרעק־לעך. דו האָסט דאָך געשיקט נאָך מיר.

ער זעצט זיך מיטאמאָל אוף און לאָזט אראָפּ די פיס פונעם באנקבעטל:

— יאָ, איווע, כ'וועל דיר באלד זאָגן... זי איז גערעכט, מאלקע.

זי טוליעט צו דעם קאָפּ צו זײַנע קני:

— דו האָסט געהערט?

— יאָ. זי איז גערעכט, מאלקע... זי איז געזעסן אַף דער נאָדל און איך האָב געמאָלט ביי־מעלעך, גרעזעלעך... כ'בין דען א מאָלער? א וויסטער שמירער...

ער דרייט מיטן קאָפּ — ס'פּעלט אים לופט:

— ס'גייט דאָ ניט אין לײַטישקײַט, אין מענטשלעכקײַט, אין דאנקבארקײַט... שלאָג מיך ניט איבער.

—דאניִעל, — ציט זי צו אים די הענט, — מ'דארף ניט. איך פארשטיי דיך...

— ניין, איווע, דו פארשטייסט מיך ניט. איך קלאָג זיך ניט, איך באוויין ניט מײַן גורל. זאָל זײַן, אז מײַן לעבן איז פארשאָלטן געוואָרן, אָבער דאָס איז ניט קיין פארענטפערונג... ווו איז דאָס בילד מײַנס, ווו דער טאטע זיצט אפן שיפל אינמיטן צעברויזטן טײַך, אָן וועסלעס... אויב איך האָב ניט געקאָנט שאפן אזא בילד, האָב איך באדארפט נעמען די האק, אוועקגיין אין די וועלדער האקןביימער, טרײַבן פליטן און געבן א ווײַב און קינד ברויט...

— וועסט עס נאָך שאפן, דאניִעל...

— איווע, מאך מיך ניט בלינד. איך זע, און דו זעסט — מער וועל איך שוין גאָרנישט ניט שאפן. און דאָס, וואָס איך האָב געמאָלט, האָט קיין ווערט ניט. די נעשאָמע איז בא מיר פאר־ברענט געוואָרן אַף שטרוי. פון מײַן נעשאָמע גייט שוין ניט קיין פײַער, נאָר א טשאד... מײַן איינציקע האָפענונג בלײַבט — מײַן זון. עפשער וועט ער זײַן מאזלדיקער פון מיר, עפשער וועט ער עפּעס אופטאָן.

— דאניִעל, — זאָגט זי דערשראָקן, — עמעצער קוקט אַף אונדז.

— ווער? ווו?

— אָן־אָ. צווי גליִענדיקע קוילן, ניט קיין אויגן...

— מאלקע, — פּרוּווט זיך דאניִעל אופשטעלן אַף די פיס, — דאָס ביסטו?

— איך, דאניִעל.

— וואָס זשע שטייסטו דאָרטן?

— כ'האָב געבראַכט דעם רונג... דער מאַמעס בײַטשל פּערל, דער מומע ליבעס אוירינגלעך.
— נעם און גיב עס אָפּ איווען.
איווע הייבט זיך אויף פון דער ערד:
— אָף וואָס דאַרף איך עס? איך פאַרשטיי ניט, דאַניִעל!
— ווייסט עס אָפּגעבן אים, דעם זשאַנדאַרם, זאָל ער אוועקפאָרן...
— דאַניִעל, באַ דער מומע ליבע נעמסטו אַראָפּ די אוירינגלעך, און באַ מיר...
— ניין, איווע, ניין... דײַן מאַנס גאָלד דאַרף דאָ קיינער ניט.
עס קומט אַרײַן אקיווע, און זי, איווע, טוליעט זיך מיטאַמאָל צו צו זײַן אַקסל:
— הײַנט אַפּדערנאַכט האָט מיך אָבער אויך געטראָפן אַ גרויס גליק... אקיווע, דו האָסט דאָך עס אַלץ געוווּסט.
— וואָס געוווּסט?
אקיוועס ענטפער, און נאָך מער דער בליק זײַנער פון אונטער די צונויפגעצויגענע ברע־מען — אַ בליק פון איינעם, וואָס וואַקלט זיך און קאָן נאָך אַלץ צו קיין באַשלוס ניט קומען, — אָט־אָ דער בליק פון נאָך אַלץ וועגן־און־מעסטן, רופט אין איר אַרויס אַ בייזן פאַרדראָס און אַ צאָרן. זי צווייפלט ניט: אקיווע ווייסט גוט, וואָס הײַנט אַפּדערנאַכט איז דאָרטן, באַ איר טאַטנס טיש, פאָרגעקומען. און נאָך מער, זי איז אַפילע זיכער, אַז פאַר אים, פאַר אקיווען, איז שוין פון לאַנג אָן אַנטפּלעקט געוואָרן דער סאָד: אַנדערש איז ניט צו דערקלערן זײַן האַלטן זיך און זײַן אופירן זיך דאָרטן. צום אָנהייב איז ער מעוווּזלוול געוואָרן. באַלד אָבער זיך אין די הענט גענומען, בלויז אָף די אויסגעקרימט געוואָרענע ליפּן האָט זיך באַוויזן אַ סאַרקאַסטישער שמייכל... וואָלט ער, אקיווע, טאַקע גאָרנישט ניט פאַרשטאַנען, וואָלט ער געמוזט ניט ווילנדיק אַ פרעג טאָן: — וואָס קומט דאָ אַזעלכעס פאָר? און אַפילע אויך איצט, ווען זי, איווע, האָט אים שוין אַזוי קלאָר גע־זאָגט, מאַכט ער ווידער דעם אָנשטעל, אַז ער פאַרשטייט ניט, וועגן וואָס און פון וואָס זי רעדט צו אים...
זי גייט אָפּ פון אקיווען. דאַניִעל ליגט צוריק אויסגעצויגן אָפן באַנקבעטל, דאָס פּאָנעם צו דעם אָנגעפּרוירן־לעוואָנעדיקן פענצטער אויסגעדרייט. מאַלקע וויל איר איבערגעבן דאָס ביסל צירונג. איווען שנײַדן אין די אויגן דער מומע ליבעס קליינינקע אוירינגלעך. האָט איר דאַניִעל טאַקע געזאָגט: איווע, דײַן מאַנס געלט דאַרף דאָ קיינער ניט?.. אַ טרויער הייבט איר אָן אונטער־גיין אונטערן האַרצן — אויך אָף איר קוקט מען דאָ, ווי אָף אַלעקסאַנדער לאַנדעס אַ זאַך... זי איז פאַר זיי ניט יענע איווע, נאָר עפּעס אַ טייל פון איר מאַנס גיטער. און זי דערפילט מיט ווי אָון צאַר די מעכיצע, וואָס שטייט צווישן איר און זיי. אָף אַזוינס האָט זי זיך ניט גערעכנט. עמעס, ווי נאָר די פור איז אין פעלד אַרויס, האָט זי אַרומגעכאַפּט אַ שווער געפיל, וואָס האָט זי שוין דעם גאַנצן וועג ניט אָפּגעלאָזט: קיין פרייד וועט זי דאָרט ניט האָבן, זי פאַרט אָף קייווער־אָוועס פון איר ליבע. זי פאַרט אָף טאַמיד זיך געזעגענען מיט אירע שיינע קינדער־ און יוגנט־יאָרן. זי וואָלט אָבער ניט געגלייבט, אַז יענע שיר־האַשירים־יאָרן זײַנען מיט דערנער און מיט בריִענדיקע וואַלד־גראָזן אַזוי פאַרוואַקסן געוואָרן.
זי האָט געפונען קויעך, ניט געקוקט אָף דעם אַלעם, וואָס דאָרטן, באַ איר טאַטנס טיש, איז פאָרגעקומען, אָף גיין זיך איבערטאָן. זי האָט געוואָלט קומען צו דאַניִעלן אַ יאָמטעוודיקע, געבן אים צו וויסן, אַז זי קוקט ניט אָף אים, ווי אָף אַ געפּערלעך־קראַנקן, אַז זי גלייבט מיטן גאַנצן האַרצן אין זײַן געזונט ווערן. האָט זי אין דעם אויך אַ ביטערן טאָעס געהאַט! איר גוטע קאַוואָנע איז אופגענומען געוואָרן צום שלעכטן. ניט נאָר מאַלקע — אויך ער, דאַניִעל, האָט גע־קוקט אָף דעם קלייד מיט עפּעס אַ מין סינע...
און דאָך, כאָטש דאָס האַרץ נאָגט און פּלאָגט איר, כאָטש זי איז אָפּגעשטויסן פון די גע־גאַרטע און געזוכטע און איז געבליבן שטיין, ווי אין אַ גרויסער פינצטערניש, יענץ פּײַערל, באַ וועלכן זי האָט געלעבט, איז פאַר איר מיטאַמאָל אויסגעלאָשן געוואָרן... — דאָך פילט זי אין דער נעשאָמע עפּעס אַ מין פרייד. די דורכגעמאַכטע זעכציק ווערסט מיט דער אַקס איבער דעם טיף־האַרבסטיקן וואַלד־וועג האָבן אופגעטרייסלט און צעטרייסלט איר דרימל־ און כאַלעם־צושטאַנד, אין וועלכן זי האָט זיך די לעצטע יאָרן געפונען.
— נו, — זאָגט זי צו אקיווען, — זאָל זײַן אַזוי... נאָר דער סאָד איז שוין קיין סאָד ניט... זאָל זײַן אַזוי... איך בין דאָ געוואָרן אַ פרעמדע... כ'בין, אַפּנעם, אומעטום מיכוץ־לאַמאַכנע... זאָל זײַן אַזוי. — און זי שטרעקט אויס די האַנט צו מאַלקען. — גיב מיר דאָס קניפּל צירונג.
און דאָ טוט דאַניִעל מיט זייער אַ צעבראָכן קאָל אַ פרעג:
— וואָס ווייסט איר פון ביירוסן?
ס'איז קלאָר. די פראַגע איז געשטעלט געוואָרן פאַר די, וואָס זײַנען געקומען צו פאָרן פון דער שטאָט. איווע הייבט אויף אָף אקיווען אַ פּאָר דערשראָקענע אויגן.

— איווע, — פּרוּווט זיך דאַניִעל אופזעצן, — שאַנעווע מיך ניט... דערציייל מיר אַלצדינג. ביירוס איז שוין ווידער אין זייערע הענט? וואָס שווײַגסטו? אקיווע־פרײַנט, דערצייל מיר, דו ווייסט דאָך...

— כ'וואָלט דען עפּעס פון דיר באַהאַלטן? די לעצטע פּאָר כאָדאָשים בין איך איבער די שטעטלעך מיט רעגאַלעסקעס טרופּע אַרומגעפאָרן...

דאַניִעל זעצט זיך מיטאַמאָל אויף:

— ביסט אַרומגעפאָרן איבער די שטעטלעך?

אקיווע דערפילט — ער איז דאָ אַרײַנגעפאַלן. און מוירע האָבנדיק, אַז דאַניִעל זאָל זיך כאָלילע ניט נעמען צו עפּעס דערגראָבן, נעמט ער אַפגיך זאָרגלאָז דערציילן אָף זײַן שטייגער און נוסעך:

— יאָ, איך בין אַרומגעפאָרן מיט רעגאַלעסקעס טרופּע. אין איינעם אַ שאַבייסענאַכטס, אין דער פּאָזשאַרנע, צווישן די פעסלעך וואַסער, גייט אַ טעאַטער־שטיק „צוויי ווײַבער כאָלעשן נאָך איין מאַן". די פּאָזשאַרנע איז געפּאַקט. און דאָ, בייס בראַניע גרין איז אָף פיר צונויפגע־רוקטע טישן געגאַנגען דעם ציגײַנערישן טאַנץ און דאָס פאַרביקע קליידל האָט זיך פון איר אָפּגעשיידט אָף אַ האַלבן מײַל, אין דעם מאָמענט האָט זיך אַרײַנגעריסן דער שטעטלדיקער מוירע־הוירעאָ און דערזען, ווי די „כצופע" וואַרפט אינדערלופטן די נאַקעטע פיס, זעצט אין די טאַצן און טרייסלט ווילד מיט די הוילע אַקסל, האָט ער גענומען שרײַען ניט מיט זײַן קאָל: „גע־ע־וואַלד, ייִדן, מיר ברענען!..." דער דעזשורנע פּאָזשאַרניק, וואָס איז געשטאַנען אין זײַן פולער אַמוניציע הינטער די „קוליסן" און געשלונגען דעם גאַוער פון בראַניעס טאַנץ, ווי נאָר ער האָט דערהערט „מיר ברענען", האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן אָף דער קאַלאַנטשאַ און גענו־מען זעצן אין אַלע גלעקער... דו שטעלסט זיך עס פאָר?

דאַניִעל שפּאַרט זיך אָן אָף ביידע הענט אָן דעם ראַנד פון דער קאַנאַפּע:

— כ'שטעל מיך עס זייער גוט פאָר. טרויעריק, אקיווע־פרײַנט, טרויעריק און שאָפלדיק איז אונדזער לעבן, אקיווע־כאַווער, טרויעריק איז אונדזער לעבן אָרעם און אָרום, — ער גייט צו צו אקיוון און קוקט אים אין פּאָנעם אַרײַן מיט אַ הייסן מאָנענדיקן בליק. — און אָף מאָרגן איז דאָרט געווען אַ פּאָגראָם?

— גאָט זאָל אָפּהיטן, — שרײַט קימאַט אויס אקיווע, — וואָס פאַלט דיר אײַן?

פון אקיוועס דערשראָקענעם קאָל ווערט דאַניִעל נאָך מער אײַנגעבויגן. ער טוט זיך אַ וויג און, ווי אָן אָנשפּאַר אָף ניט אומצופאַלן, פאַרוקט ער די פינגער אין די האָר. נאָך אַ רעגע שווײַגן פרעגט ער:

— און דו, איווע, ווייסט טאַקע גאָרניט פון ביירוסן?

— דאַניִעל, דאָס בין איך...

— דו, מאַלקע... און ווו איז איווע?

— זי האָט אָוועקגעטראָגן די מאַטאָנע... דאַניִעל, — הייבט זי זיך אָן באַ אים שטיל צו בעטן, — לייג זיך צו, דאַניִעל.

— ניין, כ'וויל ניט ליגן. וואָס האַלט איר מיך אין איין באַלייגן? קיין איין איינוער טוט מיר ניט ווי. מ'האָט מיר געבראַכט צו פירן אַ דאָקטער... מאַלקע, ווער איז דאָרט נאָך געקומען?

— מײַן טאַטע איז געקומען.

— ניין, אַכוץ אים, איז נאָך עמעצער געקומען. ווער וויינט עס?

— האַ, יאָ... די אַלטע האָרפּינע מיט נאָטאַלקען זײַנען געקומען. זיי האָבן געבראַכט דאָס קראַנקע קינד צום דאָקטער.

— איז וואָס זשע שטייסטו דאָ? גיי, מאַלקע־קרוין, גיי אַהין. עפּשער דאַרפן זיי דײַן הילף?

און מאַלקע שטיל, אָן אַ וואָרט, שלײַכט זיך, ווי אַ שאָטן, אַרויס. דאַניִעל גייט צו און שפּאַרט זיך אָן אָן דעם וועגטל פון דעם בעט, ווו ס'שלאָפט אינעם אָנטאָן דאָס קינד. ער שטייט לאַנג און כאַזערט איבער איינע און די זעלבע ווערטער:

— זון מײַנער, מײַן לעצטע האָפענונג, וואָס דערוואַרט דיך אין לעבן?

דערנאָך זעצט ער זיך צו אָפן בעט. בייגט זיך אָן און קושט מיט ציטער דעם זונס טונקל־ברוינע קרויזן, דעם שטערן, די אויגן, דאָס נעזל, די ליפּעלעך. דאָס קינד טוט זיך אַ דריי, טוט פון שלאָף עפּעס אַ מורמל און פאַרוואַרפט די הענטלעך אַרום פאָטערס האַלדז. דאַניִעל בלײַבט שטיל אין דעם זונס אָרעמס. ער וויל אים ניט אופוועקן. און ווען ער איבערצײַגט זיך, אַז דאָס קינד שלאָפט, באַפרײַט ער זיך פון זײַנע הענט. ער כאַזערט ווידער:

— זון מײַנער, מײַן איינציקע האָפענונג...

ער קושט דאָס נאַקעטע קניִעלע, ביידע הענטלעך און יעדעס פינגערל באַזונדער.

— אקיווע־פרײַנט, גיב מיר א האנט... פיר מיך צו צו דער קאנאפע... ניין, ניין, כ'וויל ניט ליגן. איך וויל זיצן. אקיווע־כאווער, זאָלסט שמוליקלען אמאָל זאָגן...

— וואָס, דאניִעל?

— אז מײַן גאנצן גלויבן, מײַן גאנצע האָפענונג האָב איך איבערגעלאָזט בא אים. לאָמיר שווײַגן, לאָמיר שווײַגן, אקיווע־כאווער... איך ווייס סײַווי אלצדינג. וואָס קאָנסטו מיר זאָגן? איך אף דײַן אָרט וואָלט אויך גאָרנישט ניט געזאָגט... דאָס מענטשלעכע לאָשן איז צו דאלעסדיק... וואָס פאר א וואָרט קאָן דען פארלעשן דעם געהענעם, וואָס ברענט אין הארצן? לאָמיר שווײַגן, אקיווע־פרײַנט, לאָמיר שווײַגן... א שטיין פון דער וואנט קאָן דאָך אָנהייבן שרײַען... נאָר איך קאָן שוין ניט שרײַען... המן הסלע הזה נוציא מים? (האמין האסעלא האזע נויצי מאַים?..*). לאָמיר שווײַגן, אקיווע־פרײַנט... ווײַ איז צו אונדזער ריידן און ווײ איז צו אונדזער שווײַגן!..

ער אָטעמט שווער, אָפגעהאקט, מיט א כריפ, שלינגט אלעמאָל אראָפּ א קנויל, וואָס שטעלט זיך אים אין האלדז. ער נעמט אָן אקיוועס האנט:

— לאָמיר שווײַגן!..

דאניִעלס האנט איז דארער, טרוקענער און קנאָכיקער געוואָרן. אקיווען דוכט, ס'איז ניט קיין האנט, נאָר א בינטל געפּרוירענע ביינדלעך.

— אקיווע־פרײַנט, ס'שיט א שניי?

— יאָ, דאניִעל, ס'שטעלט זיך דער ווינטער.

— אקיווע, א געדיכטער, א שטילער שניי?

אקיווע רײַבט דאניִעלס האנט. ער וויל אים דערוואָרעמען די קאלטע פינגער. אפּאָנעם, אז דער קויעך־האשמיִע איז בא דאניִעלן אויך שטארק אָפּגעשוואכט געוואָרן, צי דען טאקע הערט ער ניט, ווי דער ווינט רוישט אין דרויסן?

— אקיווע־פרײַנט, איך האָב ליב דעם ערשטן שניי. כ'האָב אָבער זייער ווינציק געמאָלט דעם ווינטער... כ'האָב ליב די וועסנע. וויפל שיינקײַט און קראפט!.. אקיווע־כאווער, און יענע דרײַ זוניקע טעג, יענע דרײַ געציילטע וועסנע־טעג, וועט מען מיר שוין טאקע קיינמאָל ניט געבן? נו, גוט, גוט, לאָמיר שווײַגן... איך בין שוין צעשפאָלטן, צעקרישלט, אָן א טקומע... דאָס לעצטע ביסל לעבן דערצאפּלט אין מיר... איך פיל עס, און דו זעסט עס אויך... איך בין רויִק. כ'וואָלט נאָר באדארפט עפּעס... כ'וואָלט נאָר באדארפט עפּעס פרעגן בא אווראָמען... דער טויט שרעקט מיך ניט. אף מײַן וואָרט, ער שרעקט מיך ניט... איך וויל אָבער ניט שטארבן קיין באל־כויוו... אויב כ'וועל ניט צאָלן דעם כויוו, איז מײַן גאנץ לעבן געווען נאריש... א באטלאָניש לעבן... איך וויל ניט שטארבן קיין באלכויוו. שרעקלעך איז ניט דער טויט, שרעקלעך איז אוועק־גיין פון דער וועלט מיט ליידיקע הענט...

אקיווע שלאָגט אים מער ניט איבער. ער זעט: דאניִעלן איז ניט אָפּצושטעלן און ניט צו פארריידן. ער רעדט, דאניִעל, ניט אזוי צו אים, ווי צו זיך אליין.

— אקיווע־פרײַנט, כ'דארף דרײַ זוניקע וועסנע־טעג... איך וועל נעמען א גרויסן שטיק לײַוונט, איך וועל ארויס אין פעלד און מאָלן א צעכוואליעטן ברייטן טײַך. די כוואליעס וועלן זײַן טונקל, טונקל־בלויע, קימאט שווארצע... יאָ, די כוואליעס דארפן זײַן קימאט שווארצע, נאָר מיט ווײַסע באזילבערטע רוקנס... קיין ברעג זעט מען ניט, נאָר א קרוין פון א ווערבע, א גרינע קרוין קריכט פון וואסער ארויס... דער הימל איז א ריינער, זייער א בלויער, איין ווײַסער צע־קעמטער וואָלקן שווימט ארום... אלץ איז פארגאָסן מיט זון. די לופט איז א דורכזיכטיקע... פון דער ערד שלאָגט א ווײַסע פארע... און אף די צעכוואליעטע שווארצע וואסערן טראָגט זיך א שיפל... דער טאטע זיצט אין דעם... אָן וועסלעס... דעם רוקן אײַנגעבויגן, דעם קאָפּ צום אקסל פארנייגט... אָט־אָט קערט זיך איבער דאָס שיפל... ס'האלט זיך אף ניסים...

ער בלײַבט מיטאמאָל זיצן שטיל, ווי אויסגעליידיקט, אויסגעשעפּט, א מידער און א פאר־מאטערטער, דער אָטעם — נאָך כריפּענדיקער, אָפּגעהאקטער.

— אקיווע־פרײַנט, דעם כויוו האָב איך שוין געצאָלט... ווער לאכט עס דאָרט אזוי?

— איווע לאכט... זי האָט שוין, דוכט זיך, מיט זיי אָפּגעפּארטיקט זיך. דער זשאנדארם איז שוין א געקויפטער. ער קלײַבט זיך שוין אוועקפאָרן.

— און אווראָמען וועט מען דארפן ברענגען צו זיי?

— נו, דאָס וועט מען שוין שפּעטער זען. דערווײַל איז אלץ גוט.

דאניִעלן שטעלט זיך אין די אויגן א געדיכטער נעפּל:

— דער אייביקער „דערווײַל"... אייביק דרייט זיך איבערן קאָפּ די שווערד...

— דאניִעל, טראכט ניט וועגן דעם. דער דאָקטער מיט איוואן נעמען עס אף זיך.

* — צי קאָן מען פון דעם דאָזיקן שטיין ארויסציִען וואסער?

— אקיווע־פּרײַנט, וואָס איז דאָרט פאָרגעקומען בא גאווריִעלן? וועגן וועלכן סאָד רעדט איווע?

— איך וועל דיר שפּעטער דערציילן...

— איר באַהאלט פון מיר אלץ אויס... איווע ווייסט דאָך מינאַסטאַם גוט, וואָס מיט כּיירוסן האָט געטראָפן? נו, גוט, מײַן פרײַנט, זאָל זײַן שפּעטער! — ער שלינגט אראָפּ א קנויל, וואָס האָט זיך אים געשטעלט אין האלדז. — איך האָב זי יאָ דערקענט און ניט דערקענט... ס'איז איווע און ניט איווע... ניין, ס'איז אן אנדער איווע. מיר שטייט פאר די אויגן יענע איווע, וואָס פלעגט קומען אין די פּאַרטאָגן... צום טײַך. קומען און זיך אוועקזעצן שטיל, אפילו אָן א גוטמאָרגן... אָדער איך זע זי שטיין בא דער קרענעצע... צווישן די דרײַ אָלכעס און שווענקען וועש... זי וויל מיך אָפּגיסן מיט וואַסער. די צעפּ פאַלן בא איר אין מולטער ארײַן. זי איז פאַרפאַליעט, די אויגן צוגעזשמורעט, פון אונטער די וויִעס שלאָגט א פאַרשײַט פײַערל... און זי לאַכט... איך זע נאָר יענע איווע... יענע איווע פלעגט מיר אָנפילן די נעשאָמע מיט כּיִעס... מיט גרויסע האָפענונגען...

ער הייבט זיך פלוצעם אוף און מיט א וואַקלדיקן טראָט גייט ער צו צום טיש. ער עפנט דאָס טישקעסטל, טאַפּט דאָרטן אָן מיט די ציטערנדיקע פינגער א צונויפגעבונדן הארט פּעקעלע, בלײַבט א רגע שטיין פאַרטראַכט, דערנאָך נעמט ער עס אַפגיך ארויס און דערלאַנגט עס אקיוון:

— אקיווע־כאַווער, נאַ, באַהאלט, וועסט עס שפּעטער... אָפּגעבן איוון. דאָ זײַנען קלאָ־לעס... און טפילעס... זיי פאָרן שוין אוועק?

— דוכט זיך, אז יאָ. — אקיווע פאַרוקט דאָס פּעקעלע אין א זײַט־קעשענע און נעמט אָן דעם כאַווער פאר ביידע הענט. — פאָלג מיך, דאַניִעל, לייג זיך צו.

— ניין, פרײַנט מײַנער, כ'וועל זיך נאָך אָנליגן... אז זיי וועלן אוועקפאָרן, וועלן מיר אלע גיין שפּאַצירן. איך, דו, איווע און מאַלקע... מ'קאָן אפילו אײַנשפּאַנען דעם שליטן... איך האָב ליב דעם ערשטן שניי... איך האָב ליב די ערשטע ווינטערדיקע ווײַסקײַט... נאָר פריִער דאַרף איך עפּעס פרעגן בא אווראָמען...

ער גייט ארויס אין צווייטן צימער. די ליכט ברענען פאר אים זייער ווײַט און אין א גע־דיכטן נעפּל. דער נעפּל ווערט אלץ געדיכטער. ער פרווּט פינטלען מיט די וויִעס — דער נעפּל צעגייט זיך אָבער ניט. אין די אויערן שטייט אים א שטילקײַט. קיין שום קאָל דערגייט צו אים ניט. לעבן דעם בעט, דוכט זיך, שטייט די מוטער.

— מאַמע, — זאָגט ער, — עפּשער האָסטו א גלעזל וואַרעמס?

— ס'איז ניט אײַער מאַמע. דאָס בין איך דאָך.

— הא, דו? דאָס ביסטו, דאָבציע?..

— יאָ, איך. איר דערקענט מיך ניט?

— איך דערקען... איך דערקען... דאָבציע... — און דאַניִעל וואָלט זייער וועלן זען אווראָמס אויגן — דער ברודער איז דאָך געווען פאַרליבט אין דעם מיידל נאָך איידער מ'האָט אים אָף דער מילכאָמע גענומען. — אווראָם, — זאָגט ער מיט א שמייכל, — אין אזא מיידל מוז מען זײַן פאַרליבט, מ'דאַרף דאָך זײַן שטאַרקער פון אײַזן... שוואַרצע אויגן און אזעלכע בלאָנדע האָר. דאָס איז דאָך א זעלטנהײַט... א מאַטאָנע פון גאָט. נאָר ווען איך בין אָף דאָבציעס אָרט, שטאַרב איך, אווראָם, אויך נאָך דײַנע טריט... איאָ, דאָבציע?

פון דאַניִעלס רייד ווערט דאָבציע רויט. זי פאַרשטייט זײַנע רעמאָזים און זײַן קאַוואָנע — ער וויל פּאַשעט איר און אווראָמען מיטהעלפן ארויסצוברענגען יענץ גרויס וואָרט, וואָס זייביידן איז עס שווער אזוי ארויסצוזאָגן. זי איז אים פון גאנצן הארצן דערפאַר דאַנקבאַר און זי וועט עס קיינמאָל ניט פאַרגעסן. נאָר צי דען איז איצט אָף דעם די צײַט? צי דען זעט ער ניט, דאַניִעל, וואָס אין שטוב טוט זיך? זעט ער דען ניט, אז אפילו די „קנעפּלעך" שטייען אָנגעטאָ־נענע, רירן זיך ניט פון אָרט און וואַרטן... צי פילט ער ניט די אָנגעשטרענגטקײַט פון דער שאָ? צי דען טאַקע ווייסט ער ניט, וואָס אין קיך אפן גרויסן טיש, וועלכער איז פאַרשפּרייט געוואָרן מיט א ווײַסער לײַלעך, קומט פאָר? צי ווייסט ער טאַקע ניט, אז דער דאָקטער מאַכט דאָרט אָן אָפּעראַציע נאַטאַלקעס קראַנק קינד? צי דען טאַקע זעט ער ניט, ווי יִצחאָק לײַכט צו דעם דאָק־טער מיט צוויי אופגעהויבענע ליכט אין ביידע הענט? צי דען זעט ער ניט, דאַניִעל, ווי די אלטע האַרפינע שטייט אָף די קני, ציילעמט זיך און קלאַפּט אלעמאָל דעם קאָפּ אָן דער ערד... אַפּאַנעם, אז דאַניִעל זעט עס ניט און ווייסט וועגן דעם גאָרניט. זאָגט זי אים, דאָבציע, אפן אויער:

— איך וועל אײַך גיין ברענגען טיי...

ווען דאָבציע איז אָפּגעגאַנגען, בייגט זיך דאַניִעל אָן איבערן ברודער:

— קיינער שטייט ניט לעבן אונדז?

— ניין, דאניִעל. וואָסי, דו זעסט ניט?
— איך זע, אווראַם, איך זע... זאָג מיר, ווען ביסטו געווען בא ראָכלען?
— צוריק מיט א וואָך.
— און זי האָט געפּרעגלט אין דרויסן ווארעניע? ווער פּרעגלט עס אין דער צײַט אײַנגעמאכטס?.. און פון וועלכע אויבסן? פון ווײַנשל?
— כ'וויס דאָרט, פון וועלכע?
— און די קינדער, זאָגסטו, זײַנען געשטאַנען ארום דער פאַן?
פון דאַניִעלס קוק, פון זײַנע פײַכטע גלאַנציקע אויגן, רוקט זיך אווראַם ארײַן טיפער אין די קישנס.
— זאָג מיר, ברודער, דו ביסט ארײַנגעפאלן אהין אין דעם טאָג... ווען ס'איז פּאַרגעקומען דער פּאַגראָם?
אווראַם שווײַגט.
— דו האָסט געטראָפן ראָכלען ליגן... אין דרויסן?
אווראַם שווײַגט.
— זי האָט נאָך געלעבט?
— דאַניִעל... מאַטער מיך ניט.
בא די ווערטער האלט זיך שוין דאַניִעל ניט אף די פיס און טוט א פאל לעבן ברודער אפן בעט. ער נעמט פירן מיט די ציטערנדיקע פינגער איבערן ברודערס פּאָנעם. די פינגער ווערן בא אים נאַס. אווראַם וויינט. נעמט דאַניִעל ארום מיט בײדע הענט אווראַמס קאָפּ, טוט א שווערן קרעכץ און בלײַבט ליגן שטיל.
קיינער באַמערקט ניט און הערט ניט, וואָס צווישן די צוויי ברידער קומט פאָר. אלע האָבן אויך פאַרגעסן אָן דעם אויספּאַרשער, אָן דעם פּריסטאַוו. מ'האָט אפילע פאַרלוירן זיך אליין און דאָס אייגענע זײַן. יעדע רעגע ציט זיך און דויערט אן אייביקײַט. אין אזא מין רעגע ווערט מען געעלטערט. שפּעטער וועט מען ניט וועלן זיך אליין גלייבן, אז אזעלכעס האָט מען איבערגעלעבט און בא אזעלכעס איז מען בײַגעווען. מיט אופגעריסענע אויגן, די קעפּ געווענדט אהין, אין קיך ארײַן, צו דעם ווײַסן טיש, ווו מ'זעט בלויז דעם דאָקטערס אײַנגעבויגענעם רוקן, זײַן אלעמאָל אויסגעצויגענע האלב־נאַקעטע האַנט צו איוועןן, וועלכע באדינט און דערלאַנגט אים, און איבער זיי ביידן שטייט יִיצחאָק באַיאַר אָן אויסגעגלײַכטער, מיט די צוויי ברענענדיקע ליכט אין בײדע הענט, אָן א טראָפּן בלוט אין פּאָנעם, און זאָגט מיט די ליפּן — בעט בא גאָט הילף און ראַכמים.
אין אָט דער ביז צום סאָף אָנגעצויגן־אָנגעשטרענגטער שווײַגעניש און ווארטעניש, גלײַכט דער דאָקטער אויס דעם רוקן, ציט אראָפּ צום האלדז די מאַרליע פונעם פּאָנעם און הייבט אָן אויסצופײַפן א פריילעכן ניגון.
— מוטער, — זאָגט ער צו נאַטאַלקען, וואָס זיצט לעבן דער מומע ליבע און יענע גלעט איר די אקסל, — אײַער קינד וועט זײַן געזונט.
ערשט איצט צעווײנט זיך נאַטאַלקע. זי טוט זיך א וואָרף און וויל קושן דעם דאָקטערס הענט. די אלטע האָרפּינע הייבט זיך אוף פון דער ערד, בלײַבט שטיין פאַר אים, און פון ניט ווויסן, וואָס צו טאָן, נעמט זי צײַלעמען דעם דאָקטער:
— גאָט זאָל זײַן מיט דיר אין אלע וועגן... טי באָזשא ליודינא דאַ דנאָ...*
די אלטע קרעטשמע לעבט אוף. איין אקיווע זיצט אין פינצטערן אלקערל אף דער קאַנאַפּע, האלט נאָך אלץ די האַנט אין זײַט־קעשענע, וווהין ער האָט פאַרוקט דאָס פּעקעלע פאַר איוועןן, און קוקט דורכן אָפענעם טירל מיט שרעק און טרויער, ווי דאַניִעל ליגט, ארומגענומען מיט אווראַמען, און יענער איז זיך נאָך, אפּאָנעם, גאַרניט מעשײַער און איז נאָך אין גאַרנישט ניט כוישעד...
צום בעט גייט צו די מוטער, „דער שטילער זומער". זי קוקט אף אירע צוויי זין און זאָגט פון נאַכעס:
— ס'זאָל נאָר זײַן מיר פאַר אײַערע קעפּ... נאָך מײַן קאָפּ זאָלט איר מיר בלײַבן. דאַניִעל, דו האָסט דאָך געוואָלט, מײַן זון, א גלאָז טיי? דאַניִעל?.. — פּלוצעם שרײַט זי אויס ניט מיט איר קאָל: — וויסט איז מיר, פינצטער איז מיר, — און „דער שטילער זומער" פאַרברעכט די הענט, — יִיצחאָק, מאַלקע, מענטשן ליבע, וואָס איז מיט מײַן קינד?..
אין דרויסן סקריפּען די רעדער פון דער בריטשקע — דער אויספּאַרשער מיט דעם פּריסטאַוו פאָרן אָפּ. בא דער טיר רעוועט די קו מיט דעם אָפּגעבראָכענעם האָרן, מ'האָט פאַרגעסן זי ארײַנלאָזן אין שטאַל. אלעמענס אויגן ווערן ווידער פול מיט פּאַכעד און האָפענונג. זיי זײַנען

* — ביסט גאָטס מענטש ביזן סאָף.

ווידער געווענדט צום דאָקטער, וואָס האלט דאניִעלס זייער געלע האנט. מ'שטייט אזוי, ווי דער שניי וואָלט געפאלן ניט הינטער די פענצטער, נאָר אף זייערע הערצער. איין אווראַם, וואָס האָט זיך באפרײַט פון דאניִעלס האנט, איז ארויס פון בעט אין איין וועש און שפּרינגט ארום איבער דער שטוב אף די מיליצעס.

„דער שטילער זומער" מיט פארפרעסטע ליפּן, מיטן אייביקן געשריי אין די אויגן, וויגט די פארבראָכענע הענט, קוקט דעם דאָקטער אין פּאָנעם ארײַן און ווארט... אזוי האָט זי געווארט אין יענער זומערדיקער נאכט, צוריק מיט דרײַסיק יאָר, ווען דאניִעל איז געבוירן געוואָרן, מ'זאָל איר אָנזאָגן די בשורה, אז ס'איז בא איר געבוירן געוואָרן א לעבעדיק קינד... די ערשטע דרײַ זײַנען בא איר געבוירן געוואָרן טויטע. זי האָט דעמלט אויך מיט פארבראָכענע הענט געווארט... און ווען ייִצכאָק האָט איר אָנגעזאָגט: „ריווקעלע, א לעבעדיקער, א גרויסער, א שווערער, א קאדיש...", האָט זי דעמלט פון פרייד גענומען שרײַען:

— זון, שײַן, לעוואָנע, שטערן.

דער דאָקטער לייגט אוועק דאניִעלס האנט, דרייט אָפּ פון ריווקעס אויגן דעם קאָפּ, נעמט אראָפּ דיברילן און גייט אפגיך אוועק אין קיך ארײַן, ווו ס'ליגט דאָס קראנקע קינד. פונעם אלקערל, ווו אקיווע זיצט נאָך אלץ אף דער קאנאפּע, לויפט ארויס א צעטומלטער דאניִעלס לעבעדיקע האָפענונג — זײַן נײַניאָריקער זון, ייִצכאָק כאפּט אים אף די הענט ארוף.

„דער שטילער זומער" הערט זיך אוף צו וויגן און פרעגט שטיל מיט א טרוקענעם קאָל:

— הא, און דאָס איז גאָר?

דערנאָך שטרעקט זי אויס די הענט צו אלעמען:

— מענטשן, ליבע מענטשן, גוטע מענטשן, פרײַנט מײַנע, וואָס שטייט איר?.. — און זעענדיק, אז קיינער רירט זיך ניט פון אָרט, טוט זי זיך אליין א וואָרף צו דאניִעלן — ראטעווען איר קינד. די מומע ליבע פארהאלט זי:

— וויינט, ריווקע, וויינט, וועט אײַך ווערן גרינגער...

פונעם „שטילן זומער" הערט מען ניט קיין קאָל. ייִצכאָק באַיאר — שטארק אײַנגעבויגן, דאָס מויל אָפן, פון דעם נאָרוואָס דערלאנגטן אומראכמאָנעסדיקן און אומדערבארעמדיקן קלאַפּ קאָן ער דעם אָטעם ניט כאפּן — דריקט שטארקער צו זיך שמוליקלען, וואָס רײַסט זיך צום פאָטער. ענדלעך טוט דער קרעטשמאר א מאָדנעם אָטעם, גייט צו צו דעם בעט, בייגט זיך אָן, נעמט שמוליקס הענטל, פארמאכט מיט זײַנע צוויי פינגערלעך דאניִעלס אָפענע ווײַסע אויגן, און זאָגט:

— באָרוך דאיאַן עמעס.

— ייִצכאָק, הא? — פרעגט ריווקע מיט א קאָל, וואָס קוים מ'הערט עס. — הא, הא?

ייִצכאָק נעמט זי אָן באם עלנבויגן:

— ריווקע, שטארק זיך... מ'טאָר ניט פארשטערן שאבעס.

זי שטייט שטיל, קוקט, ווי אקיווע מיט גאווריִעלן טראָגן איבער דאניִעלן אהין, אין פינצטערן אלקערל, אף דער קאנאפּע. ערשט דעמלט, ווען זי דערזעט: מאלקע טראָגט אהין א ווײַסע לײַלעך, נעמט „דער שטילער זומער" שרײַען:

— אויסגעלאָשן געוואָרן די זון... די שײַן, די לעוואָנע, די שטערן...

(פאָרזעצונג קומט)






## יויסעף קאָטליאַר

געבוירן אין 1908 אין בערדיטשעוו. פאַרענדיקט דעם
כאַרקאָווער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט. אָנגעהויבן זיך
דרוקן אין 1925. וווינט אין ווילניוס.


# מיט פריילעכע אויגן

מיט פריילעכע אויגן אַ קוק טאָן אויף אַלץ,
מיט גלויביקע בליקן.
אַז ס'זאָל דיר דאָס קײַלעכל ביטערס אין האַלדז —
אופהערן שטיקן.

דערזען זאָלסט אין וואָלקן, וואָס שווימט איבער דיר,
אַן אָנזאָג פון רעגן.
דיר דוכטן זיך זאָל: ס'טוט דער באַרג זיך אַ ריר,
ער קאָן זיך באַוועגן.

און מיינען זאָלסטו: ס'האָט די זון זיך ביז שפּעט
פאַרהאַלטן, אפּאָנעם,
ווײַל זי האָט דיר נאָך ניט דערוואַרעמט, צעגלעט
די קנייטשן פון פּאָנעם.

אַ טראַכט טאָן דו זאָלסט: ס'בלאָזט דאָס ווינטל דעם וואַלדס,
קעדיי דיך דערקוויקן.
מיט פריילעכע אויגן אַ קוק טאָן אויף אַלץ,
מיט גלויביקע בליקן.

# דאָס בעסטע

ליבסטע, צווישן טאָג און נאַכט
וועגן דיר האָב איך געטראַכט, —
ביסטו טאַקע אָנגעקומען
און דאָס בעסטע מיר געבראַכט.

און דאָס בעסטע — איז דײַן בליק,
אויגן־ברענעמלעך פון גליק...
ווען איך זע זיי, ווען איך זע דיך,
קערט מײַן יוגנט זיך צוריק.

און דאָס בעסטע — דײַנע הענט,
זייער צאַרטקייט, זייער בלענד,
זייער שטאַרקייט, וואָס וואָלט, דאַכט זיך,
איבערטראָגן בערג געקענט!

ליבסטע, צווישן טאָג און נאַכט
וועגן דיר האָב איך געטראַכט, —
און ס'האָט אַלץ אין מיר געזונגען,
און ס'האָט אַלץ אין מיר דערוואַכט.

## צוגאסט

פארגעסן גאָר, אז ס׳איז שוין האלבע נאכט,
א יונגע פאָר הינטער מײַן פענצטער לאכט,
און ווערט נאָר אָף מינוטן בלויז אנשוויגן, —
אין די מינוטן, ווערליק איך געדענק,
עס שליסן זיך צונויף די ליפן ענג,
און ס׳הארץ, פארשטילט, גייט אויס פון פארגעניגן.

כ׳ווער ניט אין כּעס, איך צינד ניט אָן די ליכט,
איך קלאפ ניט אָן אין פענצטער אומגעריכט:
שטייט, געליבטע, שטייט ביז טאָג ארומגענומען...
איר פאסט אזוי צו מײַן געמיט, איר פאסט!
מיר דוכט זיך, אז מײַן יוגנט איז צוגאסט
צו מיר הײַנט אָף א רעגעלע געקומען...

* * *

וואָס דארף א ווינט? — א פעלד א ברייטס,
קעדיי מיט ראכוועסן זיך קריגן,
און אײַנשטילן, און ווידער וויגן
די דינע שטענגעלעך פון ווייץ.

וואָס דארף א שטראל? — דורך וואָלקן־גרעב
זיך דורכשלאָגן פון הויכן הימל,
און טאָן א שפּיל און טאָן א לעב,
אף צארטע בלעטלעך פון א בלימל.

וואָס דארף א זאנג, א בלום, א בויס? —
די זאפט פון ערד, די קראפט צו גרינען.
וואָס דארף א וואָרט? — א הארץ געפינען,
און אָנצינדן אין דעם א טרויס...

## אָנרוף

מײַן סייכל זאָגט מיר: זינג! און כ׳פאָלג אים.
איך זינג דאָס זעלביקע געזאנג,
וואָס ס׳זינגען פישער אף דער וואָלגע...
אין וואסער, קעגן זון־פארגאנג,
פארווארפן זיי די נעץ און קוקן
פארליבט, מיט גלויביקײַט אין בליק,
ווי גרינג די שווים־העלצלעך זיך טוקן
און האלטן אוף די שווערע שטריק.

מײַן הארץ באפעלט מיר: זינג! און כ׳פאָלג עס.
אזוי־אָ זינגט, דעם קאָפּ אנטבלויזט,
דער מענטש אין פעלד, ווען גרויער וואָלקן
זײַן ערשטן דונער־בליץ האקט אויס.
ער זעט פאר זיך א שעפע זאנגען,
דער מענטש אין פעלד, — עס גרינט און ס׳בליט...
איך זינג, און אלעמענס געזאנגען
זיך רופן איבער אין מײַן ליד!



דאָרע כײַקין

# ס'האָט די נויט די גרויסע דיך געצוווּנגען

אין דער טערקישער שטאָט קירשעכיר האָט דער אַרבעטלאָזער כוסייַן אַקבאַש געמאָלדן, אַז ער פאַר־קויפט זייַן אויג, קעדיי ניט שטאַרבן פון הונגער.
(פון די צייַטונגען, 1961)

ניט געזען כ'האָב קיינמאָל דייַנע אויגן,
כ'ווייס ניט זייער עמעסן קאָליר,
נאָר איך קאָן זיך פאָרשטעלן און גלויבן,
אַז זיי זייַנען שוואַרצע, ווי בא מיר.

און עס קאָן זיך מאַכן: אויף אונדז ביידן
פאַלט אין כוידעש מייַ דער זעלבער צוויט,
פונקט עס זאָל די גרענעץ אונדז ניט שיידן
מיט אַזויפיל ווערסטן אין דער מיט.

און מיר האָבן ביידע — איך אין קיִעוו,
דו אין שטאָט אין הייסער קירשעכיר,
זיך געקוויקט מיט פאַרבן פון אַ שקיִע,
מיט איר לעצטן בלענדיקן קאָליר.

אין מייַן וועלט, אין דער, ווו כ'לעב און אָטעם,
אין מייַן לאַנד, וואָס פּרעכטיק איז און גרויס,
ליגן אויצרעס טייַערע צעשאָטן
און זיי קוקן נאָר אויף אונדז אַרויס.

זייַנען אָפט מיר ווייניק מייַנע אויגן,
ס'טוט מיר באַנק, אויב עפּעס כ'זע ניט איין.
אין דייַן וועלט — מע גייט אַרום געבויגן
אונטער יאָך פון נאָגנדיקער פּייַן.

עס האָט דיך געפּענטעט פעסט דער הונגער,
און דער צאַר, דער וויטעק לאָזט ניט אָפּ.
ס'האָט די נויט די גרויסע דיך געצוווּנגען
צו פאַרקויפן ס'אויג דייַנס פונעם קאָפּ.

און דאָס אויג, אָט דאָס, וואָס איז געבליבן,
וועט קיין פרייד ניט זען דאָך סייַוויסיי,
עס וועט זען צעפּאַסעוועטע לייַבער
פון די זין און טעכטער פון טערקייַ.

פיבערדיקע הונגעריקע אויגן,
אויסגעשטרעקטע ציטערדיקע הענט,
שמאַטעס אין די פענצטער — ניט קיין שויבן,
ברעטער האַלב־צעפוילטע אין די ווענט.

גיין וועסטו אויף גאַסן האַלב אַ בלינדער.
ווער זשע וועט דיך לאָזן אויף זייַן שוועל?
נאָר איך האָף, איך גלייב, אַז דייַנע קינדער
וועלן לעבן אין אַן אַנדער וועלט.

יאָ, דייַן וויטעק כ'פיל אין מייַנע אויגן...
כ'ווייס ניט זייער עמעסן קאָליר.
נאָר איך קאָן זיך פאָרשטעלן און גלויבן,
אַז זיי זייַנען שוואַרצע, ווי בא מיר.

* * *

איך ווייס ניט, ווער עס האָט דעם עפּל־צוויט געריסן —
אַ שטיפערל, וואָס האָט זיך דאָ געשפּילט,
צי עמעץ מיט אַן אומרייַנעם געוויסן
האָט אָט די צווייַג צעבראָכן אין דער שטיל.

און ס'האָט נאָך לאַנג אין שויס זייַנעם אין גרינעם
די צווייַג געוויגט דאָס פרילינגדיקע גראָז.

פארהאוועטע פארבײַ זײַנען געפלויגן בינען,
צום צוויט אראָפּגעריסענעם האָט איינע זיך געלאָזט.

און זיך פארניורעט אין די בלעטלעך זײַנע ווייכע,
און נאָכדעם, שיקער פונעם זיסן זאפט און דופט,
זיך אופגעהויבן צו אומענדלעך־בלויע הייכן,
א בלענד געטאָן — א שטיקל גאָלד אין לופט.

און איז נאָך לאנג דערנאָך געפלויגן איבער צווײַגן,
מיט ווײַסן צוויט באשאָטענע געדיכט,
געפלויגן זינגענדיק און יאָמטעוודיק־פארדײַגעט,
די לעבנס־שטויבעלעך צום בוים געבראכט מיט זיך.

ווען עפל וועלן הארבסט־צײַט זײַן געראָטן,
וועט פריידיק זײַן צו טראכטן פון דערפון,
אז ס׳לעבט אין זיי דער צוויט, וואָס עמעץ האָט צעטראָטן, —
דאָס לעבן אייביק איז אונטער דער זון!

# אף ברייטע גאסן

אף ברייטע גאסן ליגט א שפעטער אָוונט
און א פארליבטע פאָר קומט אָן אנטקעגן מיר.
כ׳האָב זייער ליב אין אָט די שטילע שאָען
ארויסגיין גלאט אזוי אף א שפאציר.

און וויסן כ׳זאָל, אז הינטער טונקלע שויבן
עס עטעמט שטיל די נאכטעסדיקע רו,
און עמעץ קוקט זײַן ליבער אין די אויגן —
פון גליק עס שליסן זיך די אויגן צו.

און ווען אין פענצטער איינציקן א פלעמל
טוט אומגעריכט א פינקל אין דער נאכט,
כ׳וויל וויסן, וועמעס הארץ טוט קלעמען,
ווער איז דער מענטש, וואָס זיצט פארטראכט.

איך בעט א טאָפּאָל, וועלכער שטייט דערנעבן:
דו טו א קוק, ביסט שלאנק און גרויס,
און זאָג, וואָס פאר א מענטשן דאָרטן לעבן,
פאר פרייד, צי ווי דעם שלאָף זיי מײַדן אויס...

ס׳קאָן זײַן, אז א דערפינדער עפעס צייכנט,
ס׳קאָן זײַן, א דיכטער שרײַבט זײַן ערשטע ליד...
צי לעם א קראנקן קינד, א בלייכן
עס זיצט א מאמע אומרויִק און מיד.

אף ברייטע גאסן ליגט א שפעטער אָוונט
און א פארליבטע פאָר קומט אָן אנטקעגן מיר.
כ׳האָב זייער ליב אין אָט די שפעטע שאָען
ארויסגיין גלאט אזוי אף א שפאציר.





## מייער יעלין

געבוירן אין 1910 אין שטעטל סערעדזשיי (ליטע). בייס דער פאַטערלענדישער מילכאָמע גענומען אָנטייל אין דער אונטערערדישער פּאַרטיזאַנישער אָרגאַניזאַציע פון קאָונאַסער געטאָ. אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1932. וווינט אין ווילניוס.

# די פּרײַז פון יענעם ברויט

שוין עטלעכע טעג, ווי מיר באַקומען פּינקטלעך אונדזערע ברויט־פּאַרציעס. מיר קריגן זיי צו דער צײַט, און אַפילו עטוואָס מער, ווי אונדז קומט לויט דער נאָרמע. קאָנט איר אָפּשאַצן אַזוינס? ווייסט איר, וואָס עס באַטײַט אַ פּענעץ ברויט פאַר שטענדיק הונגעריקע, דורך שווערער קאַטאָרגע־אַרבעט אויסגעשעפּטע מענטשן? ברויט — נאָך דעם, ווי מע האָט אונדז דרײַ מעסלעס נאָכאַנאַנד געהאַלטן אויף אַ ביסל אָפּגעקאָכטע קרויטבלעטער! און איצט האָט מען אונדז צו דער פולער פּאָרציע ברויט נאָך צוגעוואָרפן אַ שטיקל פערדנפלייש, אַ מעסטל קאַרטאָפל, עטלעכע בוריקעס...

וועלכע האַשאָרעס זײַנען ניט אַרויסגעזאָגט געוואָרן אין שײַכעס דערמיט:

— מע נעמט זיך אָן אונדזער קריוודע...

— דער אינטערנאַציאָנאַלער „רויטער קרייץ“ האָט זיך אַרײַנגעמישט...

— נאָך זײַן פינצטערער מאַפּאָלע בײַ מאָסקווע הייבט היטלער אָן מוירע האָבן פאַר פאַראַנטוואָרטלעכקײַט...

אַזוינע און צענדליקער ענלעכע האַשאָרעס האָבן זיך געלאָזט הערן. ווייניק ווער עס האָט געוווסט די עמעסע סיבע, פאַרוואָס די פאַרשפּאַרטע אין געטאָ האָבן פּלוצעם גענומען קריגן זייערע פולע נאָרמעס שפּײַז־פּראָדוקטן. ווייניק ווער עס האָט געוווסט, אַז קיין שום הויך־פּאָליטיק האָט דאָ ניט געשפּילט די מינדסטע ראָליע און אַז דאָס שטייט גאָר אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, וואָס פון געטאָ איז פאַרשוווּנדן דער פרויען־דאָקטער ז.

לאָמיר דאָ פּרווון בעקיצער אופשטעלן דעם דאָזיקן צוזאַמענהאַנג.

מיר וועלן זיך ניט פאַרהאַלטן אויף די אינטימע באַציִונגען פונעם שפּײַז־אינטענדאַנט, דעם אַזויגערופענעם „פאַרפלעגונגס־מײַסטער“ גיונטער קוואַטשקע מיט זײַן סעקרעטאַרן קאַטרין ראו. וואָס איז דאָ דער וווּנדער? זינט עס עקזיסטירן שעפן און כיינעוודיקע סעקרעטאַרנס, אַזוי לאַנג ווייסט די געשיכטע צו דערציילן פון קעגנזײַטיקע סימפּאַטיע־פעדעם, וועלכע נעמען זיך וועבן אין זייערע הערצער, וואַרפן זיך אַריבער פון איין האַרץ צום צווייטן, קניפּן זיך צונויף איינער מיטן אַנדערן, פאַרפּלאָנטערן זיך אָפּטמאָל... איז וואָס, אַז עס גייט מילכאָמע, אַז דעם פיורערס אַרמייען זײַנען געבליבן שטעקן אין קלעם פונעם רוסישן ווינטער? דעריבער טאָר שוין בײַ די דײַטשישע מיליטער־לײַט פונעם הינטערלאַנד ניט בלײַבן קיין אָרט פאַר געפילן, פאַרגעניגנס און נאָרמאַלע מענטשלעכע אינסטינקטן? גיונטער קוואַטשקען איז געווען באַשערט, ער זאָל בלײַבן ווײַט פונעם פראָנט, ווײַט פון טויטגעפאַרן און דערצו פאַרנעמען אַ כאַשעווען פּאָסטן. ס'איז ניט זײַן שולד, וואָס ער האָט מאַזל און קאָן מילכאָמע־צײַט האָבן צו טאָן מיט גרויסע פּאָדריאַדן שפּײַז־פּראָדוקטן. ער איז צופרידן. ער זעט, אַז זײַנע שעפן זאָלן אויך זײַן צופרידן פון זייער אונטערגעאָרדנטן. ער צווינגט זיי ניט לאַנג צו וואַרטן אויף אַ פלאַש עכטן קאָניאַק, אַ שאַכטל האַוואַנער ציגאַרן אָדער אַ פלאַקאָן פראַנצויזישן פּאַרפום. די שעפן זײַנע באַקומען קעסיידער בריוולעך פון דער היים, אין וועלכע מע גיט זיי צו וויסן, אַז דאָס פּעקל כאַזערפעטס, פוטער, געטריקנטער ליטווישער קעז אָדער די געענדז „זײַנען דערהאַלטן געוואָרן אין בעסטער אָרדענונג“. און אויב אים קלעקט דאָס אַלץ פאַר זײַטיקע מענטשן, איז וואָס איז דער וווּנדער, וואָס ער, קוואַטשקע, ווײַזט אַרויס אופמערקזאַמקײַט צו זײַן סעקרעטאַרן, קאָמבינירט אויס פאַר איר צירונג, טײַערע מאַלבושים...

נאָר דאָס אַלץ — פאַרבײַגייענדיק, קיין דירעקטע שײַכעס צו אונדזער דערציילונג גופע האָט עס ניט. אַ דירעקטע שײַכעס האָט שוין אָבער יאָ דער צאַרטער גלעט פון די וואַרעמע פרויען־

פינגער, וואָס קוואַטשקע האָט פּלוצעם דערפילט אַף זײַן הוילן נאַקן. דעם צאַרטן גלעט האָט באַגלייט אַ זיס געפּליסטער פון אַנגעפּאַרבטע פּולבלעכע ליפּן, גנייוויש צוגערוקטע צו זײַן אויער:

— גיוני, וועסט ווערן אַ פּאַפּאַ...

קוואַטשקע האָט זיך אַנגעשפּיצט. אַ פײַנע געשיכטע, אַפּסנײַ ווערן... אין מיזרעך־פּרײַסן האָט ער איבערגעלאָזט אַ פרוי מיט צוויי פלאַקס־בלאָנדע יינגלעך...

— וואָס ביסטו אַזוי אופגערודערט, גיוני? איך שווער, ס'איז פון דיר און נאָר פון דיר...

די סעקרעטאַרן האָט זיך טויע געוועזן. דעם „פאַרפלעגונגס־מײַסטער" האָט עס אַ הייב געטאָן ניט ווײַל עפּעס האָט אים אומאַנגענעם איבעראַשט. ער איז ניט געווען פון די, וואָס ערגערן זיך, נעמען זיך שטאַרק צום האַרצן. ער איז אופגעשטאַנען, קעדיי זיך צו באַפרײַען פון דער וואַרעמער פרויען־האַנט, וועלכע איז אים איצט געלעגן אַף זײַן נאַקן, ווי אַן איבעריקע לאַסט.

ער איז געווען הויך, ברייטפּלייציק, גוט אָפּגעפּיטערט. דער דיל האָט אַזש אַ קרעכץ געטאָן אונטער זײַן שווערן קערפּער. ער האָט פון אויבן אַראָפּ באַטראַכט זײַן סעקרעטאַרן, וואָס האָט, ווי אַ פאַרשולדיקט קעצל, זיך צונויפגעצויגן, צילנדיק אין אים דעם דורכדרינגלעכן גלאַנץ פון אירע גרין־גרויע אויגן. אַנגענומען זי פאַרן קין, אַרופגעריסן מיט אַ שאַרפער באַוועגונג איר העל פּענעמל, האָט ער איר צו וויסן געגעבן:

—קיטי, דאָס וועט קיינמאָל ניט געשען! איך וועל עס שוין באַזאָרגן...

געזאָגט, און אַ גוטמוטיקער שמייכל האָט פאַרגאָסן זײַן פלײשיק פּאָנעם, אין וועלכן עס זײַנען איצט אינגאַנצן אײַנגעזונקען געוואָרן זײַנע אַזוי אויך טיף אַרײַנגעזעצטע וואַסערדיקע אייגעלעך. פון די דינע טרוקענע ליפּן איז פאַרשווונדן דאָס לעצטע ביסל בלוט. אויס ליפּן, אויס געזיכט־שטריכן. אַ גלאַנציקע הויט האָט שטײַף אַרומגעצויגן קוואַטשקעס פּאָנעם, דעם גלאַט־געגאָלטן שאַרבן. אויסגעטײלט האָט זיך בלויז די פּולבלעכע רונדע נאָז, וועלכע האָט געסטאַרטשעט אינעם צענטער פונעם ראָזלעך אַנגעצונדענעם פּאָנעם־קײַלעך.

קוואַטשקע איז קיינמאָל ניט געווען באַריידעוודיק. ער האָט זיך ניט גערימט מיט זײַן מאַכט און זײַנע מעגלעכקײַטן. נאָר אַז ער פלעגט שוין מעלדן, וואָס ער האָט בעדייע צו טאָן, האָט מען געמעגט זיך פאַרלאָזן: עס איז פעסט, ווי צוגעטשוועקלט. ער פלעגט זײַנע באַשלוסן פאַרווירק־לעכן, ווײַל מעגלעכקײַטן האָט ער בעעמעס פאַרמאָגט גאָר גרויסע. אַ קלייניקײַט, מילכאָמע־צײַט, ווען אַלע זיצן אַף שפּײַז־קאַרטלעך, איז ער באַלעבאָס איבער ברויט, פעטס, גרינוואַרג, קאָנדיטערײַ... ער פאַרטײלט שפּײַז די לאַגערן פאַר קריגסגעפאַנגענע, דער געטאָ. ווער וועגט, ווער מעסט און ווער פון די פאַרשפּאַרטע וועט וואָגן אים צו קאָנטראָלירן! טוט ער, וואָס ער האַלט פאַר נייטיק.

איצט דאַרפן מיר ווענדן אונדזער אופמערקזאַמקײַט אַף דער צווייטער הויפּטפיגור פון אונדזער דערציילונג. מיר טרעפן אים, דעם דאָקטער ז., אינעם בײַדל אַפן פעלד, וווּ עס ווערן דורכגעפירט ערד־ און בעטאָן־אַרבעטן. דאָס בײַדל, צונויפגעקלאַפּט פון ניט קיין געטעסעטע ברעטער, איז באַשטימט אַף צו האַלטן אַרבעטס־מאַכשירים. דער דאָקטער ברענגט אָבער אהער אויך די פאַרוווּנדעטע אָדער שלאַף־געוואָרענע צוואַנג־אַרבעטער, וועלכע נייטיקן זיך אין דרינגענדיקער מעדיצינישער הילף.

בייס די טיר פונעם בײַדל האָט זיך אופגעריסן און אַף דער שוועל איז אויסגעוואַקסן דער „פאַרפלעגונגס־מײַסטער", האָט דער דאָקטער זיך געוואָרעמט באַם בלעכענעם אייוועלע, האַלטנדיק ביידע הענט אויסגעשטרעקט צום צעעפנטן טירל. דאָס פײַער האָט מיט אַ בראָנזענעם אָפּשײַן אַרומגעזוימט דעם ווײַסן באַנט מיטן רויטן קרייץ אַפן דאָקטערס לינקן אַרבל.

דערזען דעם קרייץ, איז קוואַטשקען קלאָר געוואָרן, אַז ער האָט געפּאַקט דאָס, וואָס ער זוכט.

דער דאָקטער און נאָך אַ פּאָר אַנוועזנדיקע זײַנען אופגעשפּרונגען פון די ערטער און זיך אויסגעצויגן. דער דײַטש האָט אָן ווערטער, מיט אַ ווונק, ווי צו הינט, געגעבן אַ צייכן אַלעמען זיך אָפּצוטראָגן. דעם דאָקטער האָט ער אָנגעוויזן, ער זאָל בלײַבן אַף זײַן אָרט, אַליין האָט ער זיך אַרײַנגעשפּאַרט אין בײַדל און צוגעקלאַפּט הינטער זיך די טיר.

— ביסטו עס דער פרויען־אַרצט? — האָט קוואַטשקע מיט אַ ביסל כשאַד באַקוקט דעם קליינוווקסיקן, ברייטלעכן מאַנצבל מיטן פאַרגרעבטן טונקעלן פּאָנעם און צעפּאַטלטער טשופּרינע שוואַרצע האָר, — ביסטו עס?.. איך האָב געהערט פון דײַנע ברידער, וועלכע אַרבעטן דאָ... אָ, זיי לויבן דיך, ווי דעם בעסטן ספּעציאַליסט אין שטאָט. און אַזאַ האָב איך נייטיק.

— איצט פאַרנעם איך זיך ניט מיט מײַן ספּעציאַליטעט, — האָט דער דאָקטער אין אַ גוטן דײַטש האַרבלעך אָפּגעענטפערט. — איר אַליין האָט פאַרבאָטן.

קוואַטשקע האָט זיך געמאַכט ניט הערנדיק. ער האָט זיך ווויליונגעריש אַנידערגעזעצט רײַטנדיק אַף אַ בענקל, בעקיוון געלאָזן דעם דאָקטער שטיין, קעדיי אונטערשטרײַכן יענעמס מינדערווערטיקײַט.

— דאָס, וואָס דו ביסט איצט ניט בא דער ספּעציאַליטעט, האָט ניט קיין באַדײַטונג. פאר א האלב יאָר צײַט פארגעסט מען ניט אזוינע זאכן. איך, ווען ס'איז געווען דערלויבט, האָב שטענדיק גענוצט נאָר יידישע ערצטע. איך האלט שטארק פון זיי. זאָגאר איצט...

קוואטשקע, אין קעגנזאץ צום וואָרטלעכן באַטײַט פון זײַן פאמיליע־נאָמען, האָט פײַנט געהאט א סאך צו פּלאַפּלען. ס'האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט דורך זײַן שפּאָרעוודיקײַט אין רייד געוואָלט אלעמען דערוויַזן, אז ער טראָגט אזא נאָמען צוליב א נארישן צופאל. אויך מיטן דאָקטער האָט ער געמאכט בעקיצער, אים דערקלערט, אז ער דארף האָבן זײַן הילף צו „באַזײַטיקן די מיספאַרשטייעניש, וואָס האָט זיך באקומען בא א דאמע דורך אירע באציונגען מיט א מאנצבל“.

דער דאָקטער איז אויך ניט געווען קיין גרויסער רעדנער. ער האָט אָן לאנגע שיעס, ניט אכטנדיק, ווער עס ווענדט זיך צו אים, אָפּגעענטפערט קורץ און שארף, אז דאָס קאָן גאָר ניט קומען אין באטראכט.

קוואטשקע האָט זיך אויסגעצייכנט מיט געדולדיקײַט. אויך דאָס מאָל איז אים שווער געווען צו דערצערענען, כאָטש אף דער כוצפּעדיקער אומגעהאָרכזאמקײַט פונעם יידן האָט ער געהאט די פולע רעכט שארף צו רעאגירן.

— אלזאָ, באטראכט זיך ביז מאָרגן, — האָט ער, אופשטייענדיק, רויק פארענדיקט דאָס געשפּרעך. — מאָרגן קום איך ווידער. איך וויל נאָר אונטערשטרײַכן, אז די דערנערונג פון געטאָ ליגט אין מײַנע הענט.

און שוין דעם זעלבן טאָג האָט געפעלט אין יעדער ברויט־פּאָרציע פון די געטאָ־אײַנוווינער עפּשער א העלפט וואָג. און דערצו נאָך איז דאָס ברויט געווען פארשימלט.

„איז עס שוין אָן אָפּקלאנג פון זײַן הײַנטיקער באגעגעניש?“ — האָט דער דאָקטער ז. איבערגעטראכט און איז געקומען צום אויספיר, אז אזוי איז עס טאקע. צי קאָן ער אָבער, צי מעג ער העלפן היטלעריסטן? פון מאָראלישן שטאנדפונקט וואָלט עס געווען א כאַזערײַ, פון זײַן פערזענלעכן — א מעשוגאס. זיך ארײַנלאָזן מיטן דאָזיקן דײַטש אין גליטשיקע איניאָנים. ניין, ער וועט אים ניט פאָלגן, ניט העלפן, ניט טאָן אים קיין טויווע...

אף מאָרגן האָט באם דאָקטער זיך פארשטארקט די איבערצײַגונג, אז די פּלוצעמדיקע פארקלענערונג פון זייערע שפּײַז־פּאָרציעס איז א רעזולטאט פון זײַן אײַנגעשפּאַרטקײַט. און דאָך האָט ער דעם „פארפּלעגונגס־מײַסטער“, וואָס האָט זיך מאטריעך געווען צו קומען נאָך דער טשוווע אפן נעכטיקן פאָרשלאָג, בייזלעך דערקלערט:

— ערשטנס, האָב איך ניט קיין אינסטרומענטן... און דערלויבט מיר צו ריידן אָפן: עפּשער ווער איך פּראָוואָצירט? איך ווייס, יידן איז פארבאָטן צו געבן מעדיצינישע הילף אריער. און דאָ נאָך אזא הילף... איך ווייס, אײַערע געזעצן פארבאָטן שטרענג, זייער שטרענג אזעלכע זאכן...

קוואטשקע איז, ווי נעכטן, געזעסן רײַטנדיק אפן בענקל, די פּאָלעס פון זײַן גרינעם לעדערנעם מאנטל האָבן געגרייכט ביזן דיל. דאָס שטײַפע אוניפאָרם־היטל איז געווען פאריסן אף אויבן מער, ווי אלעמאָל, און פון זײַן פּאָנעם, וואָס זעט אויס, ווי עס וואָלט גאָר קיין ביינער ניט פארמאָגט, איז אלץ ניט אראָפּ די זיסלעכע, שמאלציקע מינע. אָנשרײַען אפן דאָקטער, דערצערענען אים האָט ער ניט געוואָלט, ניט געהאלטן עס פאר צוועקמעסיק. האָט ער, אופהייבנדיק זיך, געלאסן געלאָזט וויסן דעם קליינוווקסיקן אײַנגעשפּארטן מענטשל:

— אלזאָ, איך וועל מיט דיר זיך ניט אמפּערן. איך וויל דיר נאָר זאָגן, אז ווען דו וועסט זיך אנטשליסן, וועסטו זיך לאָזן פון א פּאָסטן פירן צו מיר דירעקט אין דער אמטשטוב. בעסער גלײַך פון אינדערפרי, וועט בלײַבן אין אונדזער דיספּאָזיציע דער גאנצער טאָג. כ'פארשפּאָר דיך צו וואָרענען, אז איך האָב ליב ראיעלע ארבעט, וויניק טומל און ס'זאָל בלײַבן א מעדיצינישע געהיימניס. אף יידן פארלאָז איך זיך. און איך וועל שוין די געטאָ ניט פארגעסן. איך וועל צוווארפן אײַך עטוואָס צוגאָבלעכע שפּײַז. וואָס איך קאָן, וועסטו דערפילן. נו, גענוג. איך האָב פּײַנט פיל צו פּלאַפּלען.

וואָס דער „פארפּלעגונגס־מײַסטער“ איז געווען בעקויעך צו טאָן, האָט די געטאָ שוין געהאט דערפילט: דרײַ טעג אָן א ביסן ברויט, אף א מוטנער פליסיקײַט מיט ארומשווימענדיקע קרויטבלעטער.

אוועק זײַנען דרײַ טעג. אפן פערטן, גאנצפרי, ווי נאָר ער איז געקומען אפן ארבעטספּלאץ, האָט דער דאָקטער געלאָזט זיך אוועקפירן צו קוואטשקען מיט א רענצל נייטיקסטע אינסטרומענטן און רעפּועס אין דער האנט. די בעגאָדים זאָרגעוודיק אויסגערייניקט, די שיך אויסגעפּוצט, איז ער געשטאנען אנטקעגן דעם דײַטש, וואָס איז אזש צעשמאָלצן געוואָרן פון צופרידנקײַט.

— אָט אזוי, פײַן. מיר דארפן דאָס מאכן זייער דיסקרעט, — איז קוואטשקע, באנעצנדיק מיטן שפּיץ צונג זײַנע דינע ליפּעלעך, גלײַך צוגעטראָטן צום איניען. — די שטאָט קענסטו?

— דאָ געבוירן, דאָ לעב איך אלע מײַנע דרײַ און פערציק יאָר.

— אלזאָ, פײַן, גוט, אויסגעצייכנט. באלד גיב איך דיר גענוי אָן דעם אדרעס. דאָרט וואָרט שוין דער פּאַציִענט. איך האָב געוווּסט, אז דו וועסט קומען. און, פארשטייט זיך, גיין וועסטו אָן באוואכונג און אָן דעם שײַסדרעק. — קוואטשקע האָט אָנגעוויזן אפן געלן שטערן, וואָס אפן דאָקטערס ברוסט, איז צוגעגאנגען צו אים און גענומען אָפּרײַסן דעם צוגענייטן שאנדצייכן פונעם דאָקטערס רוקן. דער דאָקטער איז געשטאנען מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ, נאָך קלענער ווי ער איז, מיט מאכטלאָז אראָפּגעהאנגענע הענט, ווי א פארמישפּעטער.

— וואָס וואָרטסטו? — האָט קוואטשקע אופגעהויבן די שטים. — דאָס שײַסדרעק פון דער ברוסט וועסטו זײַן אזוי גוט אליין אראָפּנעמען!

— מע קאָן מיך פארהאלטן. איך זע אויס אזוי טיפּיש... און אָן די צייכנס, אויב מע וועט מיך פארהאלטן...

— ביסטו געגאנגען שאכערן, אײַנהאנדלען ברויט בא ספּעקוליאנטן. דאָס איז נאָרמאַל. וויניק אײַערע טוען עס און פאלן דורך? זײַ רויִק. אין א נויטפאל וועל איך דיר העלפן. דיר, דײַנע פאמיליע־אָנגעהעריקע... האָסט זיי נאָך?

— א פרוי... צוויי קינדער...

— נא, זעסט, האָסט פאר וועמען צו לעבן און צו זאָרגן. זײַ רויִק, איך וועל דײַן געפעליקײַט פארגיטיקן. דעם פּיורערס אָן אָפּיצער האלט וואָרט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אף איבערמאָרגן האָט אונטערן קעפּל „די פרעכהײַט פון א ייִדישן אונטערמענטש” זיך באוויזן אין דער שטאָטישער טאָגצײַטונג פאָלגנדיקע אינפאָרמאציע:

„נעכטן פארנאכט איז אינמיטן גאס דערשאָסן געוואָרן א ייִדישער אונטערמענטש, וואָס האָט זיך געהאט ארויסגעגאנוועט פון געטאָ אָן די געלע צייכנס און זיך ארומגעשלעפּט איבער דער שטאָט, באטרעטנדיק די טראָטוארן. באם פארשולדיקטן איז געפונען געוואָרן זײַן קען־קארטע, וועלכע האָט פעסטגעשטעלט די פערסאָנאליע פונעם ייִדן און זײַן דאָקטער־באַרוף, און אין זײַן טעקע — גינעקאָלאָגישע אינסטרומענטן. די לעצטע באווײַזן, אז זייער באזיצער האָט אין געהיים זיך באשעפטיקט מיט דורכפירן אבאָרטן בא דער אומבאוווּסטזיניקער באפעלקערונג. דער וואכזאמער דײַטשישער לייטענאנט הער גיונטער קוואטשקע האָט פארהאלטן דעם דאָזיקן פארברעכער און אים ליקווידירט באם פרווו צו אנטלויפן. אזוי דארף געהאנדלט ווערן! אנטשיידן, שטרענג, אומבעראכמאָנעסדיק! עס איז נאָר צו באוווּנדערן, וואָס דער ייִד, וועלכער האָט אויסגעזעען ווי א טיפּישער פאָרשטייער פון זײַן ראסע, איז אף זײַנע געענג איבער דער שטאָט ביז איצט ניט פארהאלטן געוואָרן דורך די פאטריִאָטיש־געשטימטע און פאָטערלאנדס־טרײַע בירגער”.

וועגן דעם, אז די געסטאפּאָ האָט ארויסגעפירט פון געטאָ און אומגעבראכט דעם דאָקטערס מישפּאָכע אלס שטראָף פארן „פארברעכן פונעם פאמיליען־הויפּט”, האָט די פרעסע פארשוויגן.

דער איידעס פון קוואטשקעס און פרײַלן קאטרין ראוס געמיינזאמען סאָד איז ליקווידירט געוואָרן. דער „פארפלעגונגס־מײַסטער” האָט אן איבעריק מאָל דערוויזן זײַן סעקרעטאָרן, אז מע קאָן זיך אף אים פארלאָזן. די אומאָנגענעמע געשיכטע איז אראָפּ בא זיי ביידן פון דער טאָג־אָרדענונג, ווי ניט געוועזן.

און כאָטש א וואָרט, וואָס איז געגעבן געוואָרן א ייִדן, זײַנען דעם פּיורערס מיליטער־לײַט ניט מעכויעוו געווען צו האלטן, האָט קוואטשקע אויך אין דעם פאל דערוויזן, אז זײַנס א וואָרט איז עפּעס ווערט. ער האָט צוגעזאָגט דעם דאָקטער ניט צו פארגעסן די געטאָ — און דעם צוזאָג אויסגעפילט: א גאנצע וואָך פּינקטלעך ארויסגעגעבן די שפּײַז. אָפּדאנקענדיק דער האזשאָכע פארן כעסעד, וואָס זי טוט און וועט נאָך טאָן מיט אים, האָט ער ארויסגעוויזן ריטערלעכן גרויסמוט — צוגעוואָרפן די אויסגעהונגערטע, פארשפּארטע הינטער דער צוים, עטלעכע הונדערט איבעריקע לעבלעך ברויט פון די פריִער ניט דערגעבענע און צוגעגרייטע אָפּצוזעצן אפן שווארצן מארק.

...עטלעכע טעג ווי מיר באקומען פול אונדזער בידנע שפּײַז־נאָרמע. מיר קריגן אפילע גרעסערע, ווי עס קומט אונדז, ברויט־פּאָרציעס. אין שײַכעס דערמיט האָט שוין ווער־ניט־ווער הינטערן שטעכדראָט גענומען זיך מאכן איליוזיעס, בויען אָפּטימיסטישע פּראָגנאָזן. און נאָר די געציילטע מענטשן, וועמען דער דאָקטער האָט געהאט פארטרויט זײַן סאָד פארן ארויסגיין צום לעצטן מאָל אין שטאָט און וועלכע ער האָט געבעטן ניט צו פארלאָזן זײַן מישפּאָכע, — נאָר זיי האָבן געוווּסט די עמעסע פרײַז פון דעם דאָזיקן ברויט...

# פון דער ליטווישער דיכטונג

## עדוארד מעזשעלײַטיס





באַ דעם ברעג פון ניעמאַן, אין דער האַנט דאָס היטל,
רויִק און פּאַוואָליע גיי איך מיר און גיי.
און אַף מײַנע אַקסל
הערט ניט אויף זיך שיטן
פונעם בעז דער צוויט — אַ ליכטיקער, ווי שניי.

בלײַב איך שטיין אַ ווײַלע, אָטעם אָפּ זיך ברייטלעך
און איך הער ווי ס׳שעפּטשעט שטיל די ערד אַזוי,
ווי דער ווינט נעמט וויגן
בלעטעלעך און קווייטלעך,
און עס נעמט זיך שפּרייטן איבער ערד אַ טוי,

ווי אַ זשוקל זשומעט, ווי אַ בלימל אָטעמט,
ווי אַ יונג־יונג שפּראָצל דראַפּעט זיך אַרויס,
ווי עס רוישט דאָס וואַסער
אַזוי בלוי באַשאָטנט,
כ׳הער דעם גרינעם וועלדלס סוידעסדיק געריוש.

דאָס איז זי, מײַן ליטע, דאָס איז זי, מײַן שענסטע,
וי האָט מיך געכאָוועט, פרייד מיר אײַנגעטיילט.
שטיי איך אַפן טײַך־ברעג
און הער אויס אַ מײַסע,
וואָס דער שטילער ניעמאַן פון זײַן טיף דערציילט.

---

## ויטאַוטע זשילינסקײַטע





רויזן זײַנען עס. ניט רויזן,
נאָר בלוטיקע און טרויעריקע אויגן.
ס׳איז עמעצער פון ווײ און טרערן בלינד געוואָרן;
אַצינד האָט ער אַרויסגעקוקט פון אונטער שטיין און דאָרן.
אַרויסגעקוקט מיט די שוואַרצאַפּלען רויטע —
אַ קוק געטאָן אַף הימלס ריינעם בלוי
און אויך אַף דיר — דער גליקלעכער, דער יונגער.

און ס׳פּליסט אין דיר אַ.ווייען־טײַך אַרײַן,
און גייסט אוועק אַן אָנגעגאָסענע מיט פּײַן.
ניט רויזן זײַנען עס, ניט רויזן...

---

## יאנינא דעגוטיטע



### אַ וואָרט צו לעבן

ציַיט צו גיין שוין!
ווי די זון, דאָס הארץ איז העל,
ס'וואַרט א קאמף הינטער מיַין שוועל.
דאָס געוועהר איז גרייט.

ציַיט צו גיין שוין!
קלאָר געוואַשן איז מיַין זעל...
כ'גיי אין קאמף פאר זיך און וועלט.
דאָס געוועהר איז גרייט.

ציַיט צו גיין שוין!
כ'וויל מיט דיר זיך דורכריידן פון הארצן —
ויך בּאראטן: וואָס און ווי...
איך זאָל קענען שטארק און הארט זיַין,
ווען מיַין פליכט טוט מיך א צי.

ציַיט צו גיין שוין!
טו איך וועגן דיר א טראַכט נאָר,
קומט מיר אויס, ביסט לעבן מיר.
כ'קאָן מער ליבן און פאראַכטן,
ווען אף זיך דיַין בליק איך שפיר.
ס'העלפט מיר מיט דאָס גרויסע פיַיער,
וואָס באַשיַינט האָט דיַין דערפאָלג,
ווען ארויס דו ביסט באַפריַיען
דאָס פארשקלאַפטע ארבעטספאָלק.

זיַי בא מיר. איך בעט דיך: איַיל ניט —
העלף מיר אלצדינג קלאָר פארשטיין.
זיַי כאָטש סטאַס אזוי א וויַילע —
כ'וועל פארשטיין דאן אלץ אליין.

---

## געדימינאַס אַסטראַוּסקאַס

### דאָס איז געווען אין מאָסקווע



מאָסקווע.
איך גיי איבער גאסן. איך גיי און איך גיי —
פארמאטערט, אז קוים אף די פיס מיַינע כ'שטיי...
אוועק שוין דער טאָג איז — קיין קויעך ניטאָ.
איך לאָז זיך אראָפּ אין פאלאץ פון מעטראָ,
גיי צו צו דער קאסע און טו דאָרט א בעט:
„מאַן ווינעא בילעטא" (ס'הייסט: „מיר א בילעט"):
פון גרויסשטאָט צעטומלט, פארמאטערטערהייט,
איך האָב ניט באמערקט, אז אף ליטוויש איך רייד...
עס וואַרט די קאסירשע, סע שמייכלט די ריי,
און הינטן אן אלטער א וואָנץ טוט א דריי:
„איר רעדט דאָ אף ליטוויש — די היים ליגט אין קאָפּ"...
איך שטיי פון מיַין נארישקיַיט פונקט ווי געפּלעט,
איך שטאמל אף רוסיש אויס: „דיַיטיע בילעט"...
און פארנדיק באלד מיטן לויף־טרעפּ אראָפּ,
מיר ווערט אזוי אָנגענעם־גוט צו פארשטיין,
אז מאָסקווע, ווי ווילנע, פאר מיר איז א היים...

**די לידער זיַינען איבערגעזעצט פון הירש אָשעראָוויטש.**

---

## יעכיעל פאליקמאן

# דער ביטערער יאָדער



יך הער, ווי ס'רוישט דער יאם. די ליד זײַנע הער איך — א פּאָשעטע און א סוידעספּולע.

הינטער מײַנע פּלייצעס ליגן טויזנטער וועגן, וואָס כ'בין איבער זיי געפאָרן און געגאנגען, און אויך יענער איינציקער וועג, וואָס האָט מיך אהער ארויסגעפירט. פאר מיר ליגט דער יאם — ער האָט אײַנגעזאפּט א סאך טײַכן און ריטשקעס, נאָר אין יעדער כוואליע זע איך דעם שטראָם פון יענעם קליינינקן טײַכל, וואָס פלעגט, ווען כ'בין נאָך געווען א קינד, יעדן קאיאָר מיך וועקן מיט זײַן שעפּטשען און אָנווייען מעטושטעשע געדאנקען. איך טראכט וועגן לעבן, דעם קאָכיקן און ראשיקן, און כ'טראכט אויך וועגן איינס א הארץ, וואָס קלאפּט שוין מער ניט און האָט זיך מיר עפּשער בלויז איצט אנטפּלעקט.

די דאָזיקע דערמאָנונג האָט אָנגעווייעט א פערשקע, א געוויינלעכע פערשקע, וואָס עמעצער האָט זי ארײַנגעוואָרפן אין יאם, ווײַל זי איז ניט קיין רײַפע. און אָט האָט שוין דורכן רויש פון די כוואליעס, ווי נאָר כ'האָב באמערקט די פערשקע, זיך דערהערט א שטילע און בוילעטע שטים:

— עס אוף א פערשקע און צעקלאפּ איר קערל... עס לאָזט זיך אויס, אז דער יאָדער איז א ביטערער, נאָר דער טאָך פון דער זיסער פּיירע שטעקט גראָד אינעם ביטערן יאָדער, ווײַל דורך אים קומט אוף א נײַער בוים.

איך זע די צוגעזשמורעטע, פײַנלעך־אומרויִקע אויגן פון דעם דאָזיקן מענטשן, וועלכער האָט מיט פיל יאָרן צוריק מיר דערציילט וועגן דער פערשקע, פונקט זי זאָל וואקסן אין עפּעס א מײַסעדיקן סאָד — קיין פערשקעס זײַנען אין אונדזערע מעקוימעס ניט געוואקסן.

כ'האָב אים ליב געהאט, אָט דעם מענטשן, און נאָר ווייניק אים פארשטאנען. כ'האָב געציטערט פאר זײַן בליק און געוווּסט, אז ער איז א גוטער, כ'האָב געוואָלט זײַן אזא, ווי ער, כאָטש מײַן קינדעריש הארץ האָט אָן סאָפעק געפילט, אז ער איז אן אומגליקלעכער...

* * *

פון אָנהייב איז מיראָן איסײַעוויטש ניט געווען מײַן באליבטער לערער. ט'זײַנען מיר געווען מער צום הארצן אנדערע פּעדאגאָגן, און דאפקע ניט דערפאר, ווײַל ס'האָט מיך מער פארכאפּט דאָס, וואָס זיי האָבן געלערנט. איך האָב אין יענע יאָרן אופגענומען די לימודים, ווי דורך א וואנט, וואָס געשאפן האָבן זי מײַנע מאכשאָוועס און טרוימען, א וואנט א דורכזיכטיקע, ווי גלאָז, נאָר אויך א הארטע און ניט קיין דורכדרינגלעכע פאר שוואכע קלאנגען... בלויז דאָס, וואָס האָט מיך איבעראשט מיט זײַן נײַקײַט און אויסערגעוויינלעכקײַט, האָט ווי מיט א דימענט דורכגעשניטן אָט די וואנט. דעמלט האָב איך פון אונטער די הימלען אראָפּגעלאָזט זיך אין קלאס ארײַן, קעדיי פאנאנדערקלײַבן זיך דאָ אין א געאָמעטרישער אופגאבע, אויסהערן א מײַסע, וויִאזויביימער אָטעמען דורך זייערע בלעטער...

געווען איז אויך נאָך עפּעס אזוינס, וואָס האָט מיך דאן געצווּנגען אײַנזיצן אף דער פארטע. איך פלעג, אשטייגער, טייקעף, ווי נאָר עס האָט זיך דערהערט דאָס גלעקל, אײַלן אין קלאס אפן לימעד פון כימיע. כאָטש כ'האָב מיט גרויס מי באגריפן די געהיימניס פון כימישע רעאקציעס, איז מיר אָבער זייער שטארק געפעלן געווען די דינינקע, בלאָנדע, שטענדיק א קאפּעלע פארלוירענע יונגע לערערן בערעזאָווסקאיא אָלגא פּיאָדראָוונא. עס האָט פון איר אליין אויך געשמעקט מיט בערעזע, פונקט זי זאָל טאקע זײַן א פלאטערנדיק־צארטע שלאנקע בערעזע... נאָר כימיע האָבן מיר אָנגעהויבן דערלערנען עטוואָס שפּעטער, ווי ס'איז פאָרגעקומען דאָס, וועגן וואָס איך וויל דאָ דערציילן.

עס איז מיר אויך געפעלן געווען מיט זײַן אויסערגעוויינלעכקײַט, און אפילע מיט זײַן אומגעלומפּערטקײַט, דער לערער פון פיזקולטור און דײַטש סערגיי פּאָטאפּאָוויטש אָשיבאָוו — א געוועזענער צארישער פּאָלקאָווניק מיטן שטאלט און מיטן אָנבליק פון אן אפּאָלאָן. דער בירגער־קריג, וועלכער האָט ערשט ניט לאנג זיך פארענדיקט, האָט פארייאָגט אין אונדזער שטעטל א

מענגע פארשיידענע מענטשן, נאָר אפילו צווישן אָט די טשיקאַווע אָנגעפּאַרענע פּארשוינען איז סערגיי פּאָטאפּאָוויטש, דער אפּאָלאָן מיט די עכטע פריצישע באַקנבאַרדן, געווען אן אָריגינאַל.

כ'האָב נאָך דעמלט ניט געוווּסט, וואָס עס באַטײַט אזוינס דאָס וואָרט „אַטאַשע". מיר האָט זיך איבער עפּעס אויסגעדוכט, אז ס'איז אלציינס, וואָס „פּאַשאַ" — וועגן די טערקישע פּאַשאַ האָב איך שוין דעמלט געלייענט. לויט ווי מע האָט געברײַעט אין שטעטל, איז סערגיי פּאָטאַ־פּאָוויטש געווען א מיליטערישער אַטאַשע אין עסטרײַך, אין טערקײַ און אין אנדערע לענדער. און נאָך האָט מען בא אונדז גערעדט, אז ער קען אזויפיל לעשוינעס און האָט געזען אזעלכע וווּנדער, וואָס ניט מע האָט דאָ אין שטעטל געהערט וועגן זיי, ניט זיי האָבן זיך עמעצן געכאָלעמט. געווען איז אויך באַוווּסט, אז ערגעץ האָבן אים סאָלדאַטן געמיימעסט אזוי, אז ער איז שוין געווען מער טויט, ווי לעבעדיק, דאָס פליש איז בא אים אָפּגעשטאַנען פון די ביינער. דערפאַר טאַקע האָט אים אויך איצט שטענדיק געפיבערט, און ער האָט אפילו זומער, אין דער גרעסטער היץ, געטראָגן א בעקעשע, וואָס איז אופגעניײט געווען פון שינעל־שטאָף, און בורקעס פון ווילעק. איבערן שטעטל פלעגט ער ארומגיין פּאַמעלעך, דעם קאָפּ פארהייבן מיט עכטער אריסטאָ־קראַטישער גײַוּוע — א קאָפּעלע אין א זײַט. און כאָטש ער האָט זיך אָנגעשפּארט אָף א שטעקל, האָבן די פיס זיך דאָך עטוואָס אונטערגעבויגן אונטער דער שווערקײַט פון זײַן גרויסן, אָנגע־גאָסענעם גוף.

בייס דעם לימעד פון פיזקולטור פלעגט סערגיי פּאָטאפּאָוויטש אליין די איבונגען ניט מאַכן, בלויז מיטן שטעקל פלעגט ער אונדז באַווײַזן, וויאַזוי מע דאַרף זיך בייגן און אונטער־שפּרינגען, און מיר האָבן אים געפאָלגט, ווי פארקישעפטע. געפאָלגט האָבן מיר אים אויך דער־פאַר, ווײַל מיר האָבן ליב געהאַט זײַנע לימודים פון דײַטש — ניט אזוי דאָס ריידן און שרײַבן דײַטש, ווי די שמועסן, וועלכע ער פלעגט מיט אונדז פאַרפירן.

סערגיי פּאָטאפּאָוויטש פלעגט אונדז דערציילן וועגן די לענדער, ווו ער איז אויסגעווען, אָדער גאָר פארלייגן, מיר זאָלן אים פאַרגעבן פראַגן, וועלכע נאָר מיר ווילן, און אָף אלץ פלעגט ער ענטפערן מיט א באַאַבאַכטערישער רויִקײַט פון א קישעפמאַכער. עס האָבן זיך צווישן אונדז דאַפקע אָפּגעזוכט קלוגיטשקע — זיי פלעגן ארויסכאַפּן פארשיידענע ווערטער פון אלטע ענ־ציקלאָפּעדיעס און אפילו צונויפפּאָרן דעם אָנהייב פון איין מעגושעמדיקן וואָרט מיטן סאָף פון א צווייטן. אָבער בא סערגיי פּאָטאפּאָוויטשן פלעגט עס נישט ארויסרופן ניט קיין כידעש, ניט קיין קאַס. ער פלעגט בלויז אפּאַטיש באַמערקן, אז מע דאַרף אזוי ניט טאָן... אָן א שיר גײַוּוע, און אוואַדע אויך טיפער אומעט, איז געווען אין אָט דער רויִקײַט זײַנער.

ווען־ניט־ווען פלעגט ער אויך אנטפּלעקן זײַן פאַרבאָרגענעם האַס צום נײַעם לעבן, וואָס האָט זיך אלץ מער אײַנגעפונדעוועט און צו וועלכן מיר, קינדער, האָבן זיך געצויגן. צו יענער צײַט איז אין קינדער־שטעטל, וואָס האָט זיך געפונען אין געוועזענעם מאָנאַסטיר, געשאַפן גע־וואָרן אן אָטריאַד ספּאַרטאַקאָווצעס, און אויך בא אונדז אין קלאַס האָבן זיך שוין באַוויזן אזעלכע, וואָס זײַנען אָנגענומען געוואָרן אין אָטריאַד. צום סאָף פון א לימעד, ווען קיינער האָט קיין פראַגן ניט געהאַט, פלעגט סערגיי פּאָטאַפּאָוויטש, קלוימערשט לאַנגווײַלנדיק זיך, פרעגן: „נו, און ספּאַרטאַקאָווצעס זײַנען בא אײַך צוגעקומען? שטייט אוף, נעאָפּיטן!" דער נײַ־צוגענומענער ספּאַרטאַקאָוועץ פלעגט אופשטיין, און סערגיי פּאָטאַפּאָוויטש האָט דערבײַ פּאַמעלעך געשאָקלט מיטן קאָפּ: „אײַ־אײַ, און איך האָב געמיינט, אז דו ביסט א גוט ייִנגל"...

מיר האָבן ניט פארשטאַנען, פארוואָס זײַנען עס סערגיי פּאָטאַפּאָוויטשן אזוי ניט געפעלן די ספּאַרטאַקאָווצעס, און דערקלערט עס דערמיט, וואָס אין אָטריאַד האָט מען צוגענומען מייד־לעך באַגלײַך מיט ייִנגלעך, און אויך ווײַל מע האָט די ספּאַרטאַקאָווצעס מיט גאָרנישט ניט באַוואָפנט, אפילו ניט מיט קיין פּיקעס...

בערעזאָווסקאַיאַ, אָשיבאָוו און די אנדערע לערער, וואָס יעדערער פון זיי האָט אָף זײַן אויפן געהאַט פאַר אונדז א וועלט, האָבן פון אָנהייב לאַכלוטן פארשטעלט פאַר מיר מיראָן אי־סײַעוויטש הויפערן, דעם שטילן מענטשן מיט צונויפגעזשמורעטע, פײַנלעך־אומרויִקע אויגן, מיט אָן אָפּגעצויגענער נאָז, א היפּשן פליך און א שפּיציק בײַכל. שפּעטער אָבער האָב איך זיך א צי געטאָן צו אים מיטן גאַנצן קינדערש־ריינעם הארצן.

אלץ האָט זיך אָנגעהויבן דערפון, וואָס כ'בין אנומלטן נאָך די לימודים געקומען אין שול ארײַן מיט א הינטל. פארוואָס עס האָט מיך אהין א צי געטאָן, ווייס איך אליין ניט. ווײַזט אויס, דערפאַר, וואָס אמאָל פלעגן זיך פארזיצן דאָרט אייניקע אונדזערע כעוורע. מע שפּאַרט אונטער מיט א פאַרטע די טיר און מע נעמט זיך דערציילן מײַסעס, אָדער מע שפּילט אין „רעשקע", אָדער מע מאָלט קאַריקאַטורן אָפן טאָוול. די מיידעלעך האָבן אויך געהאַט א טעווע זיך פארמאַכן. איז טאַקע ניט שלעכט ארײַנרײַסן זיך צו זיי אין קלאַס, ווי א בער אָף א פּאַסעקע.

איך בין געקומען מיטן הינטל אין שול, ווײַל מײַן הארץ איז מאמעש צעשפארט געוואָרן פון קריגערישער לײַדנשאַפט. כ'האָב נאָרוואָס געענדיקט לייענען א ביכל וועגן א דרייסטן אינדיאנער און זײַן געטרײַען הונט, און די טונקלקײַט פונעם פוסטן לאנגן קאָרידאָר און די האלבאָפענע טירן פון די קלאסן האָבן בא מיר אין די אויגן אויסגעזען ווי א פינצטערע הייל אין די בערג, אָדער ווי א געהיימער שטעג ערגעץ אין וואלד־טיפעניש, אונטער די צונויפגעוואקסענע קרוינען פון הונדערטיאָריקעביימער.

דאָס הינטל האָט זיך אומגעדרייט ארום מײַנע באָרוועסע פיס, געלעקט זיי, איך האָב שטיל צוגעפײַפט און נאָך אלץ ניט געוווסט, וואָס נעמען טאָן. ס'איז מיר דורכגעלאָפן א געדאנק, אז עפשער זאָל איך דורכן פענצטער, וואָס האָט זיך געזען אין עק קאָרידאָר, ארויסשפרינגען אין סאָד ארײַן — דאָרט קאָן מען פאקן א קו צי א ציג און אָנרייצן אף זיי דאָס הינטל. נאָר פלוצעם האָב איך אין ווינקל לעבן פענצטער באמערקט א שאָטן און גלײַך דערקענט סאמאריקן — מיראָן איסײַעוויטשעס גײַסטיק־קראנקן זון. מיראָן איסײַעוויטש האָט מיט אונדז געלערנט ליטעראטור און געשיכטע, געוווינט האָט ער דאָ טאקע, אין שול, אין א צוגעבויטן פליגל.

ווי נאָר כ'האָב דערזען סאמאריקן, האָט די קריגערישקײַט, וואָס האָט געברענט אין מײַן הארצן און געזוכט אן ארויסגאנג, מאמעש אופגעפלאקערט און פארבלענדט מיך אינגאנצן: אָט איז ער, דער קאָרבן, וואָס כ'דארף פון אים מאכן אש און פאָרעך.

סאמאריק — א בײַכיקער, פונקט ווי זײַן טאטע, אין שמאָלע הייזלעך און אין א ווײַס העמדל, אן ארויסגעלאָזט קימאט ביז די קני; די שווארצע, געדיכטע פאסמעס האָר פאלן אראָפ אפן שטערן, וועלכער איז אין דער קרים צעהאקט פון א שווערד, דער שראם איז ראָז און פארנייט, ווי מיט גראָבע פארסטריגעס. בא סאמאריקן זײַנען עטוואָס פאנאנדערגענומען די הענט, וואָס פאָלגן ניט און האלטן אין איין מאכן נערוועזע באַוועגונגען, פונקט ווי בא איינעם, וועלכער טאנצט אין אן ענגשאפט; זײַן גוילעמעוואט געזיכט איז באזוימט מיט גאָר א שיטערן אויסשיט פון א בערדל. — סאמאריק האָט מיט א זײַט זיך אלץ מער גערוקט אין ווינקל באם פענצטער און גערופן מײַן הינטל: „נא, נא!" ער האָט זיך אָבער געשראָקן פארן הינטל, כ'האָב דאָס דערקענט לויטן ציטער פון זײַן קאָל, און מער האָב איך טאקע ניט געדארפט.

— אײַדזיא! קוס! — האָב איך א געשריי געטאָן צום הינטל אף דעם זשארגאָן, וואָס כ'האָב אים אליין טאקע אויסגעטראכט, און מײַן קעלעוול האָט אים פארשטאנען וואָרט אין וואָרט. אָנגעשטעלט די האָר אפן רוקן, האָט דאָס הינטל, ווי א קנײַלעכל, זיך א קײַקל געטאָן צו סאמאריקס פיס, און דער דולער האָט, ציטערנדיק מיטן גאנצן גוף, ארויסגעלאָזט א געשריי, וואָס נאָר גײַסטיק־קראנקע קאָנען אזוי שרײַען. זײַענדיק שטענדיק אין א צושטאנד פון פארלוירנקײַט און שרעק, דערוואכט זייער נעשאָמע גראָד דאן, ווען עס אנשטייט אן עמעסע סאקאָנע, און טאקע דאָס טרייסלט אוף, דערשיטערט אונדז אינעם געשריי פון מעשוגאָים... איך בין פארצאפלט געוואָרן, פונקט ווי עס זאָל פון מײַנעם אן אומפאָרזיכטיקן צוריר זיך אומוואלגערן מיט א דונער אָט דאָס גאנצע געבײַ מיטן האלב פינצטערן קאָרידאָר.

ניט באוויזן נאָך קומען צו־זיך פונעם דערשרעק, בין איך ארײַנגעפאלן אין א ברייטן פאס שײַן, וואָס האָט א פלייץ געטאָן פון א זײַטיקער צעעפנטער טיר. אין דעם שטראָם ליכט האָב איך דערזען מיראָן איסײַעוויטשן, דעם פינקל פון זײַנע ציין (ער פלעגט שטענדיק, אײַנקוקנדיק זיך אין עפעס, אָנשטרענגען די מוסקולן פון געזיכט, זשמורען זיך און עטוואָס אויסשטשירען די ציין).

— וואָס איז מיט דיר געשען, סאמאריק?

מיראָן איסײַעוויטש האָט באמערקט דאָס הינטל, וואָס איז מיט א שטיל הוילעניש אָפגעשפרונגען פון דער טיר, דערזען אויך מיך, און פון זײַן ברוסט האָט זיך ארויסגעריסן א שווער אָטעמען, ווי א זיפץ:

— וואָס טוסטו דאָ? — האָט ער געפרעגט ניט אזוי שטרענג, ווי מיט פארדראָס און מיט דער טײַנע פון א מענטשן, וועלכן מע האָט סטאם אזוי פארשאפן לייד. — די לימודים אף מאָרגן האָסטו נאָך אוודע ניט צוגעגרייט?..

ס'וואָלט געווען א טאָעס צו מיינען, אז קיינער האָט מיר קיינמאָל נאָך אזוינס ניט פאָרגעוואָרפן. וויפל מאָל, אשטייגער, שרײַט אף מיר די מאמע, פארוואָס אָנשטאָט צו לייענען א ביכל, יאָג איך זיך נאָך קעץ און הינט, טרײַב די טויבן פונעם שאָכנס דאך, אָדער נעם זיך גאָר מיט א שטעקן אויסהאקן די קראָפעווע בא אונדזער פלויט און בא פרעמדע פלויטן אויך... און די לערער, לעמאָשל, לייגן אין מיר דען ארײַן ווייניק רייד דערפאר, וואָס כ'פיל ניט אויס זייערע פארגעבונגען און פארגין זיך נאָך דערצו איניקע שפיצלעך אויך. נאָר דעם עמעס געזאָגט, ארט עס מיך ניט שטארק. איצט אָבער האָב איך שטיל, אָן א וואָרט, זיך אויסגעקערעוועט און בין א פארשעמטער אוועק איבערן קאָרידאָר, — וואָס א פארשעמטער? — מיראָן איסײַעוויטשעס ווער־

טער האָבן מיך מאמעש געשטויסן אין פּלייצע. כ'האָב נעפּלדיק באַנומען, אַז עס גייט מיר ניט אינעם פאַרוואָרף, וואָס דער לערער האָט מיר געמאַכט. סאַמאַריקס דערשיטערנדיקער אויסגעשריי און דעם טאַטנס זאָרג פאַר סאַמאַריקן, די נאָענטקייט פון אָט די צוויי מענטשן, וועלכע עס פאַרבינדט איין גרויס אויסגאַנגלאָז אומגליק, וואָס איז מיר אַזוי פּלוצעם אַנטפּלעקט געוואָרן, אָט וואָס עס האָט אַרויסגערופן אין מײַן האַרצן אַזויפיל באַדויערונג און מיטלײַד.

דאָך, ווען כ'בין אַרויס אין הויף, האָב איך ניט אַוועקגעטריבן דאָס הינטל, ווי כ'האָב צוערשט געהאַט באַשלאָסן. אַ כאַפּטע יאַטלעך האָט אויף דער לאַנקע הינטער דער שול געשפּילט אין „פאַסטעך, היט די שאָף, אַ וואָלף אײַלט אַהער!". און נאָך מיר, נאָכן איינציקן, איז, ווי נאָך אַן עכטן פאַסטעך, נאָכגעלאָפן אַן עמעסדיק הינטל. אַרײַן אין דער שפּיל, האָב איך זיך געוואָרפן פאָרויס, קעדיי דורכצורײַסן די קייט „וועלף", וואָס האָבן זיך גענומען פעסט באַ די הענט. אַזוי האָבן מיר זיך פאַרווײַלט ביז פאַרנאַכט. מײַן הינטל איז מיד געוואָרן און צונויפגעדרייט זיך אין אַ קנײַלעכל ערגעץ הינטער אַ פּלויט. איך בין מיט די יאַטן אַוועק אין קינדער־שטעטל — דאָרט, אין סאָד אַרום מאָנאַסטיר האָבן די ספּאַרטאַקאָווצעס צעצונדן אַ שײַטער.

צווישן אונדז, די וויהאָנצעס, ווי מע האָט גערופן די אײַנוווינער פון דער גאַס, וואָס האָט געפירט צום וויהאָן, זײַנען נאָך קיין ספּאַרטאַקאָווצעס ניט געווען, אָבער געטרוימט האָבן מיר אַלע וועגן אָט דעם נײַעם, וואָס איז אָקאָרשט אופגעקומען, מיר האָבן נאָך אַפילע קלאָר ניט באַנומען דעם טאָך פון אָט דעם נײַעם, אַ ביסעלע געשראָקן זיך פאַר דעם, נאָר געצויגן האָט עס אונדז אומגעהייער, געכידעשט און באַצויבערט.

די קרומע שטאַמען און די אונטערשטע צווײַגן פון פּרוכטביימער האָבן באַ דער שײַן פונעם שײַטער געוואָרפן אין אַלע זײַטן מעגושעמדיקע, שפּרינגענדיקע שאָטנס. אין איינעם פון די דאָזיקע שאָטנס בין איך געשטאַנען און זיך צוגעהערט, ווי אַ יינגל מיט אַ לײַנען קורצגעשוירן קעפּל און מיט פּונקט אַזעלכע גאָלדיק־ווײַסע ברעמען דעקלאַמירט אַ ליד. און איבער עפּעס איז ווידער אופגעקומען פאַר מײַנע אויגן אַלץ, וואָס האָט פּאַסירט אין קאָרידאָר פון שול, און כ'בין געווען זיכער, אַז קיינמאָל שוין וועל איך ניט קאָנען פאַרגלעטן מײַן גרויסע שולד פאַר מיראָן איסײַעוויטשן. דערצו נאָך האָב איך זיך דערמאָנט, אַז כ'דאַרף אויף מאָרגן, צום צווייטן לימעד, אָנשרײַבן אַן איבערדערציילונג פון „מאַסאָעס בינימין האַשלישי" — וועגן אָט דעם דערשלאָגענעם קליינשטעטלדיקן ייִדן, וועלכער האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין די דראָכים פון דאָן־קיכאָט. כ'האָב דאַפקע איבערגעלייענט דאָס בוך, נאָר אָנשרײַבן די איבערדערציילונג, האָט מיר געדוכט, וועל איך אַזוי קאָנען, פּונקט ווי בינימין האַשלישי האָט געקאָנט אַריבערשווימען דעם יאַם...

כ'בין אַוועק אַהיים, ניט דערוואַרט זיך אַפילע, ביז דער ספּאַרטאַקאָוועץ וועט ענדיקן לייענען די ליד, און באַ מיר אין האַרצן האָט אופגעלעבט דער ריטם פון יענער ליד — אַ מונטערער, אַ שפּילעוודיקער. כ'האָב גענומען אונטערקלײַבן ווערטער צו אָט דעם ריטם... און וואָס זײַנען עס געווען פאַר אַ ווערטער — נו, כאָטש טו וואָס דו ווילסט! — עפּעס וועגן בינימין האַשלישי און זײַן געטרײַען וואָפּנטרעגער סענדערל די ייִדענע... פאַר דער פּערטער שורע פונעם צווייטן פּערז האָט מיר שוין קיין גראַם ניט געקלעקט. איינס איז מיר אָבער פעסט אַרײַן אין קאָפּ: ווען כ'זאָל, לעמאָשל, צום מאָרגעדיקן לימעד אָנשטאָט דער איבערדערציילונג ברענגען עפּעס אַ פאַרפאַסטע ליד, וואָלט מיראָן איסײַעוויטש מיר עפּשער מויכל געווען דאָס הײַנטיקע...

כ'האָב מיט די באָרוועסע פּיס געשפּאַנט איבער די שטיינער פונעם שליאַך, וואָס זײַנען שוין אָפּגעקילט געוואָרן נאָכן הייסן טאָג, געקוקט אויף די פײַערלעך, וועלכע האָבן געמיטלעך געפינקלט אין די פענצטער. הינטער יענע לויכטנדיקע פרידלעכע פענצטער לעבן זייער גליקלעכע מענטשן. כ'האָב אַזוי געטראַכט, כאָטש באַ מיר אין דער היים, האָב איך געוווּסט, איז אַזאַ געווײַנלעך גליק ניטאָ. די מאַמע ליגט שוין אַוודע אין בעט און זיפצט שטיל, מיט אַ קרעכץ — עס דרייט איר אין די קני, עס ברעכן די הענט און זי קאָן בעשום־אויפן ניט אויסגלײַכן די צונויפגעקאָרטשעטע פינגער. דאָס קומט דערפון, וואָס זי האָט צו טאָן אין אַרטעל מיט צעפּאַרעטער לאָזע, פון וועלכער זי פלעכט וויגלעך און קוישן. די קראַמפּן גייען דורך ערשט צו קאַיאָר, ווען מע דאַרף שוין ווידער אופשטיין צו דער אַרבעט. מײַן שוועסטערל ליגט מיט דער מאַמען און רײַבט איר פאַנאַנדער די אָנגעהאָרעוועטע הענט, אָדער זי ניורעט זיך צו איר און וואַרעמט איר אויס די קראַנקע קני. דאָס אַכטער לעמפּל איז שטאַרק אײַנגעדרייט. אין דער טונקלקײַט אין צימער זעען זיך בלויז צוויי באַלויכטענע קרײַזן: איינער אַ גרעסערער — אויפן טיש, אין אָט דעם קרײַז איז צו זען מײַן וועטשערע (אַ גלאָז מילך און אַ שטיקל ברויט); דער צווייטער קרײַז איז קוים אָנגעמערקט אויף דער סטעליע, וווּהין עס דערגרייכט דער בלאַסער אָפּשײַן פונעם אייבערשטן ראַנד פון גלעזל און פונעם פּיצינקן פײַער־צינגל מיטן רויכיקן שפּיץ...

גייענדיק איבערן שליאַך, האָב איך געמאָלט זיך אויך אַן אַנדער בילד: ס'האָט זיך מיר בוילעט פאָרגעשטעלט, ווי אין זײַטיקן שול־פּליגל זיצט מיראָן איסײַעוויטש באַם אַלטן שרײַבטיש געבויגן איבער די שילערשע העפטן, און סאַמאַריק, וועלכער האָט מיט די פיס זיך אײַנגעמאָסטעט אין דער ברייט פון פענצטער, מאַכט מעשונע־ווילדע האַווײַעס מיט די הענט, קוקט אַף דער לעוואָנע און שמייכלט פאַרסוידעט, פונקט ווי ער זאָל דאָרט מיט עמעצן זיך איבערווינקען (פאַראַיאָרן זומער, בייס כ'האָב זיך אַרײַנגעכאַפּט אין סאָד פון דער שול נאָך עפּל, האָב איך צוגעקוקט אַזאַ מין סצענע...). געקענט האָב איך אויך מיראָן איסײַעוויטשעס ווײַב און זײַן טאָכטער, אַ שיין מיידל. זיי האָב איך אָבער ניט אײַנגעשלאָסן אין מײַן בילד — איך האָב הײַנט אָן אויפהער געטראַכט בלויז וועגן מיראָן איסײַעוויטשן און סאַמאַריקן...

אין דער היים איז אַלץ געווען אַזוי, ווי כ'האָב זיך פאָרגעשטעלט. און מיטאַמאָל האָב איך מיט שמערץ אַ טראַכט געטאָן, אַז אויך באַ מיראָן איסײַעוויטשן איז איצט פונקט אַזוי, ווי איך קלער.

אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די קליידער, וואָס האָבן, מישטיינסגעזאָגט, קוים צוגעדעקט דאָס לײַב, בין איך אַרײַן אין בעט. ווי געוויינלעך, אײַנשלאָפנדיק, טראַכט איך וועגן טאַטן. אָט דאָ אין בעט בין איך מיט אים געשלאָפן, ווען ער איז געשטאָרבן אינמיטן שלאָף. איך האָב זיך דאַן אויפגעכאַפּט פון דער מאַמעס געשריי, דערפילט, אַז דאָס איבעריבעט און די קאָלדרע זײַנען קאַלט דאָרטן, ווו זיי זײַנען געוויינלעך פונעם טאַטן געווען וואַרעם. אָט דאָס געפיל איז מיר געבליבן אַף שטענדיק. עס דערמאָנט מיר אינעם טויטן, ביזוואַנען איך פאַרטרײַב ניט אָט די קעלט פון בעט מיט דער וואַרעמקײַט פון מײַן אייגענעם לײַב — און דאַן וואַלגער איך זיך דורך אינעם אָפּגרונט, וואָס הייסט — שלאָף...

איך האָב אויך איצט פאַרניוערט זיך אין דעם קישן און גענומען טראַכטן וועגן טאַטן. די ווי:עס האָבן זיך באַ מיר ניט געקלעפּט, ווי געוויינלעך. ווידער איז מיר אַרויף אַפן זינען מיראָן איסײַעוויטש און אָט שוין אויך — בּיניאָמין האַשלישי. כ'האָב זיי גענומען פאַרגלײַכן — און פאַרפּלאָנטערט, ניט געוווּסט, ווו איז דער לערער און ווו איז דער רײַזנדער. מיטאַמאָל האָט זיך מיר ווידער שטאַרק פאַרוואָלט אָנשרײַבן אַן איבערדערציילונג אין פערזן. נאָר צי איז עס לײַטיש? צי מעג מען אַזויגס?

מיט עטלעכע טעג צוריק האָט מיראָן איסײַעוויטש זיך אַנטויִשט אין איינעם פון די וווּנדער פון אונדזער קלאַס — אין רייזעלע צוירעף, דאָס „געפּלאָכטענע קוילעטשל“. רייזעלעס טאַטע, רעב שויעל, איז אַמאָל געווען באַלעבאָס איבער אונדזער שטעטלדיקער וואַלצן־מיל. די באָלשעוויקעס האָבן אים געשאָסן דערפאַר, ווײַל ער האָט אָנגעוויזן די ווײַספּאָליאַקן, ווו מע קאָן אַן אַ בריק דורכגיין דעם סלוטש. רייזעלע, לאָזט זיך אויס, האָט זיך געמעגט ניט איבערנעמען מיט די לידער, וואָס זי האָט זיי געהאַט אַ פול העפט. זי האָט זיי פּאַשעט איבערגעשריבן פון אַלטע פאַרשימלטע זשורנאַלן און צײַטונגען און עטוואָס בלויז באַנײַט, ווו עס האָט זיך געלאָזט... געכאַפּט זיך, אַז רייזעלע טוט דאָס, האָט מיראָן איסײַעוויטש זיך אָפּגעשטעלט אין קלאַס אַ בלאַסער, אַ ווייטעקדיק־פאַרקנייטשטער און אַראָפּגעשלײַדערט פונעם פּיעדעסטאַל אונדזער דיכטערן. ער איז געווען קלוג און שאַרפזיניק, מיראָן איסײַעוויטש, זײַנער אַן אַפאָריזם האָט געוויינלעך געטראָפן יענעם, ווי אַן אַנטבלויזטע שווערד:

— דיכטונג איז ניט קיין מיל, וואָס מאָלט פאַנאַנדער פרעמדע טוווּע!

און איך בין דאָך אויך אַ קאַפּעלע געווען געכאַפּט אַף דער מײַסע — כ'האָב געהאַט אַ כאַלאַס איבערדרייען אַפן אייגענעם אויפן די לידער וועגן טשומאַקעס און אָוועקגעוואָרפענע קאַלעס, וואָס מײַן מאַמע פלעגט אויסזינגען מיט אַ ציטעריקער דינער שטים, און ניט נאָר דעם ניגון פלעג איך איבעראַנדערשן, כ'האָב אויך ליב געהאַט אונטערקלײַבן אַנדערע ווערטער, קעדיי די לידער זאָלן ניט זײַן אַזעלכע טרויעריקע. עס פלעגט אויך פּאַסירן, אַז די מאַמע האָט געדענקט בלויז דעם אָנהייב פון דער ליד און ווײַטער שוין געזונגען אָן ווערטער, — האָב איך אַליין צוגעטראַכט דעם סאָף און געפרייט זיך מיט דעם, ווי מיט אַן עמעסן געפינס.

איצט האָב איך זיך פאַרקלערט, ליגנדיק מיט אָפענע אויגן אַפן שיטערלעכן קישן: צי איז עס רעכט נעמען און איבערדערציילן אין לידער אַ בוך, וואָס אַלע ווייסן אים? כ'האָב עס געפרעגט באַ זיך אַליין, ווײַל באַ וועמען זאָל איך עס נאָך פרעגן איצט, באַנאַכט? באַ דער מאַמען, באַם שוועסטערל, וואָס שנאָרכן שטיל מיט די נעזער? — און ביז וואָס־ווען, האָב איך צוגעקליבן אַ גראַם צו דער פערטער שורע פונעם צווייטן פערז... און דער גראַם האָט זיך איצט אָפּגעזוכט גרינג, אַ מעכײַע! נאָך מער, ער איז ווי אַרויסגעשפּרונגען פון עפּעס אַ ווינקעלע, פון אַ שפּאַרונע, און באַלד האָב איך דאָרט טאַקע דערזען אַ גאַנצע סטראָפע, און יענע איז אָנגעשלאָסן געווען אין נאָך איינער — אַ היפּש קייטעלע סטראָפעס... זיי האָבן זיך גענומען שטופּן באַ מיר אין קאָפּ, געקלונגען אין די אויערן, און איך האָב מאַמעש געציטערט, ווי איינער, וועל־

כער האָט געפונען אן אויצער, — טאָמער וועט אלץ מיטאמאָל צעפלאָנטערט ווערן, טאָמער וועל איך פארלירן דעם פאָדעם!..

אראָפּ פון בעט, בין איך צו צום טיש, אָנגעצונדן דאָס קנייטל, וואָס האָט שוין דאפקע באוויזן אויסקילן זיך און ווערן הארט, און באם קליינעם פּײַערל, ניט האָבנדיק קיין צײַט זיך צו־זעצן, שטייענדיק מיט די הוילע קני אפן סקריפּענדיקן בענקל, גענומען אײַליק אָנוואַרפן איין סטראָפע נאָך דער אנדערער. די שורעס האָבן זיך געלייגט אפן פּאפיר א ביסל אין דער קרים, די האנטשריפט איז געווען עפּעס גאָר אן אנדערע, ניט אזא, ווי שטענדיק, א פיבערדיק־פאר־דרייטע און אומקלאָרע, — כ'זאָל עס כאָטש קאָנען איבערלייענען! עס האָבן זיך באוויזן אויסגע־מעקטע ווערטער, שורעס, ווי שטיינער אפן וועג פון א טײַכל, נאָר באלד זײַנען אָנגעפלאָסן אנדערע און די ליד האָט זיך ווײַטער געצויגן...

כ'בין ווידער אריַין אין בעט. ווען כ'וויס כאָטש, אז עס באקומט זיך עפּעס, אז מע וועט עס מעגן באווײַזן פאר מענטשן...

* * *

אָף מאָרגן איז מיראָן איסײַעוויטש אין סאמע אָנהייב פונעם לימעד, א קאפּעלע א צע־שטרייטער, אײַליק דורכגעגאנגען צווישן די פארטעס, קעדיי צונויפקלײַבן די איבערדערציילונ־גען, וועלכע ער האָט געהאט פארגעבן אהיים. לאכלוטן אָן קאס האָט ער געמאכט א שטרענגע באמערקונג איינעם, א צווייטן פון אונדזערע ניט גאָר גרויסע מאַסמידים דערפאר, וואָס זיי האָבן קלוימערשט פארגעסן אין דער היים די העפטן, צי קלאָל ניט געדענקט, אז מע האָט עפּעס פאר־געבן. אָפּגעטאָן עס, האָט ער גלײַך גענומען ריידן וועגן דער נײַער טעמע, וועלכע מיר האָבן געדאַרפט אָנהייבן, און די דאָזיקע פריידיקע אופגעשרויפטקײַט זײַנע, דאָס אומגעדולד האָט זיך אויך אונדז איבערגעגעבן. בלויז אף איין ווײַלע איז ער שטיין געבליבן לעבן מײַן פארטע און א קוק געטאָן אף מיר מיט זײַנע פײַנלעך־צוגעזשמורעטע אויגן. ער האָט געוואָרט, כ'זאָל אים דערלאנגען מײַן העפט, און, ס'א סוואָרע, שוין לאכלוטן גאָרנישט ניט געדענקט וועגן דעם נעכטיקן. איך האָב א קאפּעלע אן אנטוישטער, נאָר מיט טיפער דאנקבארקײַט איבערגעכאפּט דעם אָטעם. מײַן העפט האָט זיך אוועקגעלייגט אפן סטויסעלע העפטן, וועלכע מיראָן איסײַע־וויטש האָט געהאלטן אף דער דלאָניע, און איז באלד צוגעדעקט געוואָרן מיט עמעצנס א צווייטן.

בייס דעם לימעד האָט מיך געוואָרפן אין היץ און אין קעלט, כ'האָב אלץ זיך באמיט אויס־רעכענען, ווען קאָן מיראָן איסײַעוויטש אנערעך אופדעקן מײַן שפּיצל מיט דער ליד — מאָרגן, צי עפּשער אפילע ערשט איבערמאָרגן? אז ס'איז א שפּיצל און אז עס וואַרט מיך א גוטער פּסאַק, האָב איך ניט געצווייפלט. כאָטש כ'האָב אין הארצן ניט אופגעהערט זיך גרויסן דערמיט, וואָס כ'האָב פארפאסט. די געשעענישן האָבן זיך אָבער אנטוויקלט פיל שנעלער, איידער כ'האָב דער־וואַרט. דעם זעלבן טאָג, נאָך דער גרויסער האפסאָקע, ווען מיר זײַנען זיך גוט אָנגעלאָפן אין שולהויף און כ'האָב א פארסאָפּעטער זיך געשטופּט אינעם רוישיקן קינדער־געדראַנג דורכן האלב טונקעלן קאָרידאָר צו מײַן קלאס, האָט מיך עמעצער א רוף געטאָן און געזאָגט, אז כ'זאָל טייקעף גיין אין לערער־צימער — מע וואַרט דאָרט אף מיר.

די לערער, וואָס כ'האָב זיי אלע אזוי גוט געקענט, האָבן אף מיר א קוק געטאָן שווײַגנדיק און אזוי ווי מיט כידעש, ווען כ'בין אריבערגעטראָטן די שוועל אינעם צימער, ווו מיר פלעגן זיך באווײַזן בלויז אין אויסשליסלעכע פאלן, און אָפּטער פון אלץ — א קלאָרע זאך — אויב מען איז שוין אין עפּעס שולדיק געווען... מיראָן איסײַעוויטש איז געשטאנען באם טיש מיט א צעעפנטע העפט אין בײדע הענט, טאקע מײַן העפט.

ער האָט שנעל א שפּאן געטאָן מיר אנטקעגן:

— דו האָסט עס אָנגעשריבן?

אָפּטרעטן האָט שוין קיין זין ניט געהאט.

— יאָ, איך.

— אזוי־וי... — מיראָן איסײַעוויטש האָט עס געזאָגט שטיל און, ווי מיר האָט זיך אויסגע־דוכט, — פײַערלעך. ער האָט פאמעלעך איבערגעפירט דעם בליק פון איין לערער אפן צווייטן — ווער ס'איז געשטאנען מיט א קלאסן־זשורנאל אונטערן אָרעם, ווער מיט א טײַט־שטעקל און קרײַד אין די הענט. יעדערער האָט געמוזט אײַלן אף זײַן לימעד, נאָר קיינער האָט זיך ניט גערירט פון אָרט.

מיראָן איסײַעוויטש האָט מיך פלוצעם א פרעג געטאָן:

— וואָלסט עפּשער געוואָלט איבערלייענען די ליד אף אן אָוונט אין שול?

דער דיל איז באשײַמפערלעך אוועקגעשווומען פון אונטער מײַנע פיס, נאָר כ'בין דורך

עפּעס א נעס אײַנגעשטאנען, ניט געפאלן. וואָס הייסט, איך זאָל ארויסטרעטן פאר דער גאנצער שול?... דאָס איז א שטראָף, צי ער גרויסט זיך אזוי מיט מיר?

מיראָן איסײַעוויטש האָט מיך דערווײַל געגומען אונטעריאָגן:

— נו, גיי, גיי, גיי! איצט איז ניטאָ קיין צײַט!

ער האָט מיך אויסגעקערעוועט מיטן פּאָנעם צו דער טיר און לײַכט אונטערגעשטויסן אין פּלייצע, נאָר דער צערטלעכער צוריר פון זײַנע הענט האָט מיר שוין אלץ אנטפּלעקט: ער איז צופרידן...

כ׳געדענק ניט, וויאזוי ס׳איז דורכגעגאנגען יענער שול-אָוונט. זייער שטאַרקע איבערלעבונגען פאַרקריצן זיך ניט אין דעטאַלן, פּונקט ווי שטאַרקע העלע שײַן פאַרבלענדט אונדז, און מיר זעען בלויז דאָס, וואָס איז געווען, ביז ס׳האָט אופגעבליצט, און נאָך דעם, ווי דער בליץ איז אויסגעלאָשן געוואָרן... כ׳געדענק דאָס, וואָס איז געווען נאָכן אָוונט. א כאָפּטע כעוורע האָט געוואַרט אף מיר באַם ארויסגאנג פון זאַל, קעדיי מיר זאָלן גיין צוזאַמען אהיים. מיראָן איסײַעוויטש האָט מיך אָבער ניט אָפּגעלאָזט. ער האָט לעקאָוועד דעם דאַזיקן אָוונט זיך באַזונדערס גלאַט אָפּגעראַזירט, אָנגעטאָן א ווײַסן לײַנענעם אָנצוג, פון וועלכן עס האָט נאָך געשמעקט מיט זייף און מיט א טשאַדנדיק פּרעסל. אוועקגעפירט מיך אין סאָד הינטער דער שול, איז ער דאָרט באַ דער שײַן פון דער לעוואָנע לאַנג מיט מיר אומגעגאנגען איבער די געשלענגלטע שטעגעלעך, און סאַמאַריק האָט זיך געגאַנוועט נאָך אונדז צווישן די שטאַמען, געוואָרפן אין אונדז אָפּגעפּאַלענע עפּעלעך און באַרעלעך — דאָס האָט ער אזוי געייפערט מיך צום טאַטן.

טאַקע יענעם אפדערנאַכט האָט מיראָן איסײַעוויטש מיר דערציילט וועגן דער פערשקע, אז אליין איז זי א זיסע, נאָר דאָס יאָדערל איז באַ איר א ביטערס און אז דער גאנצער יִיכעס איז ניט אזוי אינעם קוויקן זיך מיטן זיסן, ווי אײַנהיטן דאָס קערעלע און אופציִען פון דעם א בוים. ער האָט מיר אויך דערציילט וועגן צוויי מענטשן, וואָס יעדערער פון זיי האָט געגראָבן א ברונעם: איינער האָט געגראָבן ניט טיף, אָנגעטראָפן אף מוטנעם וואַסער פונעם אייבערשטן שיכט און געטרונקען עס דאָס גאנצע לעבן. מענטשן אָבער האָבן זײַן ברונעם אויסגעמיטן; דער צווייטער האָט געגראָבן לענגער און טיפער, ביז ער האָט זיך דערקליבן צו אן עמעסן לויטערן קוואַל — באַ זײַן ברונעם רוען שטענדיק קאַראַוואַנען... כ׳האָב דעמלט ניט פאַרשטאַנען, וואָס מיראָן איסײַעוויטש מיינט דערמיט, און אויב כ׳האָב אים געדולדיק און מיט כשיוועס אויסגעהערט, איז עס נאָר דערפאַר, ווײַל כ׳בין געוווינט געווען צו פאַרשטעלטע רייד, צו דער סייכלדיקער און בילדערישער שפּראַך פון מעשאָלים און אפאָריזמען — די מאַמע מײַנע איז אין דעם געווען אויסגעטונקען. גאנץ מעגלעך אפילע, אז ניט איך, נאָר זי האָט געזאָלט זײַן דער ערשטער שרײַבער אין אונדזער מישפּאָכע. איצט אָבער מאַטערט מיך אן אנדער זאַך: וואָס האָט אין די מעשאָלים, וועלכע מיראָן איסײַעוויטש האָט יענעם אָוונט מיר דערציילט, און אויך אין די פיל אנדערע מעשאָלים, וואָס כ׳האָב שפּעטער פון אים געהערט, געהאַט א שײַכעס צו אים אליין, און צי האָט ער ניט פאַרשוויגן וועגן א דריטן מענטשן, וועלכער האָט א גאנץ לעבן געגראָבן א ברונעם, קעדיי בלויז איין כאָסערדייע זאָל פון אים טרינקען, — זײַן זון? און דאָך האָט דער דאָזיקער מענטש זיך געקענט פרייען מיט א ביטער קערל, וואָס ער האָט עס פאַרפלאַנצט אין דער ערד. אָט וויאזוי מע דאַרף ליב האָבן דאָס לעבן און גלייבן אין דעם!

מיראָן איסײַעוויטש האָט, אגעוו, פאַרשוויגן אלץ, וואָס האָט געהאַט א שײַכעס צו אים גופע. געווען איז א וועלט — אן אומענדלעכע, א ברויזנדיקע, א צוציִענדיקע — די וועלט, וווּהין איך האָב געדאַרפט אוועקגיין, און געווען איז א מענטש, ווײַט ניט קיין אָנזיכטיקער, נאָר א קלוגער, מיט פײַנלעך-צוגעזשמורעטע אומרויִקע אויגן, א געפּרוווטער אין לעבן, א באַהאַוונטער סײַ אינעם שיינעם, סײַ אינעם אכזאָריעסדיקן, וואָס קאָן אין יענער וועלט זיך טרעפן. ער האָט מיך געהאַלטן פאַר דער האַנט, עטוואָס העכער פונעם עלנבויגן, — אזוי האָט מיראָן איסײַעוויטש געוויינלעך ליב געהאַט מיך האַלטן, ווען מיר פלעגן גיין באַנאַנד און שמועסן אָדער ווען מיר זײַנען געזעסן פּאָנעם-על-פּאָנעם, — ער האָט מיך געהאַלטן העכער פון עלנבויגן און דערציילט וועגן דער וועלט, געמישפּעט זי און געלויבט זי, געגרייט מיך צו א גרויס און שווער לעבן. וועגן זיך אָבער האָט ער געשוויגן, קיינמאָל ניט דערציילט, וואָס האָט מיט אים פּאַסירט, ווי האָט ער זיך געפילט אין יענע ווײַטן, וועלכע ער האָט פאַר מיר אנטפּלעקט.

אָט אזוי האָבן מיר אָנגעהויבן זיך כאַווערן, דער לערער און דער שילער — ווײַט נאָך ניט קיין אלטער מענטש און נאָך גאָר א גרין, פאַרשײַט און לעכצנדיק יינגל. און צווישן אונדז ביידן האָט ווי א שאָטן אומגעשמײַעט סאַמאַריק — א נעבעכדיקער און שרעקלעכער, וועלכער האָט עפּשער אין זײַן מעשוגענער פאַרטראַגנקײַט פאַרט דערשפּירט, אז מיראָן איסײַעוויטש לייגט אריבער אף מײַנע אקסל עפּעס-וואָס פון דעם, וואָס ער, סאַמאַריק, האָט געזאָלט טראָגן...

כ׳בין געוואָרן אן אָפטער ארײַנגייער צו מיראָן איסײַעוויטשן אין שטוב, געגומען באַ אים

ביכער שטרענג לויטן צעטל, וואָס ער האָט עס אַליין צונויפגעשטעלט, און אומגעקערט זיי דאַן, ווען כ'האָב זיי איבערגעלייענט. כ'פלעג אים לייענען מײַנע נײַע לידער, און ער האָט מיך אויסגעהערט, האַלטנדיק צוגעמאַכט די אויגן, און דערנאָך פאַריכט זיי מיט אַן אָפּשניצל פון א בלײַער. איך האָב געזען, ווי ס'איז שווער געפינען אַמאָל דאָס נייטיקע וואָרט און ווי עס גיט א פינקל, ווען מע שטעלט עס אַוועק דאָרטן, וווּ מע דאַרף.

און דאָ טאַקע האָב איך צוגעקוקט אויך דאָס גאַנצע וואָכעדיקע לעבן מיראָן איסיײַעוויטשעס. כ'האָב געזען, ווי ער אַליין טראָגט אין הילצערנע עמערס וואַסער פאַר דער קיך און האַקט האָלץ פון יענער זײַט פליגל, אין ווינקל, וואָס מע זעט עס ניט פונעם שול־קאָרידאָר. זײַן געלע ווײַב, אַן אופגעבלאָזענע, ווי א באַקדייזשע, האַלט אין איין וואָרטשען און בייזערן זיך אַף אים, און ער באַרויִקט זי מיט א צעשטרייטן „שאַ, שאַ". און זײַן טאָכטער, אויך אַזאַ געלע, ווי די מאַמע, נאָר א שטאַלטנע און פלינקע, הערט אים, ווי דעם פאַראיאָריקן שניי. כאָטש וואָס קאָן מען דערוואַרטן פון א ניט קיין אייגענער טאָכטער? אַן אייגן קינד זײַנס איז געווען סאַמאַריק, דער זון פונעם ערשטן ווײַב. און מיראָן איסיײַעוויטש האָט דער איינציקער זיך מיט אים געײַסעקט — געוואַשן אים די הענט און דאָס פּאָנעם אין א שיסל וואַרעמען וואַסער, געמאַכט אים פּרעזשעניצעס און שטיל אים געלערנט, ער זאָל עסן, ווי א מענטש, אויסגעווישט אים מיטן האַנטעך די פּלעקן פון איי און פעטס, וועלכע פלעגן בלײַבן אַפן העמדל, געדולדיק אויסגעהערט אַלע זײַנע סוואָרעס און לעפּישקײַטן און אַפילע געשמועסט מיט אים צאַרט, פאַרשטענדלעך, באַמיִענדיק זיך אַרײַנדרינגען אינעם פינצטערן, פאַרפּלאָנטערטן לאַבירינט פון זײַנע געדאַנקען. מע האָט אין שטעטל דערציילט וועגן סאַמאַריקן, אַז ער איז ניט שטענדיק געווען א כאָסערדייע, אַז דאָס קומט בא אים פון א דערשרעק און פון דעם, וואָס מע האָט אים מיט א שווערד צעהאַקט דעם קאָפּ. און כאָטש א טיפער שראַם האָט ווירקלעך אין דער קרים איבערגעשניטן זײַן שטערן, האָט עס בא מיר פריִער קיין שום באַטרעף ניט געהאַט — כאָסערדייע און גאָר. מע מעג, הייסט עס, יאָגן זיך נאָך סאַמאַריקן אין די גאַסן, רייצן, ווי יעדן מעשוגענעם. איצט אָבער האָב איך גענוי פאַנאַנדערגעפרעגט בא דער מאַמען וועגן אַלץ. ס'איז געווען מיט א יאָר זעקס צוריק, סאָף ווינטער. אין שטעטל בא אונדז זײַנען דעמלט געשטאַנען די פּעטליוראָווצעס און דער טיפוס האָט זיי געקאָסעט. ער האָט, אייגנטלעך, געקאָסעט אַלעמען, אין יעדער שטוב זײַנען געווען כאַלאָים. נאָר פאַרשלעפּט האָבן אַהער די וויסטע קרענק די פּעטליוראָווצעס, וועלכע זײַנען דאָ געבליבן שטעקן מאַכמעס דעם, וואָס עס האָט צעשווענקט די וועגן.

אין שול איז געווען דער שפּיטאָל זייערער. מע האָט געשמועסט, אַז די פּעטליוראָווצעס ציִען דאָרט אויס די פיס יעדן טאָג צענדליקערווײַז. כ'האָב זיי געזען פונדערווײַטנס בלאַסע און אויסגעדייוועטע. סימאָן, דער באַטקאָ זייערער, איז אַף א פאַרדריפּעטער בריטשקע געלאָפן פון זײַן צאַנקענדיקן כײַעל קיין שעפּעטאָווקע, וווּ עס האָבן זיך ביז וואָס־ווען אײַנגעפונדעוועט די ווײַספּאָליאַקן, ווײַל בא שטשאָרסן און באָזשענקאָן האָט קיין צײַט ניט געקלעקט דערקלײַבן זיך צו אַזאַ טיף. אָט דאַן, ווען סימאָן פּעטליוראַ איז פאַרבײַגעפאָרן אונדזער שטעטל, איז פון זײַן סוויטע אָפּגעשטאַנען א קראַנק געוואָרענער בונטשוזשני. מע האָט אים כאָלילע ניט אַוועקגעשלײַדערט, ווי אַלע טיפוס־קראַנקע, אַף איבערגעפּילטער שטרוי, מיט וועלכער די דילן זײַנען אין די קלאַסן אויסגעבעט געווען, — דעם בונטשוזשני האָט מען באַשטאַט בא מיראָן איסיײַעוויטשן אין קוואַרטיר. זאָרגעוודיק אַזוי באַגאַנגען זיך מיטן באַטקעס מעקורעוו, וועלכער האָט געוואָרפן זיך אין היץ, האָבן די „פּאָבראַטימען" אין יאָלעפּעס און בעקעשעס גענומען זיך אַף אָנדענק זײַנע שטיוול און דאָס גאָר פײַנע אויסגענייטע פּעלצל — ס'הייסט, אַף יענער־וועלט וועט ער שוין מעגן קומען אָן דער דאָזיקער אַמוניציע. דער בונטשוזשני איז אָבער לעבן געבליבן און גענומען מאָנען בא מיראָן איסיײַעוויטשעס ווײַב, זי זאָל אים אומקערן די שטיוול און דאָס פּעלצל, וועלכע זי האָט, ניט אַנדערש, ווי אַרויסגעטראָגן אין מאַרק. מיראָן איסיײַעוויטש איז דאַן ניט געווען הי — ער, וועלכער האָט געעפנט די שול אונדזערע, איז זומער אַוועק פון שטעטל צוזאַמען מיט דער סאָוועטנמאַכט, — אַוועק אין א שינעל מיט אַרומגעברענטע פּאָלעס און מיט א ביקס אַפן אַקסל. און ווען דער באָרוועסער בונטשוזשני האָט געשטעלט דעם לערערס ווײַב צו דער וואַנט, האָט דער צוועלפיאָריקער סאַמאַריק איינער אַליין זיך א ריס געטאָן ראַטעווען די מאַמע. ער איז הענגען געבליבן אַפן רעצייעכס האַנט, וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן מיט דער שווערד, אָפּגעצויגן זי אַראָפּ און אײַנגעביסן זיך אין איר מיט די ציין. דער בונטשוזשני האָט איבערגעוואָרפן די שווערד אין דער לינקער האַנט, אָפּגעשטויסן דאָס יִינגל און ניט גאָר בעריִיש א שינד געטאָן אים איבערן שטערן. די פרוי אָבער האָט ער פאַרשניטן לויט אַלע געזעצן פון געפעכט — מיט דער רעכטער...

אָט ווי־אַזוי סאַמאַריק איז געוואָרן אַזאַ, ווי ער איז איצט. דאָס באַוווּסטזײַן איז פאַרטונקלט געוואָרן, נאָר דער מויעך האָט פאַרהיט אַלץ, וואָס האָט זיך אין אים אָנגעזאַמלט, ביז די שווערד

האָט א פּאַכע געטאָן. סאַמאַריק האָט ניט פאַרגעסן לייענען, שרײַבן, ניט פאַרגעסן דער מאַמעס מײַסעלעך און די שפּילעכלעך פון דער קינדהײַט. ער האָט געלעבט אין א פאַרגליווערטער וועלט, ווו אלץ, וואָס האָט געפרייט, פאַרכאַפּט דאָס אויג, האָט מען אָנטאָפּן ניט געקאָנט, און אלץ, וואָס עס האָט זיך געלאָזט אָנטאָפּן, — האָט געשראָקן. און נאָך איינס האָט זיך באַ אים פאַרהיט — קינדערשער נײַגער, וואָס איז אָבער געוואָרן א מין כּאַלאַס, — אלץ אויסקוקן, אונטערכאַפּן מענטשלעכע שוואַכקייטן, דערוויסן זיך סוידעס און מיט אַן אומפאַרשטענדלעך נעקאָמע־געפיל, מיט שאָדנפרייד יעדן דערציילן וועגן דעם. און מער פון אלעמען האָט פון דער געפערלעכער כּאַלאַס זײַנער געליטן דער, וואָס איז צו אים געווען אמנאָענטסטן, — דער טאַטע.

איינמאָל האָב איך איבערגעלייענט מיראַן איסײַעוויטשן מײַנע א ליד. סאַמאַריק איז געווען דאָ טאַקע אין צימער. שוין א צײַט, אז ער האָט פאַר מיר ניט מוירע געהאַט און געדרעכנט מיך אפילע פאַר א שטיקל פרײַנט. פּלוצעם האָט ער זיך גענומען טרייסלען אין א שטיל געלעכטער:

— קורצע שורעלעך, כּי־כּי... וואָלט דיר בעסער דער טאַטע איבערגעלייענט זײַנע קורצע שורעלעך...

— גוט, גוט, סאַמאַריקל, שטער ניט! — האָט געבעטן מיראַן איסײַעוויטש, — גיי בעסער ארויס אין סאָד.

דאָך האָב איך באַמערקט, אז דער לערער האָט זיך פאַרלאָרן.

סאַמאַריק איז טאַקע ארויס פון צימער, ער האָט אָבער אינגיכן זיך אומגעקערט א פאַר־שטויבטער, מיט שטיקלעך שפּינוועבס אָף די קליידער, און אויסגעשטרעקט מיר א היפּשן העפט.

— נאַ, טו א קוק, וויפל ער האָט דאָ אָנגעשריבן לידער... די שפּינען לייענען זיי און איך לייען אויך! — האָט ער געזאָגט מיט א מין מאָדנער בייזער שטאָלץ.

כ׳האָב אָפּגעגעבן דאָס העפט מיראַן איסײַעוויטשן און יענער האָט אָן אָנגעכמורעטער באַ־האַלטן עס אין שופלאָד פון שרײַבטיש.

אָט אזוי איז מיר אנטפּלעקט געוואָרן איין סאָד מיראַן איסײַעוויטשעס.

דערנאָך האָט זיך אנטפּלעקט א צווייטער. כ׳בין אין א פּאָר טעג ארום געקומען צו אים און ניט געטראָפן אים אין דער היים. ווען כ׳בין ארויס אין קאָרידאָר, האָט סאַמאַריק מיך א רוף געטאָן אין קעמערל, וואָס איז געווען דאָ טאַקע, באַ א זײַט. ער איז ארופגעשפּרונגען אפן ראַנד פון עפּעס א פוסט פעסל און דערלאַנגט פון דער אייבערשטער פּאָליצע א פאַרשטויבטע פּאַפּקע, אַן איבערגעבונדענע מיט א שטריקל.

— לאָמיר א לייען טאָן, — האָט ער געזאָגט און צולאַכעסדיק, פאַרשווערעריש זיך צע־לאַכט, — לאָמיר לייענען... דאָ שרײַבט ער אלץ וועגן קייטן און פרײַהײַט. כּי־כּי, און וועגן א מיידל...

כ׳בין ארויס פון קעמערל, נאָר סאַמאַריק האָט מיך דעריאָגט מיט א קאָנווערט אין האַנט:

— און טו א קוק, וואָס מע האָט אים פון רעדאַקציע געענטפערט!

נאָר כ׳האָב ניט געוואָלט וויסן, וואָס מע האָט געענטפערט מיראַן איסײַעוויטשן. דער שטעמפּל אפן קאָנווערט איז געשטעלט געוואָרן מיט פופצן יאָר צוריק — דאָס איז געווען דאָס איינציקע, וואָס כ׳האָב באַמערקט.

און אויך דער דריטער סאָד האָט זיך מיר אנטפּלעקט שוין קימאַט הארט פאַר דעם, ווי כ׳בין אוועקגעפאָרן פון שטעטל. כ׳האָב זיך דערוווּסט, אז מיראַן איסײַעוויטש שרײַבט איצט פּראָזע. ווידער טאַקע האָט עס מיר דערציילט סאַמאַריק:

— ער האַלט שוין איצטער ניט פון קיין קורצע שורעלעך. און שרײַבט נאָר לאַנגע... אלע היגע מענטשן זײַנען דאָרט באַשריבן, און וועגן מײַן מאַמען דערציילט ער א סאַך... קאַיאָר טוט ער דאָס, ווען מיר שלאָפן נאָך, און באַהאַלט זיי, די פּאַפּירן זײַנע, אין טומבע פון שרײַבטיש. נאָר איך בין קליגער פון אים, כ׳ציִ ארויס דעם אייבערשטן שופלאָד, באַ וועלכן דער שלאָס איז קאַליע, און דערלאַנג צום אונטערשטן, דעם פאַרשלאָסענעם. און כ׳לייען מיר אלץ. ער באַהאַלט דאָס געשריבענע פון דער שטיפמוטער, זי זאָגט, כּי־כּי, אז פון זײַנע פּאַפּירן קאָן מען זיך קיין העמד ניט אופנייען...

אָט וואָס פּאַר א לעבן עס האָט געהאַט דער מענטש, וועלכער האָט מיר דערציילט וועגן ביטערן יאָדער, וועגן דעם, ווי שווער און פריידיק ס׳איז צו שאַפן.

כ׳האָב זיך אוועקגעלאָזט אין דער גרויסער וועלט, ווו כ׳בין דאָס ערשטע מאָל אריבערגע־טראָטן די שוועל פון א רעדאַקציע. און אפן ברעג פון סלוטש האָט, פּונקט אזוי ווי פריִער, באַ־געגנט דעם בלאָסן קאַיאָר א שוואַך פײַערל אין פענצטער פונעם זײַטיקן שול־פּליגל. דאָרט, באַם שרײַבטיש, האָט זיך געמיט מיראַן איסײַעוויטש. עפּשער האָט ער געשאַפן יענעם איינציקן בוך, וואָס יעדער מענטש האָט די רעכט אָנצושרײַבן וועגן זײַן לעבן, און עפּשער האָט ער געשליפן שפּיגלען, אין וועלכע יעדערער זאָל זיך דערקענען?..

* * *

ס׳איז ווידער אוועק א יאָר פופצן. די וועגן פון דער מילכאָמע האָבן מיך ארויסגעפירט צו די רוינען פון מיין היימשטעטל. א הורבע אש, געמישט מיט ליים, איז געבליבן פון דער שטוב, אין וועלכער כ׳בין אויסגעוואקסן, צווישן די ארומגעברענטע ציגלנע ווענט פון דער שול האָבן נאָך געשפריצט מיט פונקען די טליענדיקע באַלקנס. דער ברעטלדיקער קאָרידאָר מיטן זייטיקן קעמערל באַם אריינגאנג אין מיראן איסייעוויטשעס דירע זיינען פולשטענדיק פארברענט געוואָרן, און פארן שווארצן כאָלעל, וואָס איז געבליבן פון דער טיר, האָבן זיך געוואלגערט פלעשעלעך, סלאָיקלעך און אייזערנע רייפן פון יענעם פעסל, אף וועלכן סאמאריק האָט זיך געהאט געשטעלט, קעדיי דערלאנגען די פאפקע מיטן טאטנס פארגעלטע קסאוויאדן. געזען האָב איך אויך, וואָס עס איז פון יעגע קסאוויאדן געבליבן — שווארצע, איינגעשרומפענע בלעטלעך, צונויפגעדרייט אין טרייבלעך, וואָס צעשיטן זיך, ווי נאָר מע רירט זיך צו זיי צו מיט די פינגער...

מיראָן איסייעוויטש איז פונעם פארברענטן שטעטל אוועק ניט ווייט... ער האָט זיך אופגעהויבן אפן זאמדיקן בערגל, וואָס איז געלעגן צווישן וואלד און דעם שליאך, וועלכער פירט צו דער באן-סטאנציע. געקומען איז ער אהין ניט איינער — טויזנטער מענטשן זיינען אויך געגאנגען מיט אים אין לעצטן וועג. דאָ האָבן די פאשיסטן זיי פארשניטן.

איבערן שליאך איז געפאָרן א טאנק, הינטן האָט זיך אים נאָכגעשלעפּט א שטאָלענער טראָס. מיר איז איינגעפאלן פארטשעפּען מיט אָט דעם טראָס א גרויסן שטיין, וואָס איז געלעגן בא דער זייט פונעם שליאך, ארופשלעפּן אים אפן בערגל — וועט זיין א דענקמאָל. אזוי האָבן מיר טאקע געטאָן, איך און דער טאנקיסט.



כאַיִם מאַלטינסקי

# אבי צום הארצן איז די מי

**א**, צוואנציק יאָר איז ניט קיין צוואנציק טריט —
א דויערהאפטיק שווערער לעבנס-וועג.
נאָר זיבן טויזנט מיט צוויי הונדערט טעג,
ווען טאָג נאָך טאָג, ווי שוואלבל נאָך שוועלבל, פליט, —
דאָס איז שוין ניט אזוי מעסוקן לאַנג.
אבי צום הארצן איז די מי, —
און ס׳גייט א גאנג!

* * *

**פ**ארדאמטער קריג, מע הערט דיך און מע זעט דיך,
כאָטש שאָלעם יאָגט דיך, טרעט דיר אף די פיאטעס.
און סאָפקאָלסאָף אליין דער אטאָם —
אריינשטופן אין ספוטניקעס ער וועט דיך:
— פלי, ווּיסטער קריג, אין כאָלאָלס האָרע-כוישעך,
אין שווארצע הימלען, זיי דאָרטן א טוישעוו.
און אף דער ערד דער גאנצער
איז די פארטיי-פראָגראַס — א שאָלעם-פאנצער.





## איציק פעפער

סיביר,
אוראל,
קאלוגע און טריפּאָליע...
מיט הייסן בלוט אין הייסן הארץ צעבליט,
כ'בין אומעטום
א הייסער קאָמסאָמאָלעץ
מיט יונגע זינגענדיקע טריט!

אזוי האָט אָנגעהויבן זײַן וועג אין דער ייִדישער סאָוועטישער פּאָעזיע דער דיכטער־קאָמוניסט איציק פעפער, וואָס איז טראַגיש אומגעקומען אין דער צײַט פון פּערזאָנען־קולט.

איציק פעפער איז געבוירן אין 1900, אין שטעטעלע שפּאָלע, אף אוקראַינע. ער דרוקט זײַן ערשטע ליד אין דער קיִעווער צײַטונג „קאָמוניסטישע פאָן". אין 1924 דערשײַנט זײַן בוך „וועגן זיך און אזוינע ווי איך", וואָס איז אַן אָנהייב פון זײַן מערקווירדיקן דיכטערישן אופשטײַג.

מיר באַקאַנען אונדזערע לייענער מיט אייניקע ניט געדרוקטע לידער פונעם דיכטער.

# ווילדע כאַלוימעס

כ'האָב זיך אײַנגעהילט אין הימל —
מיט די שטערן זיך פאַרקנאָפּלט,
פון דער זון געמאַכט א שלייער
און געלאָזט זיך אינעם וועג.
כ'האָב די וועגן אויסגעהימלט,
כ'האָב באַשטערנט יעדעס שטיבל,
כ'האָב מיט זון ארומגעשנירלט
אלע שאָען, אלע טעג...

מענטשן קומען מיר אנטקעגן
און זיי ווינקען מיט א האַס:
— ר'האָט באַהימלט אלע וועגן!
— ר'האָט באַלויכטן יעדער גאַס!

כ'האָב געכאַפּט די קאַלטע מענטשן,
זיי געהויבן אין דער ליכט,
זיי געבאָדן אין די שטערן.
נאָר זיי ווילן גאָרניט וויסן,
גאָרניט הערן,
און זיי האָבן זיך צעשפּרונגען,
זיך צעשפּרונגען און אוועק.

— — — — — — — — — — — — —

כ'האָב זיך אײַנגעהילט אין הימל
און געלאָזט זיך אינעם וועג.

קיִעוו, 1918.

# צו די גלײַכגילטיקע

צו די, וואָס באַזײַטיקן זיך אין קאַמף קעגן פאַשיזם

פרעמד איז אײַך דער טאַם פון בלײַ,
פרעמד איז אײַך דער בלי פון מײַ,
פרעמד איז אײַך דער גלי פון שלאַכט,
פרעמד איז אײַך די מי, וואָס לאַכט.

זײַט איר געשטאַנען בא דער זײַט
און געהערט, עס שרײַט די צײַט,
און געהערט, ווי דונער רופט
און צעבראָכט דאָס (גלאָז) פון לופט.

איר האָט געהאָלפן שטילערהייד
פאַרלעשן יעדער טראָפּן פרייד,
דערנאָך האָט איר באַזונגען גוט,
ווי רויבער זופן אונדזער בלוט, —
די טפיסעס, קייטן און די רוט...

איר זײַט געשטאַנען בא דער זײַט
און האָט געהערט, ווי ס'וויינט די צײַט, —
אויב דער טויט איז אײַך באַשערט,
זײַט איר אים אוואַדע ווערט...

# מע זאָגט...

מע זאָגט: איך בין געוואָרן הארטער
און עטוואָס טרוקענער, ווי פריִער,
מײַן גיכער גאנג, דער יִינגלש־צארטער,
האָט זיך שוין אָפּגעטיילט פון מיר.

מע זאָגט, אז גוטעפרײַנט געדענקען
מײַן אָפֿנהארציקייט, מײַן ברען,
מע זאָגט, אז אלט־באקאנטע בענקען
נאָך דעם, וואָס כ׳בין אמאָל געווען...

איך הער דעם אורטייל אויס געדולדיק:
צי זאָגט מען עמעס, צי מע לײַגט,
איך פּאטש זיך אויס, ווען איך בין שולדיק,
איך מוסער אויס מײַן הארץ, ווען ס׳שווײַגט...

איך טרײַב פון זיך אָט יענעס, יענעס,
וואָס יאָגט א וואָלקן אף מײַן שײַן,
און בא די שווארצע ליכט פון גענעס
ער קאַפּעט סאַם צו מיר אין ווײַן...

# מײַנע וועגן

איך האָב זיך קיינמאָל מיט די וועגן מײַנע ניט געקריגט,
זיי האָבן פון מײַן בלאָנדזשען ניט געליטן,
און אויב א וועג האָט זיך אמאָל אף אָפּגרונטן געוויגט
און איך אליין פלעג בלײַבן אינדערמיטן, —
האָב איך געוווּסט, כ׳פארמאָג א קאָמפּאס אין די הענט,
איך האָב א היים, א רויטן שטערן אף די קרעמל־ווענט...

און אויב א וועג האָט זיך אמאָל א דריי געטאָן, א וואקל,
איז עס דערוף א וועג, וואָס שלענגלט זיך צו אייביקייט געווענדט,
און זעט זײַן אָנהייב ניט, און זעט ניט דעם סאַקאַל
אין לויפעניש — ער זעט נאָר איינס: זײַן מיט,
און ס׳דוכט זיך אים: ער איז צו וועגן אנדערע געשמידט...

ס׳איז זעלטן, ווען עס רײַסט זיך אָפּ א וועג פון וועגן
און הייבט זיך הויך — דעם בארג, דער זון, דער וועלט אנטקעגן,
די וועגן מײַנע האָבן אָפּט מיך אף די אומוועגן געפירט,
נאָר קיינמאָל האָבן זיי מיך אפן קרומוועג ניט פארפירט,
און ניט געבלאָנדזשעט כ׳האָב בא פרעמדע ברעגן...

כ׳האָב אלעמאָל געהאט דעם קאָמפּאַס אין די הענט
און האָב געזען פאר זיך דעם רויטן שטערן אף די קרעמל־ווענט...





## יאשע זעלדין

צום זעכציקסטן געבורטסטאָג פונעם טאַלאַנטפולן דיכטער יאשע זעלדין דרוקן מיר צוויי ווייניק באַקאַנטע לידער זײַנע.

י. זעלדין איז העלדיש אומגעקומען ווינטער 1941, אין די שלאַכטן פאַר מאָסקווע.

# פאַלונדראַ!

עס גלײַען די הייכן מיט שטערן,
און שפּיגלען זיך רויִק אין רעיד,
ווו ביסטו, מײַן זיידע זשול ווערן,
ווו ביסטו, מײַן גרויער מײַן רידז?

די העלדישע מײַסעס פאַר קינדער,
פאַר דרייסטע אזוינע, ווי איך,
האָט לויפנדע צײַט שוין פאַרענדערט,
האָט לויפנדע צײַט שוין פאַריכט.

עס ווימלען איצט נײַע פּיראַטן
אף ערד און אף יאַם־אָקעאַן,
וואָס האָבן שוין לענדער צעטראָטן
און פעלקער פאַרטריבן אין שפּאַן.

זיי לויערן בייזע אף יאַמען,
אף שיפן, ווי טורעמס געבויט,
און דראָען, און דראָען אונדז אַלעמען
מיט צוימען פון קנעכטשאַפט און נויט.

נאָר ווער קאָן אונדז איצטער דערשרעקן —
די זין פון דאָנבאַס און אוראַל,
וואָס רוישן אף ברעגלאָזע שטרעקעס
מיט מי פון א בויונג־אוראַל?

...די העלדישע מײַסעס פאַר קינדער,
פאַר דרייסטע אזוינע, ווי איך,
האָט לויפנדע צײַט שוין פאַרענדערט,
האָט לויפנדע צײַט שוין פאַריכט.

פ אַ ל ו נ ד ר א — א מאַטראָסישער אויסדרוק, וואָס באַטײַט: היט זיך, זײַט גרייט!

# קאָלווירטיש ווינטשעוואַניעס

היי, קאָלווירטניקעס געטרײַע,
זאָלט איר לעבן לאַנגע יאָר!
זאָל אין שײַער אײַך ניט סטײַען
פאַר דעם קאָרן מער קיין אָרט...

זאָלן זײַן די פעסער פולע
מיט א שפּילנדיקן ווײַן,
אף יאָמטויווים זאָל מען הוליען,
טרינקען, וויפל ס'וועט אַרײַן.

זאָלן זײַן די זין געזונטע
און געראָטן ווי די וועלט,
אף דער אַרבעט ווײַזן וווּנדער —
סײַ אין שטאָט און סײַ אין פעלד.

זאָלן זײַן בא אײַך די טעכטער
אלע שלאַנק, געזונט און שיין,
און כאַסאַנים קריגן רעכטע,
ווי זיי ווינטשן זיך אליין.

זאָל געראָטן זײַן דער קאָרן
און זאָל רײַך זײַן דער קאָלווירט,
און אף סימכעס זאָל מען פאָרן
און זיך פרייען אָן א שיר!

איר זאָלט אונדז נאָר ניט פאַרגעסן,
אַפן מאָלצײַט רופט אונדז אויך,
מיר'ן טרינקען, מיר'ן עסן,
אז ס'וועט, ברידער, גיין א רויך.





## עליע גאָרדאָן

געבוירן אין 1907 אין זעליאָנאָפאָל (אוקראַינע). פאַרענדיקט דעם מאָסקווער אוניווערסיטעט. אָנטיילנעמער פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע. אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1927. וווינט אין מאָסקווע.

# די באָבע פון די טראַקטאָריסטן

ענדלעך האָט מירע באַקומען א בריוו פון דער טאָכטער.

סימע האָט געשריבן, אַז איר מאַן איז אַוועקגעפאָרן אַף א לענגערער צײַט לערנען זיך אַף אַגראָטעכנישע קורסן, זי איז געבליבן איינע אליין מיטן קינד אינעם ווײַטן קאָלווירט, ווו ערשט ניט לאַנג איז אויסער הימל און ערד גאָרנישט ניט געווען. איבערגעלייענט דעם בריוו, איז מירע געבליבן זיצן א פאַרדײַגעטע. דאָרט, בא דער טאָכטער, דאַרף זיך אָט־אָט אָנהייבן דער הארבסט־פאַרזיי. אין אַזא צײַט, האָט זי געוווּסט, טאָגט און נעכטיקט סימע אין פעלד, איז אַף וועמען וועט זי איבערלאָזן דאָס קינד?

„וואָס זשע הייבט מען אָן צו טאָן? ס'איז דאָך, נעבעך, א ראַכמאָנעס אַף איר", האָט מירע געטראַכט. זי איז פונסנײַ דורכגעלאָפן מיט די אויגן איבערן בייגעלע פאַפיר און פאַרהאַלטן דעם בליק אַף דעם אָרט, ווו די טאָכטער האָט געשריבן: „אויב דיר איז טײַער דײַן איין־און־איינציק אייניקל, טאָ קום צו פאָרן... דו האָסט זיך אַף דײַן לעבן שוין גענוג אָנגעאַרבעט, מעגסט זיך פאַרגינען א ביסל אָפּרוען. כ'פאַרשטיי ניט, וואָס האַלט דיך דאָרטן, פאַרוואָס קאָנסטו בעשום־אויפן ניט באַשליסן אַריבערפאָרן צו מיר".

נאָך דעם, ווי בא מירען איז אומגעקומען דער מאַן אַף דער מילכאָמע, נאָך דעם, ווי זי האָט, אַרומוואַנדלענדיק אַף די וועגן פון עוואַקואַציע, פאַרלוירן צוויי קינדער, איז סימע די מיזינקע פאַרבליבן איר איינציקע טרייסט.

סימעלען האָט מירע אָפּגעגעבן איר גאַנץ האַרץ, איר נעשאָמע, און איצט, ווען זי האָט מיט אַזעלכע גרויסע צאָרעס די טאָכטער אויסגעהאָדעוועט, אויסגעלערנט, אַף די פיס געשטעלט, — ווי קאָן זי איר ניט גיין אַנטקעגן, ווי קאָן זי איר ניט קומען צו הילף? אָבער פאַרלאָזן די אַלטבאַזעסענע היים איז מירען אויך געווען ניט אַזוי גרינג.

דאָ, אַף די סטעפּעס, איז דורכגעגאַנגען דער גרעסטער טייל פון איר לעבן. יעדעס שטיינדעלע איז איר דאָ נאָענט און ליב, יעדעס גרעזעלע, יעדער טוווּע־שפּראָצלינג, וואָס נערט זיך מיט דער זאַפט פון דער ערד, האָט זי, מירע, באַגאָסן מיט איר שווייס, ווי זשע קאָן זי פויעלן בא זיך אַריבערצופאָרן אַף דער עלטער אין א נײַעם קאַנט, לעבן צווישן אומבאַקאַנטע מענטשן? און, אויסער אַלעמען, ווי קאָן זי איצט אַפילע א פּיפּס טאָן פאַרן פאָרזיצער פון קאָלווירט וועגן אַוועקפאָרן אין רעכטן ברען פון דער אַרבעט־צײַט. פונדעסטוועגן, צוגיין איך פאַרוואַלטונג, דורכריידן זיך מוז מען — א ברייִרע האָט זי?..

מירע האָט זיך אַרומגעוואַשן, צוגעקעמט זיך, אָנגעטאָן דאָס שוואַרצע פּליושענע סעקעלע, די וואָלענע שאַרף, וועלכע זי האָט ניט לאַנג צוריק געקויפט אינעם ראַיאָנעם אוניווערמאַג, און זיך געלאָזט גיין צום פאָרזיצער.

די געבײַדע, וווּ עס האָט זיך געפונען די פאַרוואַלטונג, איז געווען אַמאָל די ערשטע שטוב אינעם סטעפּ־יִישעוו. זי האָט נאָך ביז איצט געטראָגן דעם נאָמען, מיט וועלכן מ׳האָט זי דאַן געקרוינט, — „די קאָנטאָר“.

עטוואָס אָפּגערוקט פון די צוויי רייען הײַזער, האָט די פאַרוואַלטונגס־געבײַדע זיך אויסגעטיילט פון זיי מיט אירע רויט־ציגלנע ווענט, וועלכע זײַנען שוין ערטערווײַז געווען פאַרשוואַרצט, מיט איר ברוינעם בלעכענעם דאַך און מיט די הענדעלעך, וואָס זײַנען געשטאַנען אויף די לאַנגע רינוועס מיט פאַריסענע שנאָבלען, גרייטע אַ ליאַדע רעגע וואַרפן זיך אין אַ בלאָטיק געפעכטס.

וויפל רעגנס האָבן שוין געהאַט געוואַשן אָט די שטוב, וויפל זאַווייען האָבן מיט אַ ברומענדיקער פײַפערײַ זיך דורכגעטראָגן פאַרבײַ, וויפל זוניקע טעג האָבן זי געסמאַליעט, און די שטוב איז אַלץ געשטאַנען, פּונקט ווי אַמאָל, ווען מירע, נאָך גאָר אַ יונג מיידל, האָט פונעם שטעטל אין טיף וואַלין איבערגעוואַנדערט אַהער, אויף די ניט באַוווינטע סטעפּעס. טאַקע דאָ האָט זי דאַן זיך געטראָפן מיטן איצטיקן פאָרזיצער פון קאָלווירט — מיט דאָוויד דאַשעווסקין. ער איז דעמאָלט אויך געווען אַ יונגער באָכער, אויך, ווי זי, געקומען אַהער פון אַ שטעטל אויף דער רעכטברעגיקער אוקראַיִנע.

זי געדענקט אַפילו, ווי הײַנט וואָלט דאָס געווען, דאָס אָפּגעריבענע לעדערנע רעקל, די גאַליפע און די אויסגעקרימטע פאַרשטויבטע שטיוול, וועלכע ער האָט דאַן געטראָגן. דורך דעם צעכראַסטעטן רעקל האָט זיך אַרויסגעזען דאָס טונקל־ברוינע סאַטינענע העמדל, וואָס איז געווען אַריבערגעלאָזט אַריבער די הויזן און אַרומגעגאַרטלט מיט אַ גרין גאַרטעלע מיט קוטעסלעך. זײַן גרויסער קאָפּ איז געווען באַוואַקסן מיט אַ געדיכטער קוטשמע האָר. מירע געדענקט, ווי דאָוויד האָט דאַן פונווײַטן געכאַפּט אַ קוק אויף איר. נאָכדעם צוגעגאַנגען און גוטברודעריש אַ פרעג געטאָן:

— דו ביסט, קענטיק, אויך אַן איבערוואַנדערן?.. אַ קאָמיוגיסטקע?

— מ־הו, — האָט מירע אַ שאָקל געגעבן מיטן קאָפּ, — און דו?

— איך בין אַן אַלטער קאָמיוגיסט, — האָט דאָוויד אָפּגעענטפערט מיט אַזאַ טאָן, ווי ער וואָלט זיך באַליידיקט, לעמײַ זי פרעגט גאָר אַזאַ פראַגע. ער איז גרייט געווען דאָ אויפן אָרט אויסרעכענען פאַר איר די קאָמיוגישע אָנלאָדונגען, וועלכע ער האָט אויסגעפילט אין דער היים, אויסדערציילן איר, וואָס פאַר אַן אויטאָריטעט ער האָט דאָרט געהאַט; אַז מ׳פלעגט אים קעסיידער אויסקלײַבן אַלס פאָרזיצער פון די קאָמיוגישע פאַרזאַמלונגען און אַפילו אַלס דעלעגאַט פון די ראַיאָנע קאָנפערענצן.

דערנאָך האָט זי דאָוויד אָנגענומען פאַר דער האַנט, אָפּגעפירט אין אַ זײַט, ווי ער וואָלט איר וועלן אײַנרוימען אַ סאָד.

— דו פאַרשטייסט, מיר דאַרפן דאָ זײַן דער אַוואַנגאַרד... מיר זײַנען דאָך די יונגע גוואַרדיע פון פּראָלעטאַריאַט...

גערעדט האָט ער מיט היץ, געטרייסלט בייסמײַסע מיט די קודלעס, וועלכע זײַנען אים געפאַלן איבערן פּאָנעם, געפאָכעט מיט די הענט און פאַרשאָטן מירען מיט אַ סאַך אומפאַרשטענדלעכע ווערטער, אויסגעלייענטע פון צײַטונגען און ביכער.

אויף מאָרגן האָבן דאָוויד מיט מירען זיך ווידער באַגעגנט בא דער קאָנטאָר. זיי האָבן לאַנג אַרומגעשפּאַצירט איבערן פאַרווילדעוועטן, מיט קורײַ פאַרוואַקסענעם סטעפּ.

אין דער יאָרנלאַנגער סטעפּישער שטילקײַט, אין וועלכער ס׳פלעגט זיך נאָר דורכרײַסן אַ וואָיען פון אַ ווינט, אַ צוויטשערײַ פון אַ פויגל, אַ פּישטשערײַ פון אַן אוּוראַכע, האָבן דאַן אַ קלונג געטאָן די ערשטע מענטשלעכע קוילעס.

שטעגן און שטעגלעך האָבן זיך אויסגעצויגן פון דער איינציקער שטוב, פון דער קאָנטאָר, צו די גריבער, וווּ מענטשן האָבן געקנאָטן ליים און געפורעמט ציגל, און צום פאַנאַנדערגעלייגטן פײַער אונטערן דרײַפוס, וווּ ס׳האָט זיך געקאָכט די וועטשערע.

די סטעפּ־פייגל האָבן זיך שוין אויסגעזעצט אויף נאַכטלעגער אין זייערע נעסטן אויף די מעזשעס אָדער ערגעץ אויף אַ בערגל. די פלאַטערלעך זײַנען שוין אויך פאַרשוווּנדן, די גרילן האָבן אופגעהערט צו גרילצן, נאָר מירע מיט דאָווידן האָבן נאָך אַלץ ניט געקאָנט אָנריידן זיך צוזאַט.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט מיט אַ גערויש זיך אָנגעטראָגן אַהער אַ מאָדנע אײַזערנע באַשעפעניש, וועלכע קיינער האָט דאָ נאָך קיינמאָל ניט געזען. קינד־און־קייט זײַנען זיך צונויפגעלאָפן אָנקוקן דעם בייזוווּנדער.

— אָן פערד אַקערט עס, — האָט מען גערעדט צווישן אוילעם, — און אַ קויעך האָט עס פאַר צען פערד, פאַר צוואַנציק, און עפּשער פאַר הונדערט.

— עפּשער זיצט אין דעם אַ שעד, אַ ניטגוטער? — האָבן דערשראָקן געטײַנעט אַלטע ווײַבער.

מענטשן האָבן געקנייטשט מיט די פּלייצעס, פאַרווונדערט פאַנאַנדערגענומען די הענט און ניט געקאָנט פאַרשטיין דעם קישוף פון דער דאָזיקער מאַשין. מע האָט זי באַטאַפּט פון אַלע זײַטן, ווי מע באַטאַפּט אַ פערד, אײדער מע קויפט עס.

מירע איז אויך געשטאַנען צווישן דעם עולם. אויף קאָפּ האָט זי געטראָגן אַ רויט טיכל. איין צעפּל פאַרוואָרפן איבער דער ברוסט, דאָס צווייטע איבערן אַקסל. אירע ברענענדיקע אויגן האָבן געקוקט מיט קינע אויפן באַכער אין די גרויסע ברילן און אינעם בלויען קאָמבינעזאָן, ווי ער דרייט עס געשיקט דעם רודער, ווי ער קערעוועט די מאַשין און ווי זי פאָלגט אים געהאָרכזאַם.

— דער טראַקטאָר וועט אַרבעטן בײַ אונדז? — האָט מירע געפרעגט באַם באַכער.

— אַהאַ, — האָט דער באַכער צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

מירע האָט זיך אַ ווײַלע אַרומגעדרייט אַרום דעם טראַקטאָר, נאָכדעם האָט זי שטיל און ניט זיכער אַ פרעג געגעבן:

— ווי קאָן מען זיך אויסלערנען אַרבעטן אויף אים?

— ווילסט ווערן אַ טראַקטאָריסטקע? — האָט דער באַכער באַטראַכט מירען מיט אַ כויזעק־שמייכעלע. — דאָס איז דיר ניט קיין פערד אָנטרײַבן. אַ פערד גיסטו אַ שמיץ מיט דער בײַטש, אַ צי מיט די לייצעס, און פאַטער. אַ טראַקטאָר איז גאָר עפּעס אַנדערש. אויף אַ טראַקטאָר אַרבעטן איז ניט קיין באָרשטש קאָכן...

אויף דער ערשטער קאָמיוגישער פאַרזאַמלונג פון צוויי־און־זעכציקסטן ערדבאַצירק, וווּ מע האָט אָנגעהויבן בויען דעם סטעפּ־יישעוו „זאַריא“, האָט מען דאָוויד דאַשעווסקין אויסגעוויילט אַלס סעקרעטאַר פונעם קאָמיוגישן קעמערל. פון יענעם טאָג אָן האָט זיך די פרײַנטשאַפט צווישן אים מיט מירען נאָך מער פאַרשטאַרקט. זיי זײַנען שטענדיק געגאַנגען פון די פאַרזאַמלונגען צוזאַמען און אָן אויפהער גערעדט צווישן זיך. אַלץ, וואָס מירע האָט געזאָגט, פלעגט דאָוויד באַטראַכטן, ווי ער האָט עס אַליין אָנגערופן, פונעם „פּראָלעטאַרישן שטאַנדפּונקט“. אַלץ פלעגט בײַ אים אַרויסרופן דערווידערונגען. ער האָט זיך געהיצט, געמאַכט מיט די הענט און גערעדט הויך, ווי אויף אַ מיטינג:

— די פּסיכאָלאָגיע הינקט נאָך בײַ דיר, מ׳דאַרף זי אונטערקאָוועն, אין קעסל איבערקאָכן...

מירע האָט אַרײַנגעקוקט דאָווידן אין מויל אַרײַן און איז אים מעקאַנע געווען, וואָס ער קען אַזוי שיין ריידן, ווי אַן עמעסער רעדנער. אַזוי, האָט זיך איר אויסגעדוכט, דאַרפן ריידן אַלע. און זי רעדט גאָר מיט אַזאַ פּראָסט לאָשן, אַזוי ווי איר מאַמע האָט גערעדט, ווי עס ריידן אַלע מענטשן.

זי האָט ניט אויפגעהערט צו טראַכטן, וויאַזוי אַרויסברענגען פאַר דאָווידן איר פאַרלאַנג, וועלכער האָט זי געמאַטערט, זינט דער טראַקטאָר האָט זיך באַוויזן אין יישעוו. ענדלעך, איז זי איינמאָל מיט אַנטשיידענע טריט אַרײַן אינעם קליינינקן צימערל פון דער קאָנטאָר, וווּ עס האָט זיך געפונען דאָס קאָמיוגישע קעמערל, און געזאָגט דאָווידן:

— איך וויל אָנקומען אויף טראַקטאָר־קורסן און איך בעט, אַז דאָס קאָמיוגישע קעמערל זאָל מיר אין דעם העלפן.

— אַזוי? דו ווילסט אויף טראַקטאָר־קורסן? — האָט דאָוויד איבערגעפרעגט. — דו ווילסט... דאָס איז בײַ דיר דער איקער. דײַנע אייגענע אינטערעסן ליגן דיר אין זינען. צי ווייסטו, אַז דאָס, וואָס דו טראַכסט נאָר וועגן זיך, קאָן מען זאָגן, איז אינדיווידואַליזם?..

— אינדיווידואַליזם?.. איך טראַכט נאָר וועגן זיך?.. — האָט מירע אויסגעשטעלט אויף דאָווידן אַ פּאָר אויגן. קיין שווערערע באַשולדיקונג האָט זי קיינמאָל אויפן לעבן ניט געהערט. אָן אויפגעבראַכטע, איז מירע דעם זעלבן טאָג אַוועקגעפאָרן אין ראַיאָן און אומגעקערט זיך פון דאָרטן מיט אַ „פּוטיאָווקע“ אויף טראַקטאָר־קורסן.

...ווען דאָס וואַסער האָט אָפּגערוישט אין די באַלקעס, איז מירע אין אַ בלויען קאָמבינעזאָן, אין גרויסע ברילן צוגעפאָרן צו דער קאָנטאָר אויף אַ טראַקטאָר.

— מירל פאָרט אויף אַ טראַקטאָר!.. אָט אַ מאַזיק! אַ פײַער, אַ קאָזאַק אין אַ קליידל! — האָבן זיך דערהערט קולעס.

קינד־און־קייט זײַנען זיך צונויפגעלאָפן. כעוורע האָבן איר צוגעטראָגן וואַסער, אָנגעגאָסן עס אין ראַדיאַטאָר, געהאָלפן רייניקן דעם טראַקטאָר, אים געגלעט, ווי מ׳גלעט אַ לעבעדיק באַשעפעניש, און אים אָנגערופן „מירלס טראַקטאָר“. ווי נאָר מ׳האָט דערהערט פון ערגעץ אַ הור־דערײַ, האָט מען געשריִען:

— מירלס טראַקטאָר פאָרט!

ביז שפּעט אין אָוונט פלעגט כעוורע וואַרטן, ווען וועלן זיך שוין באַווײַזן די בלענדיקע פאַרעס פונעם טראַקטאָר, ווען וועט זיך מירע אומקערן פון פעלד.

מער פון אלעמען האָט אָף איר ארויסגעקוקט דאַוויד דאשעווסקי. ס'האָט אים מוירעדיק פאַרדראָסן, לעמיי ער האָט זיך מיט איר צעוועדטלט. אים האָט זיך שטארק געוואָלט פאַרגלעטן דעם סיכסעך, וואָס ער האָט געהאַט מיט איר, און ער האָט ניט געוווסט, וויאַזוי. צוגעהיט איינ־מאָל, ווען מירע איז געגאַנגען אהיים, האָט דאַוויד זי אָפּגעשטעלט. ס'האָט זיך אים געוואָלט איר דערציילן, ווי ער האָט געבענקט, ווי עס האָט אים פאַרדראָסן, לעמיי זי האָט אים אפילע קיין בריוו פון די קורסן ניט געשריבן און לעמיי זיי האָבן זיך ניט באַגעגנט, זינט זי איז גע־קומען. נאָר דאַוויד האָט זיך געשעמט מיט זײַן בענקשאַפט. ער איז אפילע געווען זיכער, אַז בענקען קאָן נאָר א קליינבירגער, און אַז דאָס איז א ריכטיקער סימען, אַז ער איז נאָך ניט גענוג פאַרהאַרטעוועט אין פראָלעטאַרישן גײַסט.

נאָך א לאַנגן צוויפלען האָט דאַוויד באַשטימט עפּענען פאַר מירען זײַן האַרץ, ער האָט פאַרפירט מיט איר א רייד וועגן כאַווערישקײַט.

— מיר זײַנען געווען און וועלן בלײַבן כאַווירים, — האָט אים מירע געענטפערט.

דאַוויד האָט געפרווווט ארופלייגן א האַנט אָף מירעס אקסל, זי ארומגענומען... נאָר דאָס מיידל האָט זיך אויסגעדרייט פון אים, זיך געמינעט אין פּאָנעם. דאַוויד האָט איר געגעבן אָנצו־הערן, אַז כאַווירים מעג זי האָבן א סאַך, נאָר ער וואָלט וועלן זײַן איר נאָענטסטער כאַווער...

— איך האָב שוין אזא כאַווער, — האָט מירע, אראָפּלאָזנדיק די אויגן, ווי זי וואָלט זיך געפילט שולדיק קעגן דאַווידן, א זאָג געטאָן.

— פאַרוואָס האָסטו מיר עס קיינמאָל ניט דערציילט? פאַרוואָס האָסטו עס אויסבאַ־האַלטן? — האָט דאַוויד מיט פאַרדראָס א זאָג געטאָן.

— ס'איז ניט אויסגעקומען... כ'האָב דיר, דוכט זיך, אמאָל דערציילט וועגן אים, — האָט מירע זיך פאַרענטפערט.

— ווער איז ער, דײַן כאַווער?.. א גוטער יאַט? א קאָמיוגיסט?

— מיר זײַנען אין איין צײַט ארײַנגעטראָטן אין קאָמיוג.

— איז ער, הייסט עס, א יונגער קאָמיוגיסט... א גרינינקער, ניט קיין פאַרהאַרטעווע־טער, — האָט דאַוויד מיט א פאַרטײַעט כויזעק־שמייכעלע א זאָג געטאָן, ווי ער וואָלט וועלן שטילן זײַן האַרץ. — און ווי האַלט עס מיט פּסיכאָלאָגיע בא אים?

— ער איז א קלוגער כעווורעמאַן, און די פּסיכאָלאָגיע איז בא אים א גוטע.

— וואָס הייסט, א גוטע?.. א פּראָלעטאַרישע?

— וואָס דען?.. א פּריצישע? ער איז א שוסטער. אינגיכן וועט ער קומען אהער. כ'האָף, אַז איר וועט זײַן גוטע כאַווירים.

דאַוויד האָט אין יענעם אָוונט זיך געזעגנט מיט מירען שוין גאָר ניט אזוי האַפּערדיק, ווי געוויינלעך. זײַן האַרץ איז געווען צעוויפּגעפּרעסט פון ווייטעק.

אינגיכן איז דאַוויד אוועק אין דער ארמיי. ווען ער האָט זיך דעמאָביליזירט, האָט מירע שוין כאַסענע געהאַט פאַר איר יוגנט־פרײַנט. אין א שטיקל צײַט ארום האָט אויך דאַוויד כאַסענע געהאַט מיט א מיידל פון שכיינישן קאָלווירט. אָבער מיט מירען האָט ער זיך, ווי פּריִער, גע־כאַווערט און פלעגט צוזאַמען מיט זײַן פרוי גיין צו איר פאַרברענגען אין די יאָמטעוו־טעג.

ווען מירעס מאַן איז אומגעקומען אָף דער מילכאָמע, איז דאַוויד דאשעווסקי, דעמלט שוין פאָרזיצער פון קאָלווירט, געוואָרן נאָך פרײַנטלעכער צו איר.

וועגן דעם אלץ האָט זי געטראַכט אצינד, גייענדיק אין „קאָנטאָר" זיך האַלטן אָן אייצע מיטן פאָרזיצער וועגן דעם בריוו פון איר טאָכטער.

— קום ארײַן! — האָט דאַוויד, דערזעענדיק מירען נאָך פון יענער זײַט שוועל, זי א רוף געטאָן. אָף זײַן ברייטן פאַרווינטיקטן פּאָנעם האָט א גוטמוטיקער שמייכל זיך פאַנאַנדער־געגאָסן אזש ביז די טונקעלע, שוין היפּש באַזילבערטע וואָנצעס.

אין פאַרוואַלטונג איז געהאַנגען אָף דער וואַנט א פאָטאָגראַפיע פון דער ערשטער פויערים־געזעלשאַפט („סאָז") פון יישעוו. אָף דער פאָטאָגראַפיע איז דאַוויד געווען אָנגעטאָן אין יענעם אָפּגעריבענעם לעדערנעם רעקל, אין וועלכן מירע האָט אים דאָס ערשטע מאָל באַגעגנט. אָף זײַנע ליפּן, האָט זיך געדוכט, וועלן באַלד נעמען ארומשפּרינגען, ווי דאַן, די זודיקע ווערטער וועגן דער אלוועלטלעכער רעוואָליוציע. דאַוויד פון דער פאָטאָגראַפיע האָט געקוקט אָף דאַווידן, וועלכער איז געזעסן באַם טיש, ווי ער וואָלט פרעגן:

— דערקענסט מיך? — דאָס בין איך דאָך דאַוויד דאשעווסקי...

מירע האָט אין געדאַנק פאַרגלײַכטביידע דאַווידס.

„זײַן האַרץ האָט איבערגעבראָזט, ווי יונגער ווײַן, אויסגעשטאַנען זיך, שטאַרקער גע־וואָרן. און דער קאָפּ האָט זיך אויסגעניכטערט, אויסגעקלאָרט...", האָט זי א טראַכט געטאָן.

— וואָס מאַכסטו, באָבעצע? — האָט דאַוויד אַ פרעג געטאָן, ווי ער וואָלט זיך אַנגע־שטויסן, וועגן וואָס מירע טראַכט איצט.

— וואָס מאַכסטו, זיידעשע? — האָט זי אים אָפּגעענטפערט אינעם זעלבן טאָן, און ביידע האָבן זיך הילכיק צעלאַכט.

— מיר זײַנען מיט דיר, הייסט עס, קאָמיוגישע זיידע־באָבע, — האָט דאַוויד, ווערנדיק צוריק ערנסט, אָנגעהויבן, — בעסער וואָלטן מיר נאָך טאַקע געווען קאָמיוגיסטן... ס'איז עפּעס געווען דאַן פריילעכער.

— פלעגסט זיך דאָך שטענדיק בארימען, אַז דו ביסט אַן אַלטער קאָמיוגיסט, — האָט מירע אַ שמייכל געטאָן.

— איצט בין איך שוין געוויס אַן אַלטער קאָמיוגיסט, — האָט דאַוויד זיך אָפּגערופן. זײַנע שטענדיק שמייכלענדיקע אויגן זײַנען פּלוצעם אומעטיק געוואָרן. פאַר זיי ביידן האָבן דורכגע־בליצט די פאַרגאַנגענע שווערע און לוסטיקע יאָרן. פון מויל האָט, ווי פון זיך אַליין, זיך אַרויס־געריסן:

— „מיר, די יונגע גוואַרדיע", הא, מירע?

— מיר זײַנען שוין די אַלטע גוואַרדיע, — האָט מירע אונטערגעכאַפּט. זי האָט געקוקט אויף דאַווידן און געטראַכט בייסמײַסע וועגן די קנייטשעלעך, וואָס די יאָרן האָבן, ווי פּראָסט־געמעלן אויף שויבן, איבערגעלאָזן אויף זייערע ביידנס פּנעמער, וועגן דעם זילבער אין זייערע האָר.

— נו, דערציילט, וואָס הערט זיך בא דיר נײַס? — האָט דאַוויד נאָך אַ קורצער פּאַוזע, אַרופלייגנדיק אַ פוס אויף אַ פוס, זיך אָנגעהויבן פאַנאַנדערפרעגן בא מירען, — וואָס שרײַבט עפּעס סימע? וואָס מאַכט זי?

— כ'האָב נעכטן באַקומען אַ בריוו פון איר... זי אַרבעט צוביסלעך, דאָס אייניקל זאָל נאָר געזונט זײַן...

מירע האָט געוואָלט אָנהייבן דעם שמועס, צוליב וועלכן זי איז געקומען. נאָר דאַוויד האָט איר, ווי מיטאַקיוון, איבערגעשלאָגן:

— ביסט שוין טאַקע אַן עמעסע באָבע... די טראַקטאָריסטן האָבן דיר אַמאָל געהאַט אַ נאָמען געגעבן „מאַמע", כאָטש די „זין" זײַנען אָפּט עלטער געווען פון דער „מאַמען", און איצט רופן זיי דיך שוין „באָבע"... די באָבע פון די טראַקטאָריסטן... עפּשער זײַנען זיי גערעכט... האָאַר וועדט דאָך שוין דרײַסיק יאָר, זינט דו אַרבעטסט אויפן טראַקטאָר... ווייסט, וואָס מיר האָבן באַ־שטימט אויף דער פאַרוואַלטונג? מיר וועלן צונויפנעמען אַלע דײַנע „זין און אייניקלעך", אַלע פרײַנט און כאַווײרים און מיר וועלן דיר פּראַווען אַ יובילײ.

— אַ יובילײ? — האָט זיך מירע צעלאַכט. — פאַר וועלכע מײַסים־טויווים? וואָס האָב איך אַזוינס אויפגעטאָן?.. מיליאָנען מענטשן אַקערן זייער גאַנץ לעבן די ערד, און קיינער מאַכט גאָר דערפון קיין וועזן ניט.

— ווען דו וואָלסט געווען אַקערן נאָר פאַר זיך, וואָלסטו עפּשער געווען גערעכט. דו האָסט דאָך ניט פאַר זיך געאַקערט... ס'אַ שפּילכל, וויפל ערד דו האָסט אויפגעהויבן מיט דײַן טראַקטאָר!.. אַ גאַנצע מעדינע האָט מען געקאָנט זאַט מאַכן מיטן ברויט, וואָס איז אויסגעוואַקסן אויף דער ערד, וואָס דו האָסט צעאַקערט... — דאַווידס פּאָנעם איז געוואָרן אויפגעלעבט, זײַנע אויגן האָבן געשײַנט, ווי אין דער יוגנט.

„וואָס האָט ער זיך אַזוי צעהיצט?.. ער האָט שוין לאַנג אַזוי ניט גערעדט, האָט מירע גע־טראַכט, עפּשער האָט סימעלע אים אויך אָנגעשריבן אַ בריוו, און ער ווייסט, נאָך וואָס איך בין געקומען צו אים?"

מירע האָט שוין צוגעגרייט דעם בריוו, געוואָלט אים ווײַזן. נאָר אײדער זי האָט נאָך דאָס מויל געעפנט, האָט ער זיך עטוואָס אָנגעבויגן צו איר, ווי ער וואָלט איר וועלן פאַרטרויען אַ סאָד.

— אַ סאַך מיידלעך טראַקטאָריסטקעס זײַנען געווען אין יענער צײַט, ווען דו האָסט אָנ־געהויבן אַרבעטן? און, מישטיינסגעזאָגט, וואָס האָבן מיר דאַן געהאַט?.. אויף די פינגער פון איין האַנט וואָלסטו געקאָנט איבערציילן די טראַקטאָרן פון דער גאַנצער געגנט... טו נאָר אַ טראַכט, וואָס פאַר אַ פּאָנעם דײַן „פּאַרדזאָן" וואָלט איצט געהאַט?.. אַלע מאַרקעס טראַקטאָרן זײַנען דאָך דורכגעגאַנגען דורך דײַנע הענט... נו, איז דאָ וואָס צו דערמאָנען... איז דאָ אויף וואָס זיך אַרומ־צוקוקן... וואָס אָפּצושאַצן... מעגן מיר, הייסט עס, אַ יאָמטעוו מאַכן!

מירע האָט קיינמאָל ניט געטראַכט וועגן דעם. אָבער דעם טאָג, ווען זי האָט זיך געזעצט אויפן טראַקטאָר, וועט זי טאַקע בעפּיירעש קיינמאָל ניט פאַרגעסן. „פאַרוואָס זשע ניט אָפּמערקן מיט די כאַווײרים די דרײַסיק יאָר?", האָט מירע אַ טראַכט געטאָן. נאָר טײקעף האָט זי זיך דער־

מאָנט אָן דער טאָכטער, וועלכע וואַרט אױף איר. איבערלייגנדיק סימעס בריוו פון איין האַנט אין דער צווייטער, האָט מירע ניט אופגעהערט נאָכצושפּירן נאָכן פּאַרזיצער, וואָס האָט, בלעטערנדיק אין אַ פּאַפּקע די פּאַפּירן, זיך אָפּגעווענדט אױף אַ ווײַלע פונעם שמועס. פּלוצעם האָט ער אַ הייב געגעבן דעם קאָפּ און, ווי ער וואָלט פילן, וועגן וואָס זי וויל מיט אים ריידן, געזאָגט:

— כ'וועל דיר באַלד ווײַזן דעם פּלאַן פון אונדזער האַרבסט־פּאַרזיי. דער שעטעך פון די ווינטער־קולטורן וועט זיך בײַ אונדז האַיאָר אױף אַ סאַך פאַרגרעסערן, טאָקע צוליב דײַן יאָמטעוו דאַרפן מיר אים באַאַרבעטן גיכער און בעסער, ווי אַלעמאָל.

אויב אַזוי לוינט אַפילו פון מויל ניט אַרויסברענגען קיין וואָרט וועגן אָוועקפאָרן, האָט מירע באַשטימט, סײַדן בעטן כאָטש אױף עטלעכע טעג אורלויב צוצופאָרן צו סימעלען, העלפן אײַנאָרדענען דאָס קינד, זי זאָל קאָנען רויִק אַרבעטן. אָבער די טעג וועט זיך דאָך דאָ אָנהייבן דער פּאַרזיי. עפּשער זאָל סימע גאָר קומען אַהער, נאָר זי קאָן דאָך אויך ניט וואַרפן די אַרבעט אין אַזאַ הייסער צײַט.

„וואָס טוט מען?" — האָט מירע אַ פאַרזאָרגטע געטראַכט...

מירע איז געקומען אַהיים און טײקעף זיך געזעצט שרײַבן סימען אַ בריוו. „טײַערע טאָכ־טער, האָט זי געשריבן, איך פאַרשטיי זייער גוט, ווי שווער דיר קומט אויס מיט אַ קליין קינד צו לעבן און צו אַרבעטן אינעם ווײַטן פאַרוואָרפענעם קאַנט. דאָס האַרץ פאַרגייט זיך מיר פון פאַרדראָס, וואָס איך קאָן דיר ניט קומען צוהילף. נאָר וואָס זאָל איך טאָן? ווי זאָל איך וואַרפן די אַרבעט? באַטראַכט זיך נאָר, קאָן איך דען בלײַבן נאָר אַ באָבע? געדענקסט, ווען דו ביסט געווען אַ קליינינקע, איז נאָך בײַ אונדז אין ייִשעוו אויך ניט געווען קיין קינדער־גאָרטן. פלעגט מען צונויפטראָגן די קינדער אין איין שטוב און ווער־ניט־איז פון די מוטערס פלעגט בלײַבן דאָרט דעזשורען, קעדיי די איבעריקע פרויען זאָלן קאָנען גיין אַרבעטן. אַזוי, מײַן טאָכטער, ביסטו געוואַקסן און ביסט מיט מאַזל אויסגעוואַקסן, האַלעווײַ אױף דײַן וואָוקען געזאָגט גע־וואָרן". מירע האָט ניט באַוויזן ענדיקן דעם בריוו, ווי מ'האָט איר געבראַכט אַ טעלעגראַמע: „וואָוקע איז ניט געזונט, קום צו פאָרן".

אַ צעטומלטע, האָט זי עטלעכע מאָל נאָכאַנאַנד איבערגעלייענט איינע און די זעלבע ווערטער.

„עפּשער האָט סימע באַשטימט אָפּנאַרן, כ'זאָל גיכער אַרויספאָרן", האָט מירע אַ טראַכט געטאָן, נאָר טײקעף אָפּגעטריבן דעם געדאַנק. סימעלע האָט קיינמאָל ניט אָפּגענאַרט, אַפילו קינדווײַז, און איצט איז זי דאָך אַ דערוואַקסענער מענטש און ווייסט, אַז איך וועל האָבן דערפון גרויס האַרצווייטעק. ניין, אַזאַ זאַך וועט סימע אַוואַדע ניט טאָן.

מירע האָט באַשטימט טײקעף אַרויספאָרן. זי האָט זיך אַפּגיך אָנגעטאָן און איז אַוועקגעלאָפן אין פאַרוואַלטונג.

— וואָס איז געשען? — האָט דאָוויד, אַ קוק געבנדיק אױף מירען, אומרויִק געפרעגט.

מירע האָט אַוועקגעלייגט די טעלעגראַמע אױפן טיש:

— דאָס איז פון סימען. אַז זי רופט מיך אַרויס מיט אַ טעלעגראַמע, איז שוין דאָס קינד מיסטאַמע רעכט קראַנק. ווער ווייסט, וואָס ס'טוט זיך דאָרטן...

— עפּשער וואָלסטו טעלעגראַפירט, זיך געניויער דערקונדיקט, וואָס איז מיטן קינד? דער וועג איז דאָך אַ ווײַטער... ס'קאָן זײַן, אַז דאָס איז גאָר ניט אַזוי... — האָט דאָוויד איר אָנגעהויבן אײַנריידן.

— וואָס רעדסטו מיך אײַן? איך בין דאָך ניט קיין קינד... כ'פאָר באַלד, — האָט מירע אַנטשיידן געמאָלדן.

— אַ פאַרדראָס און אַ ווייטעק, אַבי מיר האָבן גערעדט וועגן דײַן יובילײ, וועגן האַרבסט־פּאַרזיי, און נאַ דיר! — האָט דאָוויד מיט האַרץ אַ זאָג געטאָן.

— אָן אומגליק פרעגט ניט, ווען צו קומען, — האָט מירע ווי זיך פאַרענטפערט...

— כ'בין זיכער, אַז ס'איז גאָר ניט אַזוי געפערלעך, ווי ס'דוכט זיך דיר, — האָט דאָוויד געטרייסט. — פאָלג מיך, גיב אַ טעלעגראַמע, עפּשער איז אים שוין בעסער.

— ניין, ניין, כ'פאָר אָן שום טערעץ. אַז ס'וועט זײַן אַלץ בעשאָלעם, וועל איך טײקעף צוריקקומען, — האָט געזאָגט מירע און זיך געזעגנט מיט דאָווידן.

מירע האָט אַפּגיך צונויפגעפּאַקעוועט די זאַכן און אױף אַ לאַסטמאַשין, וועלכע איז פּונקט געגאַנגען צום פּאָלוסטאַנאָק, זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן. ס'איז שוין געווען אָנהייב האַרבסט. פון די הייסע טעג אין שניטצײַט און פון די אָפטע רעגנס, וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן גלײַך נאָך די היצן, איז די סטערניע געוואָרן טונקל־ברוין.

איבערן אַנבּרעגיקן סטעפּ האָבן דאָ און דאָרט זיך שוין אויסגעטיילט די פּריש־אופגע־אַקערטע פּאַסן שוואַרצערד. דרײַסיק יאָר נאָכאַנאַנד האָט מירע געאַקערט אָט די ערד. אין דער מאַשין־טראַקטאָרישער סטאַנציע האָט מען שוין געוווּסט, אַז דאָס איז איר באַצירק, און דעריבער האָט מען קיינעם, כּוץ איר, אַהער קיין נאַריאַדן ניט געגעבן. יעדעס באַלקעלע, יעדעס בערגעלע איז איר דאָ געוואָרן אייגן־נאָענט. דער סטעפּ איז געווען איר היים. דאָ, אין די שוואַרצערדיקע גרונטן, איז זי, ווי פון אַ נײַער זוים, פונסנײַ אויסגעוואַקסן, אָנגעגאָסן זיך מיט פרישע קויכעס.

פרילינג־צײַט, ווען אין די באַלקעס פלעגן זיך צעגיסן די העל־קרישטאָלענע ריטשקעס פונעם צעגאַנגענעם שניי און ווען קיין איין פויגל־סווישטש האָט זיך נאָך ניט דערטראָגן אַהער, פלעגט שוין אַף די בערגלדיקע ערטער, ווו עס האָט קוים־קוים צוגעטריקנט, זיך צערוישן מירעס טראַקטאָר, אָנזאָגנדיק פרישע זאַפטיקע שפּראָצן, כוואַליעס טוווּע, פאָדסאָלנוך און קו־קורוזע. און איצט האָט זי זיך געדאַרפט מיט אַלץ דאָ צעשיידן, און מעגלעך אַפילע, אַז אַף שטענדיק. איר איז פאַרגעשטאַנען פאַרבײַטן דעם ראַכוועטיקן סטעפּ אַף אַ שמאָל שטעגעלע, ווו זי וועט שפּאַצירן מיט איר אייניקל.

ווען זי קאָן, מירע, וואָלט זי מיטגענומען מיט זיך אָט די ערד, די סמאַליענדיקע זון, אַפילע די ווינטן און ווינטעלעך, די זאַווייען און שלאַקסרעגנס — זי וואָלט מיטגענומען זיי אַהין, אינעם פרעמדן קאַנט, צו איר טאָכטער, וווהין זי פאָרט איצט.

אַ טריבער, מיט אומעט פון צעשיידונג, האָט געקוקט אַף איר דער סטעפּ. אַ האַרבסטיק ווינטל האָט געשאָקלט די איבערגעבליבענע שטענגלעך פון קוקורוזע און פאָדסאָלנוך, די קוס־טעס קורײַ באַ די וועגן. די מאַשין האָט געיאָגט דורך באַלקעלעך, בערגלעך, פאַרבײַ ריוון, סטאַוואָקן, וועלכע האָבן אופגעוועקט אין מירעס זיקאָרן אָן אַ שיר דערמאָנונגען.

אויסגעמיטן די זאַמדהיילן, איז די מאַשין אַרופגעפאָרן אַף דער ערד פונעם שכײניש קאָל־ווירט. פאַר מירעס אויגן איז געלעגן דער זעלבער סטעפּ, די זעלבע טונקל־ברוינע סטערניע, די זעלבע פאַסן פרישע אופגעאַקערטע ערד, נאָר די אויגן אירע זײַנען נאָך אַלץ געווען צוגע־שמידט צו די לעצטע סימאָנים פון ־ער היים, וועלכע ווערט מיט יעדער רעגע אַלץ מער פאַר־שווונדן הינטער אַ מוטנע־גרויען נעפּל.

וואָס מער מירע האָט זיך דערווײַטערט פון די אייגענע פעלדער, אַלץ אומרויִקער איז זי געוואָרן. איצט האָט זי שוין געטראַכט נאָר וועגן דער טאָכטער און וועגן אייניקל. ס'האָט זי באַהערשט בלויז איין פאַרלאַנג: וואָס גיכער אַרײַנזעצן זיך אין צוג און דערקלײַבן זיך אַהין, וווהין זי פאָרט. וועגן דעם לאַנגן וועג, וואָס ס'איז איר פאַרגעשטאַנען דורכצומאַכן, וועגן דעם, וואָס דאָרט אַפן אָרט שטייט איר פאָר, האָט זי מער ניט געוואָלט טראַכטן. אַבי גיכער, גיכער... די מאַשין איז מיטאַמאָל שטיין געבליבן. מירע האָט אופגעציטערט און דערנאָך פּאַוואָליע אַראָפּגע־שטיגן, געזעגנט זיך מיטן שאָפער, מיט די מענטשן, וועלכע זײַנען געזעסן אין קוזאָוו, און זיך געלאָזט גיין צום קליינינקן מויער פון פאַלוסטאַנאָק.

קוים האָט מירע באַוויזן צו קויפן אַ בילעט, ווי אַ פאַרשמײַעטער, אַ פאַרסאָפּעטער איז געקומען צו לויפן דער צוג. מירע האָט פאַרנומען איר אָרט אין וואַגאָן. אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט דער לאָקאָמאָטיוו, אַרויסלאָזנדיק קנוילן רויך, אַ פײַף געטאָן, אַ שלעפּ געטאָן און דער צוג האָט זיך ווידער גערירט פון אָרט.

אין דרויסן האָט שוין געטונקלט, נאָר מירע האָט אַלץ געקוקט אין פענצטער פון וואַגאָן, אַף די אומענדלעכע שטרעקעס האָבן טראַקטאָרן געאַקערט דעם סטעפּ.

— ווי גרויס ער איז, דער סטעפּ... און וויפל ערד דאַרף מען עס איבעראַקערן? — האָט מירע געטראַכט. — וויפל טראַקטאָרן דאַרף מען האָבן אַף איבערצואַקערן אַזאַ מין סטעפּ, אָן אַן אָנהייב און אָן אַ סאָף, אַזוי נאָענט און אַזוי ווײַט, כאָטש נעם, שפּרינג אַרויס פון צוג, גיי צו צו די מענטשן, וואָס אַקערן, און פרעג באַ יעדערן פון זיי:

— ווי גייט באַ אײַך די אַרבעט, ברידער? אַף וואָס פאַר אַ טיף אַקערט איר?.. צי מאַכט איר ניט קיין אָגרעכעס?.. צי פאַרבאַראָנעוועט איר טייקעף דאָס אופגעאַקערטע, קעדײַ פאַרהיטן די פײַכטקײַט?

מירע איז געווען געוווּנט אַליין צו אַקערן, גרייטן די ערד, זי זאָל זיך אָנעמען מיט פײַכטקײַט, אויסוואָרעמען זיך אונטערן שניי, קעדײַ נאָכדעם ברענגען שעפע. און איצט קוקט מירע, ווי אַנדערע מענטשן אַקערן...

אַפן פינפטן מעסלעס איז דער צוג צוגעגאַנגען צום קליינינקן פאַלוסטאַנאָק, ווו מירע האָט געדאַרפט אַראָפּשטײַגן, אין דרויסן האָט קוים־קוים געשאַריִעט אַף טאָג. אַרום איז געווען פוסט. די עטלעכע פּאַסאַזשירן, וואָס זײַנען אַרויס פונעם צוג, זײַנען זיך צעגאַנגען איבערן האַלבדרימלענדיקן פאַלוסטאַנאָק. מירע האָט זיך אַוועקגעזעצט אַף אַ בענקל, אָפּגעזעסן ביז ס'האָט אָנגעהויבן רעכט טאָג ווערן. נאָכדעם איז זי אַרויסגעגאַנגען אין דרויסן, צום

עלעוואַטאָר, עפשער וועט זי דאָרט געפינען א מאַשין, וואָס פאָרט אין יִישעוו, ווו ס׳וווינט איר טאָכטער.

אין א מינוט צען ארום איז טאַקע פון ערגעץ אָנגעשפּרונגען א לאַסט־אווטאָ.

— איר זײַט פון קאָלווירט „מאַיאַק“? — האָט מירע א פרעג געטאָן.

— וואָסי, איר דאַרפט אהין? — האָט דער שאָפער, א קורצינק דאַרגופּיק באָכערל אָפגעענטפערט מיט א פראַגע. — צו וועמען זײַט איר געקומען?.. איך קען דאָרט קימאַט אַלעמען... צי עפשער פאָרט איר אהין אף צו באַזוכן זיך?

— דעם אַגראָנאָם סימע פעווזנער קענט איר?

— ווי זשע?.. ווער קען זי ניט... כ׳קען זי גוט... זייער גוט קען איך זי... א בעדאָווע, א ברען... איר זײַט עפשער איר מוטער?

— איר האָט געטראָפן, — האָט מירע זיך אָפגערופן.

— איר האָט ניט צו וויסן געגעבן, אז איר פאָרט, וואָס זי באַגעגנט אײַך ניט? — האָט דער שאָפער זיך פאַרינטערעסירט. — אַן אומגעריכטער גאַסט, הייסט עס...

— ניט אינגאַנצן קיין אומגעריכטער, — האָט מירע זיך אָפגערופן, — כ׳קלײַב זיך שוין לאַנג צו איר, נאָר כ׳האָב אַלץ ניט געקאָנט זיך אַרויסרײַסן... איר פאָרט באַלד אַהיים, צי איר וועט זיך דאָ נאָך פאַרהאַלטן?..

— כ׳פאָר באַלד... טאַקע שוין, איך קאָן אײַך מיטנעמען, זעצט זיך. כ׳וועל אײַך צופירן ביז אײַער טאָכטערס שטוב.

א שלאַנקע שוואַרצכיינעוודיקע פרוי אין א רויטן וואָלענעם קאָפּטל איז אַרויסגעלאָפן פון שטוב און צוגעדריקט מירען צו זיך.

— מאַמע! — האָט זי אויסגעשריִען. — פאַרוואָס האָסטו ניט צוּוויסן געגעבן, אז דו פאָרסט?.. כ׳וואָלט אַרויסגעפאָרן דיך באַגעגענען.

— סימעלע, טאָכטערקע, — האָט מירע זי גענומען קושן, — כ׳האָב ווי־ניט־איז אַליין דעם וועג געטראָפן. — זאָג מיר בעסער, וואָס מאַכט דאָס קינד?

— נישקאָשע, מאַמע, נישקאָשע, ס׳איז אים א סאַך בעסער.

סימע האָט א כאַפּ געטאָן דער מוטערס טשעמאָדאַן און אים אַרײַנגעטראָגן אין שטוב. ניט פאַרהאַלטנדיק זיך אין פאָדערהויז, זײַנען זיי אַרײַנגעגאַנגען גלײַך אין צימער, ווו ס׳איז געלעגן אין זײַן בעטעלע וואָווקע. מירע איז צוגעגאַנגען און אים א שלאָפנדיקן א קוש געטאָן. דאָס קינד האָט זיך איבערגעקערט אף דער צווייטער זײַט. מירע האָט געוואָלט עפּעס זאָגן דער טאָכטער, נאָר וואָווקע האָט אופגעעפנט די אויגן.

— ביסט, נעבעך, א טעל געוואָרן, פייגעלע מײַנס, — האָט מירע זיך נאָכאַמאָל אײַנגעבויגן איבערן בעטל.

דאָס קינד האָט געקוקט מיט נײַגעריקע אויגן אף מירען.

— וואָס קוקסטו אזוי, זונעלע? ס׳איז דאָך דײַן באָבע. — האָט סימע א שמייכל געטאָן. — דײַן באָבע די טראַקטאָריסטקע. ער באַרימט זיך פאַר אַלעמען, אז די באָבע זײַנע איז א טראַקטאָריסטקע. און ער, אז ער וועט אויסוואַקסן, וועט אויך זײַן א טראַקטאָריסט.

— גוט, גוט. כ׳וועל דיך אויסלערנען זײַן א טראַקטאָריסט, — האָט מירע, צוזעצנדיק זיך לעבן בעטל, א זאָג געטאָן. — וואַקס נאָר אויס געזונטערהייט, וועסטו ווערן א טראַקטאָריסט.

וואָווקע האָט באַלד פון די ערשטע טעג זיך שטאַרק צוגעבונדן צו דער באָבען, וועלכע איז שאָענווײַז אָפגעזעסן בא זײַן בעטל, פאַרבראַכט מיט אים, געלייענט ביכלעך, דערציילט מײַסעס. פון טאָג צו טאָג איז אים געוואָרן בעסער. ער האָט אָנגעהויבן אַרומגיין איבערן צימער, און גאָר אײַגיכן האָט דער דאָקטער דערלויבט אַרויספירן אים אין דרויסן שפּאַצירן. וואָווקע איז פּוסטריט נאָכגעגאַנגען דער באָבען.

די שפּעטהאַרבסטיקע זון האָט געשײַנט, ווי אינמיטן זומער, נאָר די לופט איז געווען א קילע, א מונטערע, ווי א צעבויטעטע. פון סטעפּ האָט געצויגן א ווינטל, וואָס האָט געשאָקלט די איבערגעצײַטיקטע פאַרגעלטע גראָזן, די קוסטעס קורײַ. אָט דאָס בײַסיקע ווינטל און די געלקײַט פון די גראָזן האָבן דערמאָנט, אז ס׳איז שוין רעכט האַרבסט און מ׳דאַרף אונטערײַלן זיך מיטן אַקערן.

מירען האָט זיך שטאַרק געוואָלט פאַרכאַפּן אין דער היים כאָטש א שטיקל אַקער־צײַט. וויבאַלד וואָווקע איז געזונט געוואָרן, טאָר זי זיך קיין איין איבעריקן טאָג דאָ ניט פאַרהאַלטן. סימע דאַרף א טראַכט טאָן, ווי אײַנצואָרדענען דאָס קינד, מירע זאָל קאָנען אַוועקפאָרן.

זי האָט געוויזן דער טאָכטער א בריוו, וואָס זי האָט באַקומען פון דאָוויד דאַשעווסקין.

— זעסט, סימעלע, מע דארף זיך גרייטן אין וועג אריַין.

— און עפשער וועסטו פאַרט בלײַבן דאָ? — האָט ניט דרייסט געפרעגט סימע. — דאָס קינד האָט זיך אזוי צוגעבונדן צו דיר, ס׳וועט, נעבעך, בענקען.

— און מיר, מיינסטו, גייט ניט אויס דאָס כ׳עס נאָך וואווקען? — האָט מירע אײַנגעטײַנעט מיט דער טאַכטער. — און מיט דיר, קינד מײַנס, איז מיר גרינג צו שיידן זיך? נאָר וואָס קאָן מען טאָן?.. כ׳מוז פאָרן, פארשטייסט אליין, אז כ׳קאָן דאָ ניט בלײַבן.

סימע האָט עס זייער גוט פארשטאַנען און מער ניט דערוווידערט קעגן דער מוטערס אָפּפאָרן אהיים.

ווען מירע איז שוין געווען גרייט אין וועג אריַין און האָט אין איינעם א פארנאַכט זיך געשפּילט מיט וואָווקען, האָט דאָס קינד פּלוצעם געגומען בעטן, מ׳זאָל אים אוועקלייגן שלאָפן. זײַן פּענעמל איז געוואָרן כמורנע, די אייגלעך אָנגעגאָסן.

— דאָס קינד איז עפּעס ווידער ניט מיט אלעמען, — האָט מירע, צולייגנדיק די ליפּן צו וואָווקעס קעפּל, זיך אָנגערופן צו דער טאָכטער, וואָס איז ערשט געקומען פון פעלד, — גיב נאָר א קוק, ער ברענט, ווי א פײַער.

א צעטראָגענע, האָט סימע גענומען דאָס קינד אַף די הענט און געדריקט עס צום הארצן:

— וואָס איז מיט דיר, מײַן קליינינקער? וואָס טוט דיר וויי?

דאָס קינד האָט שוואַך געאָטעמט. אַף א רעגע אופגעעפנט די אייגלעך און טייקעף צוריק זיי פארמאכט. זיין פּאָנעם איז געווען צונטער־רויט.

— וואָס טוט מען?.. וואָס איז דאָס פאר אן אָנשיקעניש אַף אונדזער קאָפּ? — איז מירע ארומגעגאַנגען איבערן צימער מיט פארבראָכענע הענט. — מע דארף אלץ ווארפן און פאָרן נאָך א דאָקטער.

סימע איז אוועקגעלאָפן אַפן קאָלווירטישן הויף נאָך א מאשין.

„אָט אן אומגליק, ווי רירט מען זיך פון אָרט, אז דאָס קינד איז אזוי קראַנק?“, האָט מירע געטראַכט א פארביטערטע.

דרײַ מעסלעס נאָכאנאנד האָט וואָווקע געפיבערט. אַפן פערטן טאָג איז די היץ געפאַלן, און דאָס קינד האָט אָנגעהויבן קומען צו־זיך.

ווי מירע איז ניט געווען מיד פון די שלאָפלאָזע נעכט בא וואָווקעס בעטל, האָט זי דאָך ניט אופגעהערט צו טראַכטן פון דער היים. פאר אירע אויגן איז אופגעשטאַנען דאָס דורכ־געמאַכטע לעבן מיט אלע זײַנע פארבן, פאַסירונגען, אויסקומעניש, מיט אלע ליידן און פריידן.

אָט ליגט פאר איר, דוכט זיך, דער זעלבער סטעפּ. ארום הודען די זעלבע טראַקטאָרן. די זעלבע מענטשן, דוכט זיך, ווי בא איר דאָרט אין דער היים. נאָר דאָרט, וווּהין עס ציט איר הארץ, איז פאָרט דורכגעגאַנגען קימאַט איר גאַנץ לעבן. דרײַסיק יאָר האָט זי אָפּגעארבעט אַף יענע סטעפּעס, באגאָסן די ערד מיטן אייגענעם שווייס, אָפּגעגעבן איר אלע קויכעס, איר גאַנץ הארץ, איר גאַנצע ליבע, ווי א מאַמע גיט אָפּ דאָס בעסטע, וואָס זי פארמאָגט, איר קינד. ווי זשע זאָל זי ניט זיצן איצט בא איין טיש מיט די, וועלכע האָבן צוזאַמען מיט איר אופגעוועקט דעם דווירעסדיק דרימלענדיקן סטעפּ צום לעבן, צו בליִונג, צו שעפע? ווי זאָל זי צוזאַמען מיט זיי ניט דערמאָנען די פארגאַנגענע יאָרן, ווי זאָל זי ניט אויסטרינקען מיט זיי קיין בעכער ווײַן פונעם ווײַנגאָרטן, וואָס זי האָט צוזאַמען מיט זיי געפלאַנצט?

אין דער היים וועט מען זי געוויס פרעגן, ווי לעבן דאָ די מענטשן, ווי ארבעטן זיי, און זי קאָן אפילע אַף קיין האלבער שאָ זיך ניט ארויסרײַסן אין פעלד, א קוק טאָן ווי מ׳אַקערט, ווי מ׳הייבט אוף די נײַערד.

פארבײַ דעם פאַליסאַדניק לעבן דער טאָכטערס שטוב גייען און פאָרן דורך קעסיידער פארשיידענע מענטשן.

פון וועלכע קאַנטן זײַנען זיי, די דאָזיקע מענטשן?

מירען דוכט זיך אויס, אז זיי זײַנען אירע לאַנגיאָריקע באַקאַנטע. זייערע מאַכשאָוועס און דײַגעס זײַנען געוויס ענלעך אַף אירע מאַכשאָוועס און דײַגעס פון יענער צײַט, ווען זי האָט איבערגעוואַנדערט אינעם ווײַטן סטעפּ־יִשעוו. נאָר אַף די לאַנדסלײַט פון איר יִשעוו איז נאָך לאַנג געווען צו מערקן די סימאָנים פון זייער אלטער היים, אָפּט האָבן זיי איינער דעם אנדערן גערופן לויט די נעמען פון די ערטער, פון וועלכע מע האָט אויסגעוואַנדערט, — כאַשטשעוואַטער, הײַסינער, לוהינער. און דאָ זײַנען די מענטשן, ווי אָרטגעבירטיקע.

וואָווקע איז שוין געווען קימאַט אינגאַנצן געזונט, נאָר סימע האָט נאָך מוירע געהאַט אים ארויסצולאָזן אין דרויסן. האָט מירע אין איינעם א טאָג געבעטן א שכיינע, אן עלטערע פרוי, אכטונג געבן א פּאָר שאָ אַפן קינד, און אליין האָט זי זיך געלאָזט אין פעלד א קוק טאָן, ווי עס גייט דאָס אַקערן אַף די נײַע סטעפּישע מאַסיוון.

די פעלדער האָבן זיך אָנגעהויבן גלײַך הינטער דעם ערשט ניט לאַנג אויסגעבויטן יישוב.

אַף דער טונקעלער אופגערודערטער ערד האָבן ווידער אָנגעהויבן זיך דורכשלאָגן גרינע פירייען, בורקונען, אויסגעמישט מיט גרוי־טערפקן פאַלין. צעשראָקענע פייגל האָבן סטײַעסווײַז, מיט געשריי, זיך געטראָגן אינדערלופטן, אראָפּגעלאָזט זיך אַף די שווארצע פאַסן פריש־אופגעאַקערטער ערד און, גריבלענדיק זיך א ווײַלע מיט די שנאָבלען אינעם באָדן, ווידער זיך אופגעהויבן אין דער הייך.

ערגעץ פון דער ווײַט האָט זיך דערטראָגן אהער א פארטויבט געריוש פון טראַקטאָרן. מירע האָט אָנגעשפיצט די אויערן, צוהערנדיק זיך צו דער ריטמישער טראַקקערײַ פון זייערע מאָטאָרן. איר הארץ האָט אָנגעהויבן קלאַפּן מיט זיי אין טאַקט. פונעם געריוש פון די טראַקטאָרן איז איר עפּעס פריילעכער געוואָרן. איר האָט זיך אויסגעדוכט, אז זיי רופן זי צו זיך.

ווײַט, ווײַט ערגעץ האָט עמעצער פארצויגן א ליד, א באַקאַנטע, א הארציק־נאָענטע, און אַף מירען האָט א ווייע געטאָן מיט ליבער היים. אוועלכער ווינט האָט פארטראָגן אהער, אינעם דוירעסדיק־ווילדן סטעפּ, די ליד פון איר יוגנט?

די ליד האָט, ווי אַף פליגלען, אוועקגעטראָגן מירען צו יענעם קליינינקן „פאַרדזאָן”, אַף וועלכן זי האָט זיך דאָס ערשטע מאָל געזעצט אקערן. זי האָט אויך דאַן געזונגען פונקט אזוי באַגײַסטערט, ווי דער פרעמדער טראַקטאָריסט זינגט איצט.

ווי קענטלעך איז איר דאָס קאָל, וואָס זינגט. צי איז דאָס ניט איינער פון אירע אייניקלעך — טראַקטאָריסטן, וואָס א קאָמיוגישע „פּוטיאָווקע” האָט אים געבראַכט אהער, אַף די געוווּזענע פאַרוואָרפענע סטעפּעס?

ווי גוט וואָלט געווען, ווען זי זיצט איצט דאָ באַם רודער און פון אונטער די לעמעכן פון איר טראַקטאָר וואָלטן זיך פאַנאַנדערגעכוואַליעט די שווערע שווארצערדיקע הליבעס.

ס'וואָלט טאַקע עפּשער געווען א גלײַכע זאַך, זי זאָל אריבערפאָרן אהער, ווױנען מיט דער טאָכטער, ארבעטן דאָ? — איז באַ מירען דורכגעלאָפן א געדאַנק.

זי האָט זיך אײַנגעבויגן, א קוק געגעבן, ווי טיף דער לעמעך דערגרייכט אין גרונט. נאָכדעם האָט זי אָנגענומען א הויפן ערד, צעריבן אים מיט די פינגער אַף דער דלאָניע, ווי מע פּרוּווט פריש צעמאָלן מעל פון אונטערן מילשטיין.

— פּרימאַ, — האָט מירע צו זיך אליין א זאָג געטאָן, אראָפּשיטנדיק דאָס ביסל ערד פון דער דלאָניע. זי האָט זיך געוואָלט לאָזן גיין ווײַטער איבערן מאַסיוו, נאָר פּלוצעם האָט זי דערזען לויפן א בלאָנדהאָריק באָכערל מיט א שטארק אויסגעשמירט קלײַנדיק פּאָנעם. לויטן קאָמבינעזאָן האָט זי דערקענט אין אים א טראַקטאָריסט.

— איר האָט ניט באַגעגנט ערגעץ די „לעטוטשקע”? — האָט דאָס באָכערל, ארײַנקוקנדיק מירען אין פּאָנעם, ווי זי וואָלט אים זײַן א קענטלעכע, א פרעג געגעבן.

— וועלכע „לעטוטשקע”?

— נו, די גיכע טעכנישע הילף.

— וואָס איז באַ אײַך געשען? — האָט מירע מיט דער זעלבער נײַגעריקײַט, ווי דאָס באָכערל, ארײַנגעקוקט אויך אים אין פּאָנעם.

— דער טראַקטאָר שטייט באַ מיר שוין א גוטע שעה און וויל זיך פון אָרט ניט רירן, — האָט דאָס באָכערל א ווײַז געטאָן צו דער באַלקע און אליין זיך האַסטיק געלאָזט לויפן ווײַטער.

מירע האָט זיך אראָפּגעלאָזן אין דער באַלקע, וווּ דער טראַקטאָר איז געשטאַנען, אײַליק באַטראַכט אים פון אַלע זײַטן, זי האָט אײַנגעשלאָסן דעם מאָטאָר. לויט דער טראַסקערײַ האָט זי פארשטאַנען, אז אָדער די פּאַרסונקעס דערלאַנגען ניט רעגלמעסיק די דערנערונג אין מעכאַניזם, אָדער דער מאָטאָר איז איבערגעוואָרעמט.

א הייסער יונג, קענטיק, האָט מירע א שמייכל געטאָן. דער טראַקטאָר האָט ניט געשלעפּט, האָט ער אָנשטאָט דערגיסן וואַסער געבראַנט דעם מאָטאָר. זי האָט ארײַנגעקוקט אינעם ראַדיאַטאָר: דאָס וואַסער האָט דאָרט ווירקלעך אינגאַנצן אויסגעקאָכט און די פּערטע ליכט דערצו איז נאָך אויך קאַליע געוואָרן. מירע האָט אָנגעגאָסן וואַסער אין ראַדיאַטאָר, באַזײַטיקט די דעפעקטן אין מעכאַניזם, און דער טראַקטאָר האָט מיט אַלע קויכעס א ציי געגעבן. אײַנשנײַדנדיק די לעמעכן אין גרונט, האָט ער מיט אימפּעט זיך א לאָז געטאָן איבערן סטעפּ.

מירע האָט אײַנגעאָטעמט אין זיך דעם עטוואָס טערפּקן רייעך פון פרישער ערד. דער דאָזיקער רייעך האָט זי אזוי פארשיקערט, אז זי האָט פארגעסן אין אַלע אירע דײַגעס.

פאַרכאַפּט מיט דער אַרבעט, האָט זי, ווי אַ צוגעוואַקסענע צום רודער פֿונעם טראַקטאָר, אַרומגעקרײַזט איבערן מאַסיוו, ביז זי האָט דערהערט אַ פֿאַרוווּנדערטן אויסרוף:

— וויאַזוי איז בײַ אײַך אַוועק דער טראַקטאָר? און איך האָב געמיינט, אַז עמעצער האָט אים שוין צוגעגאַנוועט...

מירע האָט אַ קער געטאָן דעם קאָפּ און דערזען דעם יונגיטשקן טראַקטאָריסט. ער איז געשטאַנען אַ שמייכלענדיקער, אַ צופֿרידענער. די מאַשין פֿון גיכער טעכנישער הילף, אויף וועלכער ער איז צוגעפֿאָרן, איז שוין דאָ געווען אַן איבעריקע.

אַן אויפֿגערודערטע איז מירע געגאַנגען מיט גיכע טריט צוריק אין ייִשעוו. ס'איז איר געווען גוט פֿון דעם, וואָס זי האָט צוגעלייגט אַ האַנט צום האַרבסטיקן סטעפּ. איצט וואָלט איר געווען צום האַרצן, ווען זי טרעפֿט סימען אין דער היים. זיי וואָלטן אַ ביסל פֿאַרבראַכט צוזאַמען, פֿאַרייניקט עפּעס פֿאַרבעטן עמעצן פֿון די היגע מענטשן. הײַנט, האָט זי זיך דערמאָנט, וואָלט מען דאָך דאָרט, אין דער היים, געמאַכט צוליב איר אַ יאָמטעוו. נאָר סימע אייסעקט זיך שוין דעם דריטן טאָג אַרום דעם מאַסיוו נײַערד, וועלכן דעם קאָלווירט איז פֿאָרגעשטאַנען ביז ווינטער אויפֿהייבן. ווער ווייסט, ווען זי וועט קומען?

סימע האָט דאַפֿקע געדענקט וועגן דער מאַמעס יאָמטעוו און געוואָלט וואָס פֿריִער אומקערן זיך אַהיים. נאָר פֿון פֿעלד איז זי אויף אַ ווײַלע אַרײַנגעלאָפֿן אין פֿאַרוואַלטונג און דאָ האָט זי, ווי אַפּצולאָכעס, פֿאַרהאַלטן דער פֿאָרזיצער איוואַן פּעטראָוויטש פּעדיוקין — אַ ניט לאַנג צוריק דעמאָביליזירטער „סווערכוראָטשנער" סטאַרשינאַ, אַ יונג מיט רויטע בעקלעך, ווי בײַ אַ מיידל, און מיט קליינע, צוגעפּוצטע וואָנצעלעך. דערזעענדיק סימען, האָט ער אַ דונער געטאָן:

— ראַפּאָרטיר, וואָס הערט זיך אויפֿן מאַסיוו?

אויסצייִענדיק זיך, ווי ער וואָלט אינדערעמעסן אָפּגענומען אַ ראַפּאָרט, האָט ער זיך אויפֿמערקזאַם צוגעהערט צו סימעס רייד. אין דעם מאָמענט איז אָנגעקומען מיט אַ פֿולגעפּאַקטן טאַש דער בריוונטרעגער.

— ווער איז דאָ בײַ אונדז קאַנער? — האָט ער געפֿרעגט. — גיט נאָר אַ קוק, וויפֿל טעלעגראַמעס זײַנען אָנגעקומען אויף איר נאָמען.

— מײַן פֿאַמיליע איז אַמאָל געווען קאַנער — האָט סימע זיך אַ כאַפּ געטאָן.

— אַ גאַנצן טאָג קומען הײַנט אָן טעלעגראַמעס פֿאַר מירע קאַנער, אונדזער פּאָטשט האָט נאָך אַזויפֿיל טעלעגראַמעס קיינמאָל ניט באַקומען, — האָט דער בריוונטרעגער זיך ניט אויפֿגעהערט צו וווּנדערן.

— אָט איז דאָך אין צײַטונג אויך דאָ וועגן מירע קאַנער, — האָט דער פֿאָרזיצער זיך אָפּגערופֿן, — און אַ פּאָטאָ, זעט, אָט איז זי... דאָ שרײַבט זיך...

— וווּ שרײַבט זיך? — האָט סימע אַ כאַפּ געטאָן די צײַטונג. — ס'איז דאָך מײַן מאַמע... וועגן מײַן מאַמען שרײַבט מען דאָ... אין דער היים רופֿט מען זי „די באָבע פֿון די טראַקטאָריסטן". דרײַסיק יאָר אָפּגעאַרבעט אויפֿן טראַקטאָר. הײַנט איז דאָרטן אַ יאָמטעוו פֿון־אירטוועגן, און זי איז דאָ געבליבן שטעקן איבערן אייניקל.

— דרײַסיק יאָר אויפֿן טראַקטאָר? וואָס זשע שווײַגסטו? — האָט אויסגערופֿן דער פֿאָרזיצער. — איז דאָך בײַ־אונדז הײַנט אויך יאָמטעוו. אָט וועלן מיר איינס־צוויי צונויפֿרופֿן דעם אוילעם, איבערלייענען די צײַטונג און זאָל טאַקע די באָבע אַליין דערציילן פֿון איר לעבן. וואָס זײַנען מיר — שלעכטע אייניקלעך? זי וועט דאָ בײַ אונדז האָבן ניט קיין ערגערן יאָמטעוו, ווי בײַ זיך אין דער היים.

זיאַמע טעלעסין

# צו כוזאַנגײַען

מײַן מילכאָמע־כאַווער — דעם פּאָלקסדיכטער פֿון טשוּוואַשיע פּעדער כוזאַנגײַ

קיין טשעבאָקסאַרי כ'דאַרף צו כוזאַנגײַען,
מיט אים זיך דורכריידן איז פּאָשעט א מעכײַע.

כ'וועל אים זאָגן: גוטערברודער פּעדער,
לייג אוועק א רעגעלע דײַן פּעדער.

ניט פאַרגעסן האָסטו, כ'וועל אים פרעגן,
יענע גרויזאַמע מילכאָמע־וועגן?

יענע אויסגעברענטע ערד פון פוילן,
ווּ צונויפגעפירט האָט אונדז דער גוירל?

דו געדענקסט, כ'וועל פּרוּוון אים דערמאָנען,
די פאַרקוילטע פּערעמישלער קליאָנען,

די געטייטע שטעטלעך אפן ווײַסל,
ווי זיי פלעגן אונדז דאָס האַרץ צערײַסן!

די צערויבטע דערפער און די כוטערס,
ווי ס'וואָלט דאָרט געהוליעט דער ניטגוטער!

אייביק וועלן בלײַבן אין זיקאָרן
די פאַרברענטע טאַנקען אין דעם קאָרן,

דער „פּלאַצדארם פון טויט" דער סאַנדאָמירער,
די איין־און־אַכציקסטע דיוויזיע פון מאַרטירער,

ווּ מיט בלוט עס האָבן זיך באַוואָשן
רוסן, ייִדן, טאָטערן, טשוּוואַשן.

אונדזער אוקראַיִנער פראָנט דער דריטער
איז בא סאַנדאָמיר געוואָרן שיטער,

אָף א האָר דאָס לעבן איז געהאַנגען,
נאָר פאָרויס דער קאָרפּוס איז געגאַנגען.

מיטן קאָרפּוס — איך און דו — צוויי דיכטער,
ס'איז פאָרויס געגאַנגען די געשיכטע.

וועגן דעם דערציילן מײַנע לידער,
כ'לייג זיי אפן שרײַבטיש אים אנידער.

ס'דוכט, איך הער, ער זאָגט: „ס'איז מיר געפעלן",
בעט מיך איבערכאַזערן די שטעלן,

וואָס דערמאָנען אונדז די אַלטע ווּנדן,
וואָס אָף אייביק האָבן אונדז פאַרבונדן...

— — — — — — — — — — — — — — —

כוזאַנגײַ הייבט אוף די קאַרע אויגן,
נעענטער צו מיר זיך אָנגעבויגן:

— גיב מיר אָט די לידער, כאַווער ליבער,
אָף טשוּוואַשיש זעץ איך גלײַך זיי איבער.

# דעם בלעכערנעם האַמער-מײַן הימן

דעם הילצערנעם בלעכערשן האַמער
ניט אופהערן וועל איך צו רימען,
דעם הילצערנעם בלעכערשן האַמער —
מײַן לויב און מײַן הימן.

פון מעכטיקן דעמב איז זײַן קערפּער,
דער דעמב האָט דעם האַמער געבאָרן,
דאָרט אונטער דער קאָרע דער טערפּקער
געטראָגן אים הונדערטער יאָרן.

ס'האָט פּינקטלעך דערציילט פון זײַן עלטער
דער פּניאָק מיט די קאַרבן די רונדע,
אָף וועלכן דער מאָך דער פאַרגעלטער
האָט שטעכיקע קניפּלעך פאַרבונדן.

געקריצט האָט די זעג בא די זעגער,
און פּלוצעם אין וואַלד אַזא גוואַלד ווערט, —
דאָס האָבן די העקער, די זעגער
דעם גיבער אנידערגעוואַלגערט.

דאָס האָבן די זעגער, די העקער
דעם גיבער אין שאָטן דערטרונקען.
געשפּריצט האָבן העק בא די העקער
מיט ביימערשן זאַפט און מיט פונקען.

צוביסלעך, אַלץ ווײַטער און ווײַטער,
און ביז אַף דער וועלט דער גראַמער
אַרויס איז פון דעמב א באַפרײַטער
דער בלעכערשער הילצערנער האַמער.

ערשט נאָכדעם דער זומער דער קלאָרער
געטריקנט, געהאַרטעוועט האָט אים.
און ס'האָט אַרום אים זיך געפּאָרעט
דער הובל, דער עגבער, די דלאָטע.

אז קרישלען ער זאָל זיך ניט קיינמאָל,
מע זאָל אים ניט אָנטאָן קיין שאָדן,
איז האָט מען אין זודיקן בוימל
דערנאָך אים ניט איין מאָל געבאָדן.

ווען ער איז געקומען צום לעבן,
איז האָב איך, ווי צו א באַקאַנטן,
מײַן פרײַנטלעכע האַנט אים געגעבן
און ער האָט דערלאַנגט מיר זײַן הענטל.

דעם הילצערנעם בלעכערשן האַמער
ניט אופהערן וועל איך צו רימען.
כ'וועל קיינמאָל ניט זאָגן מיסטאַמע,
אז ער איז געוועזן א דימענט.

ניט איין מאָל ער האָט מיר די פינגער
צעבלוטיקט, צעבראָכן די נעגל.
ניט איין מאָל ווי ער פלעגט מיך צווינגען
כ'זאָל דעקן אין שניי און אין רעגן.

ניט איין מאָל איך האָב האַלדז־און־נאַקן
געבראָכן פון קראָקווע פון קרומער.
ניט איין מאָל א זעץ א געשמאַקן
האָב איך פונעם לייטער באַקומען.

ניט איין מאָל, באַלאָדן מיט בלעכן,
פון דאַך־פּענצטער פלעג איך זיך רוקן,
הײַנט פרעגט ניט, ווי מיר פלעגן ברעכן
די הענט און די פיס און דער רוקן.

נאָר ס'איז פונעם דעמבענעם גיבער
זײַן האַרבקײַט, זײַן האַרטקײַט, זײַן גוורע
צו מיר, צו דעם מענטשן, אַריבער, —
געהאַרטעוועט אויכעט מײַן שורע.

עס איז דאָך אזא פאַרגעניגן
און ס'טוט יעדן איינציקן פרייען,
ווען ס'שטייען די קינדערשע וויגן
באַשיצטע פון רעגנס און שנייען.

א וואָרע דעם האַמער, א וואָרע!
די בלעכער א דרײַפאַכע בענטשונג,
וואָס האַמערן אונטער די כמאַרעס
א דאַך איבער קעפּ פאַר די מענטשן!

דעם הילצערנעם בלעכערשן האַמער
ניט אופהערן וועל איך צו רימען,
דעם הילצערנעם בלעכערשן האַמער
מײַן לויב און מײַן הימן.

## דער האַנטטעך

מיט האַנאַע אָנגעהאַרטעוועט זיך האָסטו,
דו טראָגסט די שווערע הענט אין דײַנע קעשענעס.
עס וואַרט אַף דיר אין שטוב דער קראַן דער מעשענער,
דער אָנגעהויבענער שטיק זייף דער פּראָסטער..

דו האָסט פון זיך דאָס העמד אַראָפּגעצויגן
און אונטער שטראָם פאַרקראָכן א האַלב־נאַקעטער.
דאָס וואַסער לעשט דײַן לײַב דאָס הייס־צעפלאַקערטע
און פון האַנאַע זשמורעסטו די אויגן.

דאָס דאַזיקע געפיל עס איז באַקאַנט אײַך?
אזא מין גליק וואָלט זיך געוווּנטשן איטלעכער,
ווען ס'קוקט אײַך נאָך דאָס ווײַב אזא געמיטלעכע
און האַלט אַן אָנגעגרייטן פרישן האַנטעך.

## ניטאָ וואָס מעקאַנע צו זײַן
## דעם פויגל

ניטאָ וואָס צו מעקאַנע זײַן דעם פויגל,
ער האָט איין ליד נאָר אפן גאנצן לעבן...

אָט איז ער פון דער נעסט ארויסגעפלויגן,
אָט נעמט ער אינעם הויכן הימל שוועבן.

אָט פראַלט ער אויף א בלעטל, ווי א לאָדן,
די זון האָט אין זײַן נעסט גענומען שײַנען...

אָט נעמט ער אין די טויעלעך זיך באָדן,
ווי דורכזיכטיקע ארבעסלעך זיי זײַנען.

אָט נעמט ער עפּעס זוכן צו פארבײַסן,
אָט ראנגלט זיך מיט אים א ווינט א הארבער.

אָט האָט ער אין בעריאָזע־וואלד דעם ווײַסן
זיך קוים ארויסגעריסן פון א שפּארבער.

און נאָך פּאסירן טויזנטער געשיכטעס,
וואָס יעדערע פון זיי איז טויזנט לידער,

נאָר דאָס איז דעמלט, ווען דו ביסט א דיכטער,
און ער, דער פויגל, זינגט דאָס זעלבע ווידער.

עס איז זײַן ליד פונדאנען און ביז דאנען...
נײַן, דעם פויגל בין איך ניט מעקאַנע.

## א בעריאָזע מיט א יאָדלע

אז עס זאָלן זײַן צוזאמען
א בעריאָזע מיט א יאָדלע
צוגעטוליעט מיט די שטאמען —
ס׳קומט ארויס א ביסל מאָדנע.

ווער אין וועמען איז פארקאָכט דאָ?
ס׳איז אן ענטפער שווער באקומען.
מיט די צווײַגן דורכגעפלאָכטן
שטייען זיי ארומגענומען.

ווער האָט וועמען דאָ פארגעטערט?
ביידע קאָנען זיך ניט שיידן.
מיט די נאָדלען, מיט די בלעטער
אויסגעמישט זיך האָבן ביידע,

אז דער פויגל, וואָס אין פרילינג
פלעכט זײַן נעסט אין אָט די צווײַגן,
מיינט, אז ס׳האָט א בוים א צווילינג
פון איין שטאם גענומען שטײַגן.

און דאָס טײַכעלע דאָס קלאָרע,
וואָס עס טוט פארבײַ דאָ שטראָמען,
מורמלט, אז בא אָט דעם פּאָרל
איז איין גוף און איין נעשאָמע.

בלויז דער מוילוואָרף ווייסט: די וואָרצלען
האלטן אין דער ערד מילכאָמע.

## ווער וואָס עס ברענגט

מײַן שאָכן האָט געבראכט פון אירטיש
א קויש מיט גוויאָנדזלטע פיש.

פון דעם זוניקן שיינעם טאשקענט —
טעפּעכער אף אלע פיר ווענט.

און פון דעם קאלטן יעניסיי —
א פוטער פון טײַערן פּיי.

און איך האָב געבראכט פון סיוואש
וואסער א פלאַש.

פון טורקמעניע —
זאמד א זשמעניע.

און פון דער טײַגע דער געדיכטער —
א צווײַגעלע פון א פיכטע.



# טשעבוונע פון לעבן

יוסף קערלער

## אוראַלער מאָזאַיק



יך וואָלט וועלן, מײַן כאַווער, דיך פירן איבער דער שטאָט סווערדלאָווסק און אירע אומגעגנטן. א שיינע, א גרויסע שטאָט. זומער, זאָגט מען, איז דאָ גאָר א פּראַכט. מע האָט, ווײַזט אויס, אין זינען די אוראַלער עטוואָס צוגעלאָשענע זומער־פאַרבן, די טונקל־גרינע אַלייען און סקווערן, די גרויסע שטאָטישע סאַזשלקע, וועלכע הויבט זיך, ווי א פּרוזשינע, שווענקענדיק די גראַניט־ברעגן.

מיר האָט זיך אָבער פאַרגעדענקט סווערדלאָווסק אַזאַ, ווי איך האָב די שטאָט געזען צום ערשטן מאָל, דאַפקע ווינטער. און אַזאַ האָט זי בײַ מיר שטאַרק נויטיק־כיין געוועזן. ס'מאַכט ניט אויס, וואָס די ביימער אין די סקווערן זײַנען אָנגעטאָן אין זילבערנע פּעלצלעך — די סאָסנעס און יאָדלעס זײַנען דאָך בעמיילע גרין.

כ'וואָלט דיך, מײַן כאַווער, געפירט פאַרבײַ דעם ליכטיקן לענין־פּראָספּעקט, ווו אין דעם שטראָם פון הײַנטצײַטיקע זוניקע געבײַדעס פאַרלירן זיך נעבעכדיק עטלעכע אומגעלומפּערט־געצאַצקעטע „אָסאָבניאַקלעך“ — דאָס געוועזענע אייגנטום פון די באַרימטע לעבנס־פאַרשווענדער, די גאָלד־ און אײַזן־מאַגנאַטן פון אוראַל. וואָלסט צוזאַמען מיט מיר געזען, ווי שנעל־שטײַגנדיקע נײַבוינונגען גרײַפן אָן אויף די איינשטאָקיקע הילצערנע לאָמע געסעלעך — די לעצטע רעשטן פונעם אַלטן פּראָווינציעלן יעקאַטערינבורג.

כ'וואָלט דיך עפּשער אָוועקגעפירט ווײַט פון צענטער, אינעם פּרעכטיקן שטעטל פאַר סטודענטן און פּראָפעסאָרן פון די סווערדלאָווסקער טעכנישע הויכשולן. דאָס דאָזיקע שטעטל שנײַדט איבער א ברייטער אַספאַלטירטער שאָסיי. דאָס איז ניט מער און ניט ווייניקער ווי די אַמאָליקע טרויעריק־באַרימטע „וולאַדימירקע“. הײַנט איז דאָס א פרייליך־באַלעבטע מאַגיסטראַל, וועלכע פאַרבינדט מיטלרוסלאַנד מיט די אינדוסטריעלע צענטערן פון אוראַל, סיביר און ווײַטן מיזרעך.

אַמאָל איז „וולאַדימירקע“ געווען א וועג פון בלוט און טרערן. דוירעס רעוואָליוציאָנערן זײַנען געטריבן געוואָרן אין קאַנדאַלן דורך אָט דעם טראַקט אויף דער צאַרישער קאַטאָרגע. געדענקסט לעוויטאַנס בילד „וולאַדימירקע“? — א גרויער־גרויער הימל, א ווײַטער פּוסטער שליאַך, קיין לעבעדיקער נעפעש... נאָר ס'דאַכט: אינדערלופטן טראָגט זיך דאָס קייטן־געקלאַנג...

מיר וואָלטן אַרײַן מיט דיר אינעם סקווערל, וואָס אינמיטן דעם שיינעם טעאַטער־פּלאַץ, זיך אָפּגעשטעלט לעבן דעם דענקמאָל, פון וועלכן ס'גייט אונדז אַנטקעגן א באַגײַסטערטער יאַקאָוו סווערדלאָוו.

סווערדלאָווסק — איינע פון די גרעסטע סאָוועטישע שטעט — איז אויף צענדליקער קילאָמעטער אַרומגערינגלט מיט גיגאַנטישע מאַשינבויערישע און מעטאַלורגישע זאַוואָדן. אַוודע וואָלטן מיר געדאַרפט זיך אַרײַנכאַפּן אויך אַהין. נאָר דער פאַרמעסט אַרומצופירן דיך, מײַן פרײַנט, איבער גאַנץ סווערדלאָווסק וואָלט געווען צו גרויס און צו געוואַגט פאַר מײַנע באַשיידענע קויכעס. האַלעווײַ זאָל זיך מיר אײַנגעבן צו באַשרײַבן דיר ניט מער ווי איין זאַוואָד, און ניט אַזוי דעם דאָזיקן זאַוואָד, ווי באַזונדערע צעכן. און ניט אַזוי די דאָזיקע צעכן, ווי די מענטשן, וועלכע מיען זיך דאָרט.

און פירן דיך וועל זיך מיר, מײַן פרײַנט, צו די דאָזיקע מענטשן דורך איינער א פּאַליאַנע אין דער געדיכטער טײַגע, וואָס מיט איר איז רײַך אוראַל נאָך ביז הײַנטיקן טאָג.

## כראַמצאָווס מאַלכעס

...ווילדע, געדיכטע אוראַלער טײַגע. פיכטע, צעדער און סאָסנע, ווו־ניט־ווו געמישט מיט אויסגעצויגענע ווײַסע בערעזקעס. טיפער אין וואַלד, געדיכטער די טונקלעניש. באַהיט זאָל מען דאָ זײַן פון בלאָנדזשען, ניט וויסנדיק קיין סטעזשקע! שטורעם־בראָך — געפאַלענע ביימער — פאַרשטעלן דעם וועג. זומפּן, טאָרף־בלאָטעס טשאַטעווען אײַך אײַנשלינגען. הונגעריקע וועלף זײַנען דאָ אויך ניט קיין זעלטנהײַט.

טיף אין וואַלד — אַ שטיבל. דאַפקע ניט אַף קיין „הינערשע פיסלעך": דיקע קלעצער, פעסט געשלאָסן איינער אין צווייטן, די פאַרייניקונגס־שפּאַלטן — באַלעבאַטיש פאַרשטאָפּט מיט וואַלד־מאָך. דאָ וווינט דער וואַלד־שומער איוואַן כראַמצאָוו. אַ דווירעסדיקער אוראַלער פּויער, האָט ער ליב די טײַגע און קען זי מיט אַלע אירע פאַרוואָרפענע שטעגלעך און אומוועגן, מיט אירע פאַר־באָרגנסטע, פון קיין מענטש ניט באַטראָטענע ערטעלעך.

בראַקאָניערן, וואָס פאַרנעמען זיך מיט אומגעזעצלעכן יאַגד, באַווײַזן זיך ניט אַהער. זיי מײַדן אויס „כראַמצאָווס מאַלכעס". פון אָט דעם „בערדיקן טײַוול", ווי זיי רופן אים, איז שווער זיך אויסצובאַהאַלטן, און אַ האַנט האָט ער אויך אַ פעסטע!

אַ שטרענגער וואַלד־היטער איז איוואַן כראַמצאָוו. אָבער קיינער ווייסט ניט אַזוי גוט, ווי זײַן פינפיאָריק זונעלע סאַשע, ס'אַרא טײַערער מענטש דאָס איז! וויפל וווּנדערלעכע מײַסעלעך וועגן די אוראַלער וועלדער און באַרג־אויצרעס דער פּאַפּאַניע קען דערציילן. אַן אַנדערש מאָל דאַרף מען אים אַפילו ניט בעטן...

וועגן די פייגל און כײַעס פון דער טײַגע רעדט ער שטענדיק אין גוטן מוט, מיט אַ שמייכל צווישן די העלבלעך־געדיכטע באָרד און וואָנצן. און ניט נאָר דער האָז, צי די וועווערקע, אַפילו דער שרעקלעכער וואָלף ווערט דיר עפּעס היימיש — אַזוי ווי דאָס הינטל „טרעזאָר"...

נו, און ווער ווייסט נאָך אַזוי, ווו ס'זײַנען באַהאַלטן די גרעסטע און שענסטע שוואָמען? ווו ס'וואַקסן די געשמאַקסטע יאַגעדעס? צו ווען מען „גייען" נאָך אַזוי די פיש בעשאַס מע פאַרוואַרפט די נעץ אין סאַזשלקע?

און וואָס קען ער ניט, דער טאַטע? — אַ טעסליער, אַ סמאָלע־ברענער איז ער. ער קען אויך אויסלייגן אַן אויוון, פאַריכטן אַ שוך. פײַפלעך שניצט ער — איז קיין שענערס אַף דער וועלט ניט צו קריגן!

איינמאָל האָט דער פאָטער אַרויסגעפירט סאַשען אַף אַ זוניקער פעלד־לאָנקע, אַרומגערינגלט מיט וואַלד.

— עטלעכע וויאָרסט פונדאַנען, — האָט ער אַ ווײַז געטאָן מיט דער האַנט, — איז אַ גרויסע שטאָט פאַראַן. האָסט דאָך געהערט — יעקאַטערינבורג האָט זי אַמאָל געהייסן. אַ שטאָט פון אַרבעטסלײַט... איז אָט, אַף דער פּאָליאַנע, וואָס דו שטייסט איצט אַף איר, פלעגן בעשאַס דעם צאַר זיך צונויפזאַמלען אַרבעטער. שטיל, געהיט פון די זשאַנדאַרמען, האָבן זיי דורכגעפירט די ערשטע מאַיאָווקעס... אַליין סווערדלאָוו, דערציילט מען, פלעגט אַהער קומען. אַ גרויסער מענטש געוועזן. לעניִן האָט אים אַהער געשיקט. פאַרגעדענק די דאָזיקע פּאָליאַנע, סאַשע!.. סווערדלאָווס פּאָליאַנע.

און כאָטש סאַשע האָט נאָך דאַן ווייניק־וואָס געקאָנט באַנעמען פונעם טאַטנס רייד, פונדעסט־וועגן האָבן זיי זיך אָפּגערופן אין זײַן קינדערש הערצל מיט אַ פאַרכטיקן ציטער.

## אַלעקסאַנדער איוואַנאָוויטש

— גיי געפין אַצינד די פּאָליאַנע! — טוט אַ שטילן שמייכל אַלעקסאַנדער איוואַנאָוויטש כראַמצאָוו. — עפּשער גראָד אין אַ ווינקל פון אונדזער צעך, — באַווײַזט ער אַף די פּילרייִיקע גראַנדיִעזע אַגרעגאַטן, וועלכע פאַרשלינגען דעם ראַכוועסדיקן רוים פון דער געבײַדע. — עפּשער דאָ, צי עפּשער מיט אַ צען־צוואַנציק צעכן ווײַטער... גיי געפין אַצינד דאָס אָרט!

שטאָלץ קלינגען די ווערטער „גיי געפין". ס'איז אָבער אויך ניט שווער צו דערשפּירן אין זיי באַדויערונג: עס וואָלט ניט געשאַדט פונדעסטוועגן צו וויסן דאָס אָרט...

נאָר אַזוי האָט זיך דאָס שוין אין לעבן געמאַכט:

...1928. אַפן רוף פון דער פּאַרטיי צו בויען „אוראַלמאַש" — איינע פון די ערשטע באַזעס פון דער סאָוועטישער שווערער אינדוסטריע — האָבן זיך אַ לאָז געטאָן יונג און אַלט: הייסע קאָמ־יוגיסטן לויט די פּוטיאָווקעס פון קאָמסאָמאָל, ווערבירטע בערדיקע ערדגרעבער און טעסליערס פון וויאַטקע, אירביט, קאַסטראָמאַ... געקומען זײַנען אוקראַיִנער און טאָטערן, ווײַסרוסן און באַש־קירן... אויך יִדישע יונגעלײַט און מיידלעך, — ווער דורכן קאָמיוג און ווער דורכן קאָמזעט, — האָבן זיך אַרײַנגעגאָסן אין אָט דעם רוישיקן שטראָם פון בויער־ענטוזיאַסטן...

און דעמלט האָט דער טרײַער וואַלד־שומער זיך געמוזט געזעגענען מיטן היימישן ווינקל. „כראַמצאָווס מאַלכעס" האָט שוין ניט באַדאַרפט קיין היטער... פרײַ און פריילעך האָט מען דאָ געוואַלגערט הונדערטיאָריקעביימער, געקאָרטשעוועט די טײַגע, געגראָבן קאָטלאָוואַנען פאַר די קאָמענדיקע זאַוואָד־קאָרפּוסן, געבויט ערדשטיבלעך און באַראַקן צוליב דער ערשטער אויסקומעניש... אין די נעכט האָבן קאָנקנדיק געפלאַקערט שײַטערס און הילכיקע לידער האָבן פאַרהילכט דעם אַרום — פאַרבענקטע און האָפערדיקע לידער אָף אַלערליי לעשוינעס...

וועטעראַנען פאַרמאָגן אַ גוטן זיקאָרן. די ערשטע בויער פון „אוראַלמאַש" געדענקען נאָך די איצט אומגלייבלעך־פּרימיטיווע „טעכניק" באַם שאַפן איינעם פון די גרעסטע אינדוסטריעלע וועלט־גיגאַנטן: אַ טאַטשקע, אַ זאַסטעפּ, אַ האַק, אַ זעג. און דעריקער — מענטשן־שוויס. זומער, ווען דער אומראַכמאָנעסדיקער גנוס פליט אָן כמאַרעסווײַז פון די דערבײַיִקע זומפּן, ווינטער — אין די אוראַלער פראָסט, ווען פייגל פאַלן טויט און עס פּלאַצט די קאָרע פון בוים, האָט מען ניט אָפּגע־שטעלט די אַרבעט. ניט אַלע זײַנען געווען ענטוזיאַסטן. געשעטערט אין דער אַרבעט האָבן מענטשן, וועלכע זײַנען געקומען אַהער, קעדיי פאַרדינען אַ לײַכטן רובל, געשטערט האָבן די, וועלכע האָבן ניט געגלייבט אין דער סאָציאַליסטישער בויונג. געווען זײַנען אָפענע סאָנים. באַלעגופים, אַנטלאָפענע פון דער קאָלעקטיוויזאַציע, האָבן געפירט ווײַט ניט קיין „קאָלטע מילכאָמע" קעגן פּאַרטייער, קאָמיוגיסטן און אַקטיווע בויער. געווען איז אַלץ: הונגער, קעלט און פאַרצווייפלטע שיסערײַ פון באַלעגופישע „אָברעזן"... וועטעראַנען פאַרמאָגן אַ גוטן זיקאָרן. אַלטע אַרבעטער האָבן פאַרגעדענקט די מינדסטע געשעעניש אין דער געשיכטע פון „אוראַלמאַש", ווײַל זיי איז דאָ אַלץ ליב און טײַער, אַלץ האָבן זיי אויסגעקעמפט מיט די אייגענע הענט און מיטן אייגענעם האַרצן.

און כאָטש ס'איז געוויס ניט געווען קיין געשעעניש דאָס, וואָס אין די דרײַסיקער יאָרן האָט זיך אין איינעם אַ צעך פון „אוראַלמאַש" באַוויזן דאָס בלאַנד־צעפּאַטלטע זעכצניאָריקע יאַטל סאַשע כראַמצאָוו, זײַנען דאָך פאַראַן מענטשן, וואָס האָבן פאַרגעדענקט די פאַרוווּנדערט־אופגעריסענע אייגלעך פון אָט דעם דאָרפישן באָכערל. דער „פּאַבזײַעץ" (אַזוי פלעגט מען דאַן רופן די שילער פון פאַבריק־זאַוואָדישע שולן) האָט זשעדנע אײַנגעזאַפּט אין זיך דאָס אַלץ, וואָס האָט לעכאַטכילע אַרויסגעריסן בא אים אַ היספּײַלעסדיקן אויסרוף:

— Вот это здорово!

...אינעם צעך, וווּ עס ווערן באַאַרבעט מעכטיקע קנופּ־טיילן צו וואַלץ־געשטעלן און בלומינגען, שטייט, צווישן אַנדערע, אַן אוניקאַלער אַגרעגאַט — אַ שניצער פון ציינער פאַר אַ טרײַב־ראָד. אַזעלכע זײַנען פאַראַן געציילטע אַפילע באַ אונדז אין לאַנד. דאָ ווערן באַאַרבעט פּילטאָניקע דעטאַלן מיט אַ דיאַמעטער ביז 6 מעטער. אָף זײַן קאָלאָסאַלער אויבערפלאַך קאָנען געשניצט ווערן ציינער פון פאַרשיידענע פאָרמען — גלײַכע, דיאַגאָנאַלע, ענלעכע אָף אַ יאָדלע־צווײַגל און נאָך מער קאָמפּליצירטע. באַ אָט דעם אַגרעגאַט אַרבעט די בריגאַדע פון קאָמוניסטישער מי, מיט וועלכער עס פירט אָן דער דעפּוטאַט פונעם סאָוועטישן פּאַרלאַמענט — אַלעקסאַנדער איוואַנאָוויטש כראַמצאָוו.

כראַמצאָוו האָט פאַרענדיקט אַ טעכנישע מיטלשול און איז דערבײַ ניט אַוועק פונעם זאַוואָד. ער האָט איינער פון די ערשטע פאַרשטאַנען, אַז זײַן פאַך פאָדערט ניט בלויז פּראַקטישע געניט־קײַט, נאָר אויך טיפע טעאָרעטישע קענטענישן. איצט קאָן מען שוין אָפן „אוראַלמאַש" אָנציילן הונדערטער אַרבעטער מיט ספּעציעלער מיטעלער און אַפילע הויכער בילדונג.

— ווו נעמט איר אַזויפיל צײַט? — פרעג איך בא אַלעקסאַנדער איוואַנאָוויטשן, — אַליין זיך לערנען, יענעם לערנען, זײַן אַ בריגאַדיר, אַ דעפּוטאַט...

— צײַט? — פאַרקלערט ער זיך. — יאָ. ס'איז טאַקע אַ דעפיציט אַרטיקל... נאָר מיילע, אַז עס קלעקט ניט קיין צײַט, באַרגט מען באַם מאָרגעדיקן טאָג. ניט אומזיסט פאַרענדיקן מיר שוין האַיאָר דעם זיבניאָריקן פּלאַן. ווי מיינסטו, קראַסנאַגאָר? — ווענדט ער זיך צום טאָקער פון שכייניש אַגרעגאַט, וואָס איז פּונקט אין דער מינוט צוגעגאַנגען צו אונדז.

## אַווראָם קראַסנאַגאָר

ווײַט פון אוראַל ליגט דאָס אוקראַיִנישע שטעטל שעפּעטאָווקע. דאָרט וווינט אַן אַלטע מאַמע, רייזע קראַסנאַגאָר. שטיל, אָן טומל. וואָס דאַרף, מישטיינסגעזאָגט, אַן אַלטע מאַמע? מיט איר פּענסיע קאָן מען זיך יאַקאָס דורכלעבן. מע דאַרף, כאָלילע, ניט אָנקומען צו די קינדערס לאָסקע. כאָטש אָף די קינדער איז ניטאָ זיך וואָס צו באַקלאָגן. מע פאַרגעסט זי ניט, די אַלטע מוטער. אוראַל קלאַפּט זיך אין די נידעריקע פענצטער פון איר שטיבל מיט קורצע אײַליקע בריוולעך פון אירע זין. פיר זין האָט זי דאָרט, פיר אָדלערס. דער יינגסטער, לייזערל, צעשפּרייט ערשט די פליגל. ער לערנט זיך דערווײַל אין אינסטיטוט. נו, און לייבעלע, ליאָווע? אָ, זײַנע פליגל טראָגן

אים שוין הויך, אין די ווײַטע הימלען. א פּליִער איז ער, און ניט קיין פּאַשעטער — א „ליאַטשיק־איספּיטאַטעל"! ער פּרוווט אויס די נײַסטע מאָטאָרן. דאַפקע געוועזן א שטיל קינד, קיין פליג אָף דער וואַנט ניט פאַרטשעפּעט. דערפאַר איז רייזע טאַקע רויִק. אַזוינס וועט ניט גיין גלאַט אַזוי אײַנשטעלן דאָס לעבן, אָנטאָן דער מאַמען צאָרעס...

יאַנקעוו איז שוין גאָר א סאָלידער מענטש, און די אַרבעט, ווײַזט אויס, איז בא אים אויך א לײַטישע — א הויפּט־מײַסטער איז ער אָף א טורבינען־זאַוואָד. שלאָפן שלאָפט זי, די מאַמע, ניט קיין נעכט דאַפקע איבערן עלטסטן — אוורעמלען, ווײַל ער איז א היצקאָפּ. וואָס זשע, זי געדענקט ניט, וואָס פאַר א „מאַמזער" דאָס איז געווען?.. גאַנץ שעפּעטאָווקע איז געגאַנגען מיט אים כאָדאָראָם, אַלע שויבן האָט אויסגעזעצט זײַן פוטבאָלנע קאָמאַנדע!.. איצט שרײַבט ער בריוו, ער און די שנור, אַז די מאַמע זאָל זיך איבערקלײַבן צו זיי. „גענוג שוין, שרײַבט ער, צו לעבן עלנט אין שעפּעטאָווקע, ווען אַלע קינדער זײַנען אָף אוראַל"... אָט פּליט זי טאַקע! זי קאָן באַשטיין, די קינדער זאָלן קומען צוגאַסט צו איר. וואָס וועט זי דאָרטן טאָן? זיך ניאַנטשען מיט די איי־ניקלעך? („מיר פאַר זיי, איר מעגט שוין א קוק טאָן").

ערשט ניט לאַנג האָט זי באַקומען א מאָדנע בריוול פון אוורעמלען. „מאַמע, זאָגט ער איר אָן מאַלע־סימכע, זײַ וויסן, איך בין א מאַיאַק!.."

— אַוואָס איז ער?..

מאַיאַק! — לײַכטטורעם, — אַזוי רופט מען אָן אין פאָלק די פאָרגעשריטענע מענטשן פון אונדזער אינדוסטריע און לאַנדווירטשאַפט. א מאַיאַק איז דער, וואָס באַלײַכט מיט זײַן מי און לעבן דעם וועג פאַר צענדליקער אַנדערע. אַרבעטן און לעבן קאָמוניסטיש באַטײַט ניט סטאַם שפּאַנען פאָרויס, נאָר ציִען נאָך זיך די הינטערשטעליקע, זיי זאָלן דערגרייכן די זעלבע הייך, וואָס דער מאַיאַק.

אַבראַם סאַמאָילאָוויטש קראַסנאָגאָר איז איינער פון די דאָזיקע פאָרגעשריטענע לײַט. פון זײַנע קאַרגע 36 יאָר אַרבעט ער שוין א יאָר צוואַנציק באַם טאָקער־ווערקשטעל.

א היצקאָפּ איז ער טאַקע, אָבער אָף דער אַרבעט איז ער רויִק. „אַז מע אַרבעט מיט קאָפּ, זאָגט ער, זײַנען די הענט אויך צופרידן".

בא זײַן ווערקשטעל קאָן מען אָפט זען יונגע יאַטן, זײַנע טאַלמידים־פּראַקטיקאַנטן. ער אַליין שטייט אין א זײַט, קלוימערשט פאַרטיפט אין א טעכנישער צייכענונג, וואַרפנדיק צײַטנווײַז אָן אויג אָפן טאַלמיד. א שילער, ווייסט ער, דערוויסט זיך בעסער די מעלאָכע, ווען מע טרויט אים אָן, ער זאָל זיך שפּירן בא דער מאַשין מײַסע פאָלנע באַלעבאָס... שילער האָבן אים ליב דאָס כּיִעס. שטרענג איז ער טאַקע, נאָר די אויגן לאַכן בא אים שטענדיק. „אַרײַנזאָגן" קען ער, ווי אַן אוראַלער, מיט אַלע פּישטשעווקעס. ניט מער, מאָדנע ווערטלעך בא אים. לעמאָשל:

— Тише, не хватать рыбу перед лапшой!

זיי קאַטשען זיך פאַר געלעכטער, די יאַטן. זיי ווייסן ניט, אַז דאָס ווערטל שטאַמט אַזש פון שעפּעטאָווקע, און דאָרט קלינגט עס אַזוי:

„שטילער, כאַפּ ניט די פיש פאַר די לאָקשן!"...

אַלע זײַנע שילער זײַנען גוואַלדיקע ליבהאָבער פון כאָקיי, און ס'איז ניט קיין כידעש, ווײַל זייער לערער, זייער מאַיאַק, שפּילט אַליין מיט אַזאַרט אין דער קאָמאַנדע פון זאַוואָד.

א גליק, וואָס קיין שעפּעטאָווקע איז עס נאָך ניט דערגאַנגען, אַניט וואָלט אים די מאַמע גוט אויסגעמוסערט:

— נאָך ניט פאַרגעסן די אַלטע שטיקלעך דײַנע?

* * *

א שאַרפער קלונג שנײַדט זיך אַרײַן אינעם ריטמישן גערויש פונעם צעך.

— וואַרמעס! — זאָגט א צופרידענער כראָמצאָוו. די העל־בלויע אויגן זײַנע שפּריצן מיט פריילעכקײַט. ער גיט מיר צו פאַרשטיין: — איך האָב ליב אַן איבעררײַס אין דער אַרבעט. — נאָך א קורצער פּאַוזע טוט ער א פרעג: — איר ווייסט, וואָס אַזוינס איז גליק? גליק איז, ווען דו גייסט מיט פאַרגעניגן צו דער אַרבעט און מיט פאַרגעניגן — פון דער אַרבעט! ווי מיינסטו, קראַסנאָגאָר?

קראַסנאָגאָר קוקט אַרײַן אין א צײַטונג, נאָכשפּירנדיק פונוווײַטנס, ווי זײַן געהילף שליסט אויס דעם אַגרעגאַטן־מאָטאָר.

— האַ? טרעפלעך. זייער טרעפלעך!.. — זאָגט ער פאַרקלערט.

מיר לאָזן זיך צו דער גאָרקיך. אָפן זאַוואָד־הויף קומט אונדז אַנטקעגן א מאַנצבל, אַריבער די פופציק. דאָס אַרופגערוקטע פוטערנע היטל אַנטפּלעקט עטוואָס גראָווע האָר איבער א קלאָרן שטערן. מאַנדל־אויגן שמייכלען צו מײַנע באַגלייטער:

— גוטמאָרגן, כאַווײרים!

— גוטמאָרגן, כאַים אַראָנאָוויטש!

— דאָס איז ווינאָקורסקי. אונדזערער א קאָנסטרוקטאָר. אָן אָפענער מויעך! — זאָגט מיט דערעכערעץ קראַסנאָגאָר.

— איינער פון די ערשטע בויער פונעם זאַוואָד, א וועטעראַן! — גיט צו כראַמצאָוו.

— א וועטעראַן? — כאַפּ איך זיך אָן. — עפּשער ווייסט ער עפּעס וועגן סווערדלאָווס פאַ־ליאַנע, וואָס אײַער טאַטע האָט אײַך אַמאָל געוויזן?

— איך צווייפל. כאָטש פּרוווט זיך, באַקענט זיך מיט אים, ס'וועט אײַך ניט באַנק טאָן...

## באַ די ווינאָקורסקיס

וועגן ווינאָקורסקין האָב איך זיך אָנגעהערט אָן א שיר. און יעדערער האָט מיך געוואָרנט: טשעפּעט אים ניט, בעשאַס ער איז פאַרנומען מיט זײַנע פּראָיעקטן און אויסרעכענונגען! ס'הייסט, א מענטש איז ער דאַפקע זייער א העפלעכער, א געדולדיקער. ער איז ניט פייק, כאַלילע, אַף קיין גראָב וואָרט, נאָר ווייניק־וואָס וועט איר זיך דערשלאָגן אפילו באַ דעם העפלעכסטן מענטשן, ווען ניט דער קאָפּ — דאָס גאַנצע וועזן זײַנס איז פאַרנומען מיט אַנדערע געדאַנקען.

אַוואַדע איז דער קאַנדידאַט פון טעכנישע וויסנשאַפטן כאַים ווינאָקורסקי ניט קיין קאַבינעט־מענטש, באַ וועמען די געדאַנקען שווימען אַרום ערגעץ אין אוילעם־האַטויע, ווײַט פון אונדזער זינדיקער ערד. אַזוינס קאָן קאַפּשעט ניט געמאָלט זײַן אין די באַדינגונגען פון „אוראַלמאַש". פון־דעסטוועגן איז בעסער ניט אָנרירן אַזאַ מענטשן, ווי ווינאָקורסקי, בייס דער אַרבעט. דאָס פאַר־שטיי איך אַליין גאַנץ גוט. דעריבער טאַקע האָב איך אויסגעקליבן איינעם א זונטיק פאַרנאַכט און אָנגעקלונגען דורכן טעלעפאָן כאַים אַראָנאָוויטשן אַהיים.

און אָט זיץ איך געמיטלעך באַ די ווינאָקורסקיס אין עסצימער. איך פיל זיך גוט, שײַעך גוט — ווי באַ זיך אין דער היים. אַוואַדע האָב איך האַנאָע פון דעם שניי־ווײַסן סערוועט אָפן טיש, פון דער גלאָז שטאַרקע טיי. דאָס ביסל אײַנגעמאַכטס פון אוראַלער יאַגעדעס איז אויך טאַם־גאַניידן, נאָר ניט בלויז אין דעם גייט עס. גלײַך אַף דער שוועל פון דעם דאָזיקן הויז באַגעגענען אײַך די באַלעבאַטים מיט אַזאַ מענטשלעכער צוגעלאָזנקײַט, אַז איר מוזט פון אָנהייב אָן א מאַך טאָן מיט דער האַנט אַף „אַלע צערעמאָניעס" און פירן זיך פּראָסט־פּאַשעט, ווי א היימישער צווישן היימישע.

זעט אויס, ברײַנע, כאַימס פרוי, איז באַזונדערס צופרידן מיטן מאָסקווער גאַסט, ווײַל, כוץ אַלעם, איז דאָס די בעסטע געלעגנהײַט „אַרויסשלעפּן אים א ביסל, כאַימען הייסט עס, פון זײַנע מאַשינעס".

ווען איך פּרוּוו זיך אויסקלאָרן אייניקע פּראַטים פון כאַימס ביִאָגראַפיע, ווײַזט זיך אַרויס, אַז ברײַנע ווייסט זיי בעסער פון אים אַליין.

— כ'פאַרשטיי ניט, — מאַכט כאַים קלוימערשט מיט פאַרדראָס, — וועמעס ביִאָגראַפיע איז דאָס, מײַנע צי דײַנע?

ברײַנע איז, ווי זי זאָגט, „דער זיקאָרן פון דער מישפּאָכע". מיט כאַימען קענען זיי זיך פון קינדווײַז אָן, שיר ניט געשפּילט צוזאַמען אין זאַמד... זי איז, קאָנטיק, פון יענע פרויען, וואָס טראָגן דעם שווערן אָל פון שטוב־באַלעבאַטישקײַט מיט א לויטערן שמייכל אַף די ליפּן. זי באַהאַלט אויס איר אַנציקונג פאַרן מאַן אונטערן שלייער פון קוים־באַמערקבאַרן הומאָר. דאָס ווערט קלאָר, ווען זי הייבט אָן דערציילן וועגן „זײַנע געניג".

— ער קאָן, — זאָגט זי, — אויפשפּרינגען אינמיטן דער נאַכט און זיך א כאַפּ טאָן צו זײַנע קאָנסטרוקציעס... אָדער ווי געפעלט אײַך אַזאַ זאַך? א מענטש גייט, דוכט זיך, אַרויס, ווי אַלע אָרנטלעכע לײַט, אַף א שפּאַציר מיטן ווײַב. מיטאַמאָל ווערט ער „נעלעם". ס'הייסט, ער איז דאָ, נאָר ס'איז שוין גאָר אָן אַנדער מענטש. ער איז שוין פאַרטראָגן אין זײַנע פאָרמולעס און מעסט עפּעס מיט די הענט. שווײַג איך שוין אויך, אָן אַנדער ברײַרע האָב איך? מע מוז צווואַרטן, ביז ער וועט אַראָפּנידערן צו מיר פון זײַנע הייבקראַנען...

רײַע — די טאָכטער, א מיידל מיט א פּאָר גרויסע פאַרבענקטע אויגן, לאַכט. כאַים לייקנט שטיין־און־ביין:

— זי איז דאָך באַ מיר א כויזעקמאַכערן! — און רוימט מיר אײַן א סאָד:

— אַמאָל איז דאָס גאָר געווען א „ברײַנדעלע־קאָזעק!"

— און איצטער?

— נו, איצטער זײַנען מיר שוין באַבע־זיידע. איר הערט א פּישטשערײַ פון שכייניִשן צי־מער? — אונדזער אייניקל, ס'וואַקסט מיסטאַם אויך א מאַשינבויער.

כאַים איז מיסטאַם גערעכט, ווײַל, כוץ ברײַנען, זײַנען באַ אים אין שטוב סאַמע מאַשינבויער. אַרקאַדי איז א קאָנסטרוקטאָר פון וואַלץ־געשטעלן, זײַן פרוי אַרבעט און לערנט זיך אין מאַשינ־

בוי-טעכניקום, רײַע ענדיקט האיאָר דעם מעכאַנישן פאַקולטעט פון פאָליטעכנישן אינסטיטוט, ניט לאַנג צוריק האָט זי כאַסענע געהאַט, איר מאַן איז אויך אַן אינזשעניער, נאָר ער אַרבעט אַצינד ווײַט פונדאַנען (אָט וווּ עס ליגט אַפאַנעם דער סאָד פון אירע פאַרבענקטע אויגן!)

אַ מישפּאָכע פון מאַשינבויער! פונוואַנען זשע שטאַמט זי? כאַיִם ווינאָקורסקיס טאַטע אַרן איז געווען אַ קליינשטעטלדיקער מעלאַמעד! אַ קאַפּצן אין זיבן פאָלעס און, ווי עס פירט זיך בײַ אַ קאַפּצן — אַ מעטופל מיט קינדער. ער איז פרי געשטאָרבן, די יעסוימים האָבן זיך צעשאָטן אין אַלע זײַטן. כאַיִם האָט זיך דערצויגן בײַ אַן אָרעמען פעטער. געקוועטשט די באַנק אין דער ליבאַוויטשער יעשיווע, געגעסן „טעג” און שטילערהייט זיך פאַרנומען מיט זעלבסט-בילדונג. בלויז אין 1924 יאָר זיך אַ ביסל אויסגעלערנט רוסיש און אָפּגעגעבן עקסטערן אַף אַכט קלאַסן.

און איצט איז כאַיִם ווינאָקורסקי באַוווּסט אַלס איינער פון די שעפער פונעם שפאַנענדיקן עקסקאַוואַטאָר, מיט וועלכן עס שטאָלצירט די סאָוועטישע מאַשינבויונג.

שטעלט אײַך פאָר: אין מעשעך פון אַ מינוט נעמט אָן אָט דער ריזיקער עקסקאַוואַטאָר אַ גאַנצן באַרג גרונט, הייבט אים אויף אַף דער הייך פון אַ צוועלפשטאָקיקן מויער און טראָגט אים אַריבער אַף 200 מעטער פון קאַריער.

די וואָג פון אַזאַ מעכאַנישן ערדגרעבער איז, ווי איר שטעלט זיך פאָר, אַ גאַנץ סאָלידע. און פונדעסטוועגן איז זײַן ספעציפישער דרוק אַפן גרונט קלענער ווי דער דרוק פון אַ געוויינלעכן מענטשלעכן פוס. דאָרט, וווּ אַ מענטש וואָלט קיינמאָל ניט דורכגעגאַנגען, „שפאַנט” זיך רויִק דער עקסקאַוואַטאָר.

...כ'פיל מיך גוט און היימיש בײַ די גאַסטפרײַנטלעכע ווינאָקורסקיס. כאַיִם אַראָנאָוויטש רעדט אינטערעסאַנט און קלוג: וועגן ליטעראַטור און ייִדישע פאָלקסלידער. אָבער ווען ער הייבט אָן דערציילן וועגן זײַן אַרבעט, קאָן עס רײַע ניט אויסהאַלטן:

— דערציילסט עפעס, טאַטע, אַזוי וואָכעדיק וועגן זאַכן, מיט וועלכע דו און מיר אַלע לעבן!

— מיר זײַנען דאָך ניט קיין „ליריקער”, מיר זײַנען „פיזיקער”, מײַן קינד, — וואַרפט ער, ווײַזט אויס, דעם וויץ אין מײַן זײַט.

איך בלעטער ווינאָקורסקיס לעצט-דערשינענעם סאָלידן בוך „מעטאַל-קאָנסטרוקציעס אין דער מאַשינבויונג”.

— כ'מיין, — זאָג איך, — אַז אין אײַערע פופצן דערפינדונגס-פאַטענטן, אין אָט דעם בוך און אין דער גאַנצער געשיכטע פון „אוראַלמאַש” פעלט אויך ניט קיין ליריק...

איך דערצייל אים כראָמצאָווס געשיכטע וועגן סווערדלאָווס פאָליאַנע, צי האָט ער וועגן דער פאָליאַנע עפעס-וואָס געהערט אָדער זי געזען ווען-עס-איז?

אין שטוב ווערט שטיל. ווינאָקורסקי שפאַנט איבערן צימער, רײַבט זיך דעם הויכן שטערן:

— אַף דער טעריטאָריע פון אונדזער זאַוואָד, זאָגט איר? ס'איז וויכטיק. אָך, ווי וויכטיק עס איז אויסגעפינען, וווּ עס איז געווען די דאָזיקע פאָליאַנע...

ער שטעלט זיך האַסטיק אָפּ און זאָגט מיט באַדויערונג:

— ניין, מײַן פרײַנט, קיין וועטעראַן בין איך ניט, ווײַל געקומען בין איך אַהער, ווען „כראָמצאָווס מאַלכעס” — די טײַגע איז שוין פאַרשוווּנדן... ווייסט איר וואָס? טוט אַ רעד מיטן „גליקלעכן פאָרל”, ווי מע רופט זיי בײַ אונדז, — מיטן מײַסטער וואַסילי בעליך און דעם אינזשעניר שמואל דוואָרקין. אָט זיי זײַנען טאַקע די עמעסע וועטעראַנען...

— אַוואַדע, — גיט צו ברײַנע. — אויב זיי ווייסן ניט, איז ווער נאָך קאָן וויסן?

## באַנאַנד

יעדן טאָג, ווען די אוראַלמאַשאָווצעס לאָזן זיך אין די צעכן, וווּ זיי שאַפן מאַשינעס פאַר אונדזער פרידלעכער אינדוסטריע, גייען זיי פאַרבײַ דעם מערקווירדיקן דענקמאָל פון די מיל-כאָמע-יאָרן: אַף אַ שוואַרצן גראַניטענעם פעלדז שטייט דער לעצטער טאַנק, וואָס „אוראַלמאַש” האָט אַרויסגעלאָזט צום סאָף פון קריג. אַפן פעלדז זײַנען אויסגעהאַקט פיר שורעלעך:

מיט טאַנקען, סנאַריאַדן
און טאַנעס מעטאַל
געהאַלטן האָט הייליק
זײַן שוווּע אוראַל.

דאָס האָבן זיי, די אוראַלמאַשאָווצעס, מיט טאַנקען און האַרמאַטן געהאָלפן צעשמעטערן דעם בראַנירטן פויסט פונעם „דריטן רײַך” — גודעריאַנס פאַנצער-אַרמייען.

בעליך און דוואָרקין געהערן צו די וועטעראַנען פון אָט דער אַרבעט אין די מילכאָמע-יאָרן.

דאָס „גליקלעכע פּאָרל" האָב איך געטראָפן מיטיק־צײַט אין רויטן ווינקל פון צעך. זיי האָבן זיך געראַנגלט בײַ אַ פּאַרטיע שאָך. בעליך האָט פּונקט צוגעשפּאַרט דעם קעגנערס קיניג צום סאַמע ווינקל פון ברעט. דוואָרקין האָט פֿײַנלעך געקנייטשט דעם שטערן און אומבאַהאָלפן גע־פינגערט מיט די געדיכטע געלבלעכע וואָנצעס. בעליך האָט אויסגעזען גליקלעך. אַ קוים געצוימט געלעכטער האָט אויפגעטרייסלט זײַן שווערן גוף.

וואַסילי מיכײַלאָוויטש בעליך — אַ הויכער, ברייטפּלייציקער מענטש אין אַן אַקוראַטער בלויער ספּעצאָוועקע. פון דער ברוסט־קעשענע שטעקט אַ שטאַנגענצירקל. איך ווייס ניט פאַרוואָס, נאָר מיר דוכט זיך, אַז אָט דער מענטש מיט די רויִק־צוגעזשמורעטע אויגן קאָן אַף אַ ווײַל אַ כאַפּ טאָן, וואָס עס מאַכט זיך אונטער דער האַנט: אַ שווער שטיקל שלאָסער־אַרבעט, עפּעס אַ דעטאַל, אַפילע אַ מענטשן, וועלכן ער זעט צום ערשטן מאָל; אַ כאַפּ טאָן, אַ מעסט טאָן, נײַגעריק באַ־טראַכטן פון אַלע זײַטן, דערנאָך פּאָרזיכטיק, פּאַרקלערט אוועקשטעלן צוריק אַפן אָרט, ס'הייסט: עס איז נאָך דאָ וועגן וואָס צו קלערן.

אין שכיינעס מיט וואַסילין זעט שמואל דוואָרקין אויס פון קליינעם וווּקס. זיי זיצן באַנאַנד, און באַנאַנד, קאָן מען זאָגן, האָבן זיי דורכגעמאַכט אַ לעבן, אַ גרויס לעבן.

וואָס נאָך קאָן אַזוי צונויפבינדן צוויי מענטשן, ווי די צוזאַמען פּאַרבראַכטע שווערע באַ־גײַסטערט־שיינע יוגנט, די קאָמסאָמאָלישע יוגנט פון די צוואַנציקער יאָרן?

— ווער עס האָט געהאַט אַזאַ יוגנט, ווי מיר, — לייגט אַוועק בעליך זײַן וואָגיק־צערטלעכע האַנט אַף דוואָרקינס פּלייצע, — דער וועט קיינמאָל ניט אַלט ווערן!

— אַלט ווערן? דודקי! — לאַכט דוואָרקין און גיט צו עטוואָס שטילער, מיט אַ זיפץ. — אָבער עלטערן מוז מען זיך, מיכאַליטש!..

— וואָס רעדסטו, סאַשאָק? (אַזוי רופט שמועלן בעליך). דערמאָן זיך נאָר, גוטערברודער, די ערשטע „בעטאָנאָמעשאַלקע", וועסטו גלײַך יינגער ווערן אַף אַ יאָר עטלעכע און דרײַסיק!

בעשאַסן בויען דעם זאַוואָד האָבן באַ דעם דאָזיקן בעטאָן־מישער צום ערשטן מאָל זיך צוזאַמענגעטראָפן דאָס האָמליער באָכערל שמוליק דוואָרקין מיטן אוראַלער יאַט וואַסיע בעליך. דאָס איז געווען אין 1929. באַפרײַנדעט האָבן זיי זיך טייקעף, און אַפן גאַנצן לעבן. צוויי קאָמ־יוגיסטן מיט איינע און די זעלבע טרוימען, מיט איין און דעם זעלבן דורשטיק־הייסן פאַרלאַנג — העלפן וואָס גיכער אויסבויען די סאָציאַליסטישע אינדוסטריע פונעם לאַנד.

און עפּשער האָט זיי אויך צוגעצויגן איינס צום צווייטן די ערשט פּאַרלאָזענע, ביז גאָר טרויע־ריקע קינדהײַט זייערע?ביידע יעסוימים. באַ ביידן זײַנען די עלטערן אומגעקומען אין די יאָרן פון הונגער און טיפוס...

ווי עס זאָל ניט זײַן, נאָר דאָס דאָזיקע פּאָרל האָט זיך שוין קיינמאָל ניט צעשיידט — צו־זאַמען געגראָבן קאָטלאָוואַנען, צוזאַמען אויפגעשטעלט די ערשטע צעך־קאַרקאַסן. איצט איז בע־ליך — אַ באַרימטער מײַסטער אַפן „אוראַלמאַש". די מעלוכע האָט אים באַלוינט מיט אַ לענין־אָרדען.

און שמועל דוואָרקין? אויך ער איז געוואַקסן צוזאַמען מיט דער צײַט. די שטאַפּלען פון זײַן אַרופשטײַג איז גרינג אָנצייכענען אַזוי: שלאָסער — בריגאַדיר — מײַסטער — הויפּט־מײַסטער — שעף פון באַצירק — אינזשעניער־מעכאַניקער...

איך הער און הער די לעבנס־געשיכטע פון די צוויי פרײַנט, נאָר מיך לאָזט אַלץ ניט צורו דאָס, צוליב וואָס איך האָב זיך געטראָפן מיט זיי.

— צי ווייסט איר ניט, כאַווירים, עפּעס וואָס וועגן דער פּאַליאַנע, וווּ סווערדלאָוו פלעגט אַרויסטרעטן אַף געהיימע אַרבעטער־פּאַרזאַמלונגען?

בעליך האָט מיך פּאָרזיכטיק אָפּגעמאָסטן מיט אַ צוגעזשמורעט אויג.

— מיר ווייסן שוין די געשיכטע.

— כראָמצאָוו האָט זיך אָנגעפרעגט באַ אונדז...

— אַ סאַך פּאָליאַנעס זײַנען געווען אַף דעם דאָזיקן אָרט...

— אַך, ס'אַרא שאָד! — האָט בעליך אַזש אַ קלאַפּ געגעבן מיטן פויסט אין טיש אַזוי, אַז די שאָך־פיגורן האָבן זיך צעשאָטן. — ניט פּאַרהיט אַזאַ אָרט!

— עפּשער איז אַזוי אַפילע בעסער, — האָט זיך פּאַרקלערט שמועל דוואָרקין, — יעדער איינער קאָן זיך טראַכטן, אַז גראָד זײַן צעך, זײַן אַגרעגאַט שטייט אַף יענער פּאָליאַנע.





# הירש ריקלין

געבוירן אין 1894 אין דאָרף ליטאָווסק (בריאַנסקער געגנט). אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1918. וווינט אין מאָסקווע.

# צווי יאַקאָווס



אנצפרי. מע האָט נאָרוואָס געבראַכט פרישע צײַטונגען.

אָף דער ערשטער זײַט — אַן אוקאַז. פאַר די דערפאָלגן, וועלכע זײַנען דערגרייכט געוואָרן אין..., ווערן באַלוינט...

גאָלוב יאַקאָוו מיכײַלאָוויטש...

קראַווטשוק יאַקאָוו אָניסימאָוויטש...

ניט שוין זשע זײַנען עס די זעלבע צווײ יאַקאָווס? יאָ, לויט אַלע סימאָנים זײַנען דאָס די זעלבע.

עס קאָן זײַן, אַז איצט וואָלט מען באַדאַרפט אַ הייב טאָן זיך אָף לײַכטע פליגל פון דערינערונגען, נאָר דער אַווטאָר פון אָט די שורעס היט זיך אויס פון שיינע ווערטער, פון מעליצע.

און דעריבער הייבט ער אָן זײַנע נאָטיצן פּאָשעט, וואָכעדיק, ווי מענטשן ריידן: געשען איז עס מיט אַ יאָר פינף און צוואַנציק צוריק.

מיט פינף און צוואַנציק יאָר צוריק בין איך זומער־צײַט געקומען צו פאָרן אינעם קאָלווירט „נעזאַמאָזשניק“, וואָס געפינט זיך אָף וואָלין.

* * *

די דערציילונג וועט זײַן ניט פול, אויב איך וועל פאַרשווײַגן וועגן מײַן קורצווײַליקן פאַרברענגען אינעם שטעטל ט. און ניט זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן דעם פורמאַן הירש.

דעם עמעס געזאָגט, האָט דאָס ניט קיין דירעקטע שײַכעס צו די צווײ יאַקאָווס, וועגן וועלכע איך קלײַב זיך דערציילן. נאָר מיר ווילט זיך גענויער באַשרײַבן די רײַזע אינעם קאָלווירט „נעזאַמאָזשניק“, וויל איך ניט אויסמײַדן אייניקע אינטערעסאַנטע און, לויט מײַן מיינונג, קאָלאָריטע פּראָטים.

פאַראַן אַ קלאַנג, אַז איצט איז דאָס שטעטל ט. שוין אָף דער וועלט ניטאָ: די היטלעריסטן האָבן עס צערויבט, פאַרברענט, אָפּגעווישט פון דער ערד.

איז אָט בין איך געקומען אַהער אין שטעטל. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אינעם היגן גראַנד־האָטעל. דאָס איז אַן אײַנפאָר־הויז, וואָס פאַרמאָגט איין גרויסן צימער און צווײ אַלקערלעך („נומערן“). דער פאַרוואַלטער פון גראַנד־האָטעל טראָגט אַן אונטערגעשוירן בערדל, רייכערט פּאַפּיראָסן אָנשטאָט מאַכאָרקע, גייט אַרום איבערן אײַנפאָר־הויז אָן אַ היטל, לייענט שאָלעם־אַלייכעמען און שיט אַליין מיט כאָכמעס.

איך בעט דעם פאַרוואַלטער, ער זאָל מיר רעקאָמענדירן אַ גוטן באַלעגאָלע אָף צו פאָרן אינעם קאָלווירט „נעזאַמאָזשניק“.

— אַ גוטן באַלעגאָלע? — פרעגט ער איבער. — אָף וואָס דאַרפט איר אַ גוטן באַלעגאָלע? איר וועט דאָך פאָרן ניט אָפן באַלעגאָלע, נאָר אָף פערד. הייסט עס, איר באַדאַרפט אַ גוטע פאָר פערד. איך וועל אײַך באַלד צושיקן דעם קרומען הירש. איר וועט האָבן האַנאָע. איך אייצע אײַך אָבער, איר זאָלט זיך מיט אים דינגען. מיט אים דאַרף מען זיך דינגען.

אין אַ מינוט צוואַנציק אַרום האָב איך „געהאַט האַנאָע“: עס איז געקומען דער קרומער הירש. אַ ברייטפּלייציקער, אַ גוואַר, מיט מעכטיקע געלע וואָנצעס. דאָס רעכטע אויג איז בא אים ניטאָ — ער האָט עס פאַרלאָרן אין 1915 יאָר אָף דער מילכאָמע, הינטער פּערעמישל.

אריַין אין מײַן צימער, האָט ער מײַסע־סאָלדאַט זיך געשטעלט אין פראָנט און אויסגעשריִען מיט א דונערנדיקער שטים:

— זדראַוויא זשעלאַיעם!

נאָך א קעגנזײַטיקן שאָלעם־אַלייכעם זײַנען מיר צוגעטראָטן צו זאַכלעכע אונטערהאַנדלונגען. ער האָט געבעטן בא מיר פאַר דער נעסיִע זייער א הויכע פרײַז און האָט זיך געכידעשט, ווען איך האָב אים געזאָגט, אז ער בעט צופיל.

— טײַער? אָט דאָס הייסט בא אײַך טײַער? נו, און אויב ס׳איז טאַקע אף אַן עמעס טײַער? וויפל יאָר האָב איך אף אײַך געוואַרט, אז איר זאָלט קומען פון קיִעוו? איר זײַט ניט פון קיִעוו, נאָר פון מאָסקווע? איז דאָך אוודע גוט. ניין, דאָס איז ניט טײַער. איר ווייסט, וואָס איך וועל אײַך נאָך זאָגן? אויב איר וועט, אכוץ דעם, מעכאַבעד זײַן מיך אין וועג מיט א קעלישעק בראַנפן, וועל איך זיך אויך ניט אָפזאָגן. פאַר אייגענעם געלט טרינק איך ניט, נאָר פון קיבעד זאָג איך זיך ניט אָפ.

קאַיאָר זײַנען מיר אַרויסגעפאָרן פון שטעטל. עס איז געווען א קלאָרער זומערטאָג. און א שטויב איז געשטאַנען, אז ביז איצט, ווען איך דערמאָן זיך אָן אים, הייב איך אָן ניסן.

מײַן באַריידעוודיקער און העלדישער באַלעגאָלע האָט דעם גאַנצן וועג מיר דערציילט וועגן זײַנע מילכאָמע־פּאַסירונגען:

— ...אָט אַזויאַרום, טײַערער כאַווער, האָט אונדזער קאָמאַנדשאַפט אָפּגעגעבן דעם סוינע פּערעמישל. דאָס איז דאָך אַן עמעסער סקאַנדאַל — אָפּגעבן דעם קעגנער אזא פעסטונג. און פאַרוואָס האָט מען זי אָפּגעגעבן? זייער פּאָשעט. מע האָט ניט געפאָלגט.

— וועמען האָט מען ניט געפאָלגט?

— מיך!

— אײַך?

— יאָ, מיך! מע האָט ניט געפאָלגט! אָט דערפאַר האָט זיך אַלץ אַזוי באַקומען. איר כידעשט זיך? איך האָב אין יענער צײַט זיך אויך געכידעשט. און א וווּנדער האָט בא מיר אַרויסגערופן די נאַטשאַלסטווע, וועלכע איז באַגאַנגען אַזעלכע טאָעסן. אָט הערט זיך צו. אַגעוו, איר זײַט קיינמאָל ניט געווען קיין מיליטער־מאַן? קיינמאָל? א שאָד. אויב אַזוי, האָט איר דאָך קיין האַסאָגע ניט אין סטראַטעגיע. איר וועט מיך ניט אינגאַנצן פאַרשטיין. נאָר פונדעסטוועגן הערט מיך אויס. מיר זײַנען געשטאַנען הינטער פּערעמישל. דער סוינע אַטאַקירט אָן אופהער. און אָט איך, א פּראָסטער סאָלדאַט, זע, אז אונדזער אַרמיי האַלט זיך ניט בא דער דיסלאָקאַציע. אַך, גאָט מײַנער, איר ווייסט דאָך ניט, וואָס איז אַזוינס דיסלאָקאַציע. נו, מיילע, עס מאַכט ניט אויס. קורץ גערעדט, איך גיי צו צו אונדזער פּאָלקאָווניק און זאָג:

— וואַשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע! מיר דוכט, אז אויב מע זאָל די אַרטילעריע אוועקשטעלן אפן רעכטן פלאַנג און די אינפאַנטעריע א רוק טאָן...

ער האָט מיך אַפילע ניט אויסגעהערט ביזן סאָף, אָט דער פּאָלקאָווניק. זײַנע אויגן האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט בלוט און ער האָט מיט אַלע קויכעס א געשריי געטאָן:

— Молчать!

דערבײַ אַפילע עפּעס א זאָג געטאָן וועגן מײַן מאַרדע, נאָר איך האָב ניט דערהערט: עס איז געווען א גרויסער טומל.

איך בין, פאַרשטייט זיך, אַנשוויגן געוואָרן. און אין צוויי טעג אַרום האָט מען אָפּגעגעבן פּערעמישל.

איצט פאַרשטייט איר?

* * *

די פריצישע הויפן פון די פּוילישע מאַיאָנטקעס אין אוקראַיִנע און ווײַסרוסלאַנד האָבן זיך געפונען דעריקער אף ניט הויכע בערגלעך.

אָט שטייען מיר צופוסנס פון אזא בערגל. דאָס איז דער געוועזענער גוטבאַזיץ פון עפּעס א געוועזענעם גראַף. די טויערן זײַנען באַפּוצט מיט זײַלן און מיט לייבן אָן נעז. פון אונטן פירט צום הויף אַן אַליי פון בערעזע־ביימער. איצט געפינט זיך דאָ די פאַרוואַלטונג פונעם קאָלווירט „נעזאַמאָזשניק“.

ניט דערפאָרנדיק א מעטער הונדערט ביז די טויערן, האָט הירש אינמיטן געלויף אָפּגעשטעלט זײַנע לייבן און, א קער טוענדיק זיך אין מײַן זײַט, פײַערלעך געזאָגט:

— טײַערער און כאָשעווער כאַווער! נאָך גאָר ניט אַזוי לאַנג צוריק וואָלטן ניט מײַן פוס, ניט אײַער פוס ניט געקאָנט אַפילע נאָענט צוגיין צו אָט דעם אָרט. און איצט — עך, מײַנע ליבע!.. עך, מײַנע טײַערע!..

ער האָט וווּליונגעריש אַ פֿײַף געטאָן, אַ שמיץ געגעבן די פֿערד און מיר זײַנען ווי אַ וויכער אַרײַנגעפֿלויגן אינעם הויף פֿונעם געוועזענעם גראַפֿישן מאַיאָנטעק, אופֿהייבנדיק גאַנצע זײַלן שטויב.

ווען איך בין געקומען אין קאַלווירט, איז שוין געווען האַלבער טאָג. אין געגנטקאָם פֿון דער פּאַרטיי און אין דער רעדאַקציע פֿון דער געגנטלעכער צײַטונג האָט מען מיר שטאַרק געייצעט, איך זאָל באַזוכן אָט די מוסטערהאַפֿטעווירטשאַפֿט און נעענטער באַקענען זיך מיט די צוויי יאַקאָוס: מיטן פֿאַרזיצער פֿונעם דאָרפֿסאָוועט יאַקאָוו אַניסימאָוויטש קראַווטשוק און מיטן פֿאַרזיצער פֿונעם קאָלווירט יאַקאָוו מיכײַלאָוויטש גאָלוב.

אין דער קאָלווירט־פֿאַרוואַלטונג האָט דער אַלטער נעטשיפּאָר, דער וועכטער, העפֿלעך מיר געזאָגט, אַז דער כאַווער קראַווטשוק איז איצט ניטאָ אין דאָרף — ער איז הײַנט גאַנצפֿרי אַוועקגעפֿאָרן אינעם ראַיאָן אַף עפּעס אַ באַראַטונג. און דער כאַווער גאָלוב געפֿינט זיך איצט גיכער פֿאַר אַלץ לעבן די סקלאַדן, די סקלאַדן געפֿינען זיך ניט ווײַט פֿון דער נײַער שול, און די שול — באַם סאַמע בריקל, דאָס בריקל — לעבן קלוב, דער קלוב — הינטער דעם דאָרפֿסאָ־וועט און דעם דאָרפֿסאָוועט איז דאָך מיט דער האַנט צו דערלאַנגען.

באַקומען אַזאַ פּינקטלעכן אַדרעס, בין איך אַוועק אין דאָרף אַרײַן. דאָ, לעבן די סקלאַדן, איז פֿאַרגעקומען מײַן ערשטע באַקאַנטשאַפֿט מיט יאַקאָוו מיכײַלאָוויטש גאָלובן.

אַ פֿערציקיאָריקער מאַנספּאַרשוין מיט פֿעסטע פּלייצעס, העכער פֿון מיטעלן וווּקס, בלאָנדע צעשויבערטע האָר, טונקעלע פֿאַרטראַכטע אויגן, אַ פֿריילעכער שמייכל, אַן אוקראַיִניש אויסגענייט אויבערהעמד. אָט אַזאַ איז פֿאַרבליבן אין מײַן זיקאָרן דער קאָלווירט־פֿאַרזיצער גאָלוב.

מיר זײַנען אַוועק מיט אים איבער די דאָרפֿישע ציכטיקע גרינע גאַסן. יאַקאָוו מיכײַלאָוויטש האָט אײַנגעהאַלטענערהייט, ווי מוירע האָבנדיק, אַז דער גאַסט זאָל אים ניט כוישעד זײַן אין באַרימערײַ, דערציילט וועגן דעם קאָלווירט, וועגן זײַנע סעדער, וועגן דער פּאַסעקע און פּיצוכט־פֿערמע.

פּויערים, פּויערטעס, יונגע יאַטן, מיידלעך, קינדער האָבן מיט גרויס דרעכערעץ זיך געגריסט מיטן פֿאַרזיצער. און ער, דער פֿאַרזיצער, האָט ניט נאָר פֿריילעך געענטפֿערט אַף די באַגריסונגען, — ער האָט זיך באַמיט יעדערן „פֿאַרטשעפּען“.

— ווי גייען די געשעפֿטן, האַרפּינאַ? פֿאַרוואָס איז אַף דיר אַזוי בייז סעמיאָן, האַ?.. גוטמאָרגן, מיקאָלאַ סטעפּאַניטש, וואָס הערט זיך מיט דײַנע רעוומאַטיזמען?.. אַ גרוס, אַ גרוס, אָקסאַנע, פֿאַרוואָס ביסטו ניט אין גאָרטן?.. היי, מיטקע, וווהין ביסטו, יונגאַטש, אַנטלאָפֿן? נאָכאַמאָל געכאַפּט אַ צוויי פֿאַר אַריפֿמעטיק?..

מיר האָבן שפּאַצירט מיטן כאַווער גאָלוב איבערן דאָרף אַ שאָ צוויי, אויב ניט מער. דערנאָך האָט ער מיטאַמאָל אַ קוק געגעבן אַפֿן זייגער און געגומען זיך אײַלן:

— איך בעט אײַך זייער אַנטשולדיקן. איך מוז אײַך אַף אַ קורצער צײַט איבערלאָזן אַליין. אַף דער פֿערמע איז פּונקט איצט אַ באַראַטונג. איר וועט באַ מיר עסן מיטיק. גוט? איר וועט קומען צו מיר אַף נאָכטלעגער. אומבאַדינגט! דערווײַל — אַ גוטן.

... און אָט בין איך ווי מעגולגל געוואָרן אין גאָגאָלס צײַטן, עס האָט מיר דערמאָנט אינעם „סאָראָטשינצער יאַריד“ און אין דער „מײַ־נאַכט“.

באַם טיש האָוועט די שוואַרצבערעמענדיקע האַנאַ, דעם באַלעבאָס' ווײַב, אַן אויסגעפּוצטע אין פּינקלענדיקע קאָרעלן, רויטע סטענגעס, אין אַן אויסגענייטער ספּידניצע און אין געלע לעדערנע שיכלעך אַף הויכע קנאַפּל.

אַפֿן טיש — היימישע מאַשקאָעס, אַ פֿאַן מיט געפּרעגלטע ווורשט, האָלעשקעס, וואַרעני־קעס, געפֿילטע מיט ווײַנשל, און נאָך אַנדערע געשמאַקע מײַכאָלים, פֿון וועלכע מע לעקט די פֿינגער.

נאָר ניין. גאָגאָלס מײַסעס האָבן אָהער קיין שײַכעס ניט. אַ באַווײַז איז דאָס, וואָס לעבן מיר זיצט באַם טיש דער פֿאַרזיצער פֿונעם קאָלווירט.

יאַקאָוו מיכײַלאָוויטש גאָלוב דערציילט מיר וועגן די קאָלווירטישע איניאַנים. ער דער־ציילט מיט אַ זאַפּטיקער שפּראַך, מיט היץ, זײַנע טונקעלע פֿאַרמאַכטע אויגן צינדן זיך פֿון צײַט צו צײַט אָן מיט יענעם פֿײַער, וואָס הייסט אַף דער שפּראַך פֿון דיכטער און קינסטלער — באַגײַסטערונג.

נאָכן מיטיק, ווען מע האָט דאָס געפֿעס אַוועקגעטראָגן אין דער צווייטער העלפֿט כאַטע, האָט כאַווער גאָלוב לאַנגזאַם פֿאַרדרייט אַ ציגײַער מאַכאָרקע, פֿאַרייכערט, מיט האַנאַ זיך פֿאַרצויגן און פּלוצעם מיט אַ פֿריילעכן שמייכל אַ זאָג געטאָן:

— צי ווייסט איר, טײַערער כאַווער, אַז איך בין אַ ייִד?

ער איז מיט גאָרנישט ניט ענלעך אַף קיין ייִדן, אָט דער עכטער אוקראַיִנער, — ניט מיטן פּאָנעם, ניט מיט זײַן שטים, ניט מיט זײַן אופן פון ריידן.

— יאָ, איך בין אַ ייִד. און אויב איר פּוילט זיך ניט, טײַערער כאַווער, קאָן איך אײַך דערציילן מײַן געשיכטע. מאַסקים?

איך בין, פאַרשטייט זיך, מאַסקים, און יאַקאָוו מיכײַלאָוויטש האָט אָנגעהויבן:

— בא אונדז אין דאָרף, אָט אינעם זעלבן דאָרף, ווו מיר מיט אײַך געפינען זיך איצט, האָט געוווינט אַ ייִד מיטן נאָמען מיכל גאַלוב. דאָס איז געווען מײַן טאַטע. ער איז געווען אַ קאָראָבייניק — אין זײַן אָרעם קערבעלע פלעגט ער אַרומטראָגן איבער די אַרומיקע דערפער אַ גאַנצן אוניווערמאַג: קעמעלעך, נאָדלען, פאָדעם, פּאַטשערקעס, קאַלאַקאָטקעס, סטענגעס, געהאָפּטענע שפּיצן, בילדלעך און אַלץ, וואָס דאָס האַרץ גלוסט.

בא דעם אַלטן מיכל איז געוואַקסן אַ זון יאַשע — אַ ייִנגל אַן אָקשן און אַ גרויסער שטיפער. דאָס ייִנגל, ווי איר פאַרשטייט אַליין, בין איך.

נאָך קינדווײַז האָב איך זיך באַפרײַנדעט מיט אַ שכיינעסדיקן יאַט, וועמען מע האָט גערופן יאַשקע קראַווטשוק. איצט הייסט ער יאַקאָוו אָניסימאָוויטש קראַווטשוק און איז פאַר־זיצער פון דאָרפסאָוועט. אַ שאָד, וואָס ער איז איצט ניטאָ אין דאָרף. אַ גאָלדענער מענטש איז ער.

צוזאַמען מיט יאַשקע קראַווטשוקן האָבן מיר געטריבן טויבן, געקראָכן, לעמײַ זאָל איך ליגן זאָגן, אין פרעמדע סעדער, געפּיטערט די פערד, געזונגען קאָזאַקישע לידער און געצונדן אין די סטעפּעס ריזיקע שײַטערס.

ווען מיר זײַנען אונטערגעוואַקסן, זײַנען מיר, דיביידע יאַקאָווס, אָנגעקומען אַלס באַ־טראַקן אין די מאַיאַנטקעס פונעם גראַף נעדזוועצקי.

אָט אַזוי איז באַשערט געווען, עס זאָלן פאַרייניקט ווערן די לעבנס פון צוויי יאַקאָווס. פאַרייניקט ווערן פעסט און אַף לאַנג — ביז הײַנטיקן טאָג, טײַערער כאַווער.

אין די יאָרן פונעם בירגערקריג זײַנען ביידע יאַקאָווס געווען פּאַרטיזאַנער און זיך גע־שלאָגן קעגן סקאָראָפּאַדסקין, קעגן פּעטליורען, קעגן די דײַטשן.

דערנאָך האָבן ביידע יאַקאָווס אָרגאַניזירט בא אונדז אין דאָרף די סאָוועטנמאַכט: קראַוו־טשוק איז געוואָרן פאָרזיצער פונעם דאָרפסאָוועט, איך — אָנפירער פונעם קאָמיטעט פון „קאָמנעזאַם“.

עס האָט זיך אָנגעהויבן דער קאַמף פאַר קאָלווירטן. און ווידער האָבן ביידע יאַקאָווס צו־זאַמען געקעמפט קעגן די באַלעגופים און קעגן קאָלעדליי סאָנים. מיר האָבן אָרגאַניזירט אונדזער קאָלווירט, איינעם פון די ערשטע אין ראַיאָן. און די קאָלווירטניקעס האָבן מיך אויסגעוויילט אַלס פאָרזיצער. פון דעמלט אָן, טײַערער כאַווער, געפין איך זיך אַף מײַן פּאָסטן. אָט האָט איר מײַן גאַנצע ביאָגראַפיע.

— זאָגט מיר, יאַקאָוו מיכײַלאָוויטש, און ווי באַציִען זיך צו אײַך די פּויערים?

— ווי איך פאַרשטיי, באַציִען זיי זיך ניט שלעכט. איך וואָלט אַפילו געזאָגט — גוט.

— נו, און דאָס, וואָס איר זײַט אַ ייִד? עס עקזיסטירן דאָך, ווי איר ווייסט מיסטאָמע, אָפּגעשטאַנענע שטימונגען.

— אָך, אָט דאָס מיינט איר? ניין, דאָס האָב איך אין אונדזער דאָרף ניט געפילט. און אָט האָט איר אַ באַווײַז: אַ היגער בעקאָוועדיקער אײַנוווינער האָט אָפּגעגעבן מיר פאַר אַ ווײַב זײַן טאָכטער האַנאַ און דאָס גאַנצע דאָרף, געדענק איך, האָט געהוליעט אַף מײַן כאַסענע. דאָס האָט אויך עפּעס וואָס צו זאָגן, טײַערער כאַווער.

* * *

און אָט הײַנט לייען איך די צײַטונג.

אַף דער ערשטער זײַט — אַן אוקאַז. פאַר די דערפאָלגן, וועלכע זײַנען דערגרייכט גע־וואָרן אין דער אַנטוויקלונג פון דער לאַנדווירטשאַפט, ווערן באַלוינט מיטן לענין־אָרדען — גאַלוב יאַקאָוו מיכײַלאָוויטש, קראַווטשוק יאַקאָוו אָניסימאָוויטש.

אָט אַזוי האָב איך אין פינף און צוואַנציק יאָר אַרום זיך ווידער געטראָפן מיט די צוויי יאַקאָווס.

ייִדיש — מ. איטסקאָוויטש.

כאצקל נאדעל

# דאָס לענין-געשטאַלט אין דער ייִדישער סאָוועטישער דיכטונג

(נאָטיצן פון א ביבליאָגראף)

ווי א גאָלדענער פאָדעם גייט דורך די לענין־טעמע, דאָס לענין־געשטאלט אין דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור. יעדער דיכטער, יעדער פראָזאַיקער זוכט די ווארעמסטע ווערטער, די שענסטע פארבן צו מאָלן און אויסדריקן די ליבע פונעם פּאָלק צו לענינען.

נאָך בא לענינס לעבן האָבן זיך באוויזן לידער, ווו עס ווערן געמאכט די ערשטע פּרוּוון צו שילדערן דאָס לענין־געשטאלט. אין 1922 האָט די קיִעווער צײַטונג „קאָמוניסטישע פאָן" פארעפנטלעכט א ליד „לענין". זי איז געווען געדרוקט אָן אן אונטערשריפט. יאָרנלאנג האָט מען זי איבערגעדרוקט אין פארשיידענע זאמלונגען און כרעסטאָמאטיעס. ערשט אין 1931 איז באוווּסט געוואָרן, אז די ליד איז ניט קיין אנאָנימע, נאָר זי געהערט צום דיכטער מוישע כאשטשעוואצקי, וואָס האָט דער ערשטער זיך פארמאָסטן צו געבן א פּאָרטרעט פונעם לעבעדיקן לענין:

דער גרויסער שארבן
פעסט און הויך און קופּלדיק פארשפיצט,
די אויגן־נעסטן — ווײַט־צעשטעלטע שמאָלע שפאלטן.
זיי קאָנען קינדערש־ווייך און שמייכלענדיק א
שטראל טאָן,
זיי קאָנען טאָן מיט הארטן שטאָל א בייזן קריץ.

דער גרויסער שארבן אף ברייטע שטארקע אקסלען
זיצט,
אף אקסלען,
וועלכע האָבן קיינמאָל זיך פאר קיינעם ניט
געבראָכן,
און ס'האָבן קיינמאָל ניט געפעלשט די פעסטע
פיס
אף וועגן שווערע פון מאפּאָלעס צו ניצאָכן.

מיט א יאָר שפּעטער באווײַזן זיך אין מינסקער „יונגן ארבעטער" מוישע טייפס צוויי לידער, געווידמעט לענינען. אין דער ערשטער ליד לאכט אויס דער דיכטער „די אלטע וועלט", וואָס פרייט זיך מיט דער יעדיִע וועגן לענינס קראנקהײַט. אין דער צווייטער ליד, געווידמעט לענינס געבורטסטאָג, — „22 אפּרעל 1870", באזינגט טייף די לענין־קראפט, וואָס איז געקומען ארויסצוציִען די מענטשהײַט פון א „וועלט פון נויט, וועלט פון פּײַן!"

פעסטער,
שטארקער,
יוגנט־גלעקער!
קלאפּט אין יעדער טיר!
מיר — די פרײַהײַט,
מיר — די צוקונפט,
לענין — זײַנען מיר!

הערט, ווי ס'גייען
יונגע רייען,
רייען אָן א שיר,
לענין
גייט מיט אונדז צוזאמען,
לענין — זײַנען מיר!

מיט גרענעצלאָזן טרויער האָבן אונדזערע דיכטער אויסגעדריקט דעם גרויסן צאר און ווייטעק, וואָס דאָס סאָוועטישע פאָלק און די פּראָגרעסיווע מענטשהײַט פון דער גאָרער וועלט האָבן איבערגעלעבט אין די טעג פון צעשיידן זיך מיט לענינען.

אין אָט די טעג האָבן די ייִדישע שרײַבער פארעפנטלעכט אין דער פּרעסע לידער, דערציילונגען, זיכרוינעס, געווידמעט לענינען. דעם 25 יאנואר ווערט אין דער „קאָמוניסטישער פאָן" געדרוקט א געמיינזאמע ליד פון אווראָם וועלעדניצקי און איציק פעפער, אין וועלכער די דיכטער באצייכענען, אז „דאָס גאנצע לאנד האָט הײַנט געטאָן א ציטער". איינצײַטיק קלינגט דורך אין דער ליד דער רוף: „זײַט גרייט באשיצן דאָס מעכטיקע לענין-לאנד". אין דער זעלבער

צײַטונג, אַף מאָרגן, באַווײַזט זיך מאָטל שאַפּי־ראָס א ליד „אונדזער לענין״, איציק פעפער דרוקט אָפּ אין אָט די טעג זײַן ליד „איליטש״, וואָס איז שפּעטער געוואָרן זייער פּאָפּולער און א סאַך מאָל איבערגעדרוקט. אין „עמעס״ דרוקט זיך א ליד פון אַרן קושניראָוו דער „21־טער יאַנוואַר 1924״, יוסף ראַבינס א ליד „באַם אָרן״.

אין דעם טאָג פון לענינס לעווײַע איז דער־שינען אַן איינמאָליקע אויסגאַבע פון די מאָסק־ווער יידישע שרײַבער. די זאַמלונג האָט געהייסן „לענין״. און דאַטירט איז זי געוואָרן אַזוי:

„מאָסקווע, טרויער־טעג, זונטיק, 27 יאַנוואַר 1924״.

אין דער זאַמלונג „לענין״ האָבן זיך באַטיי־ליקט די שרײַבער נ. אויסלענדער, ז. אַקסעלראָד, ש. גאָדינער, מ. דאַניעל, י. דאָברושין, ש. האַלקין, ד. האָפשטיין, א. וועוויאָרקע, אי. כאַריק, מ. כאַשטשעוואַצקי, ש. פּערסאָוו, ע. פינינבערג, א. קושניראָוו, ש. ראַסין, ל. רעזניק.

שוין אין די ערשטע ווערק, וואָס זײַנען געשריבן געוואָרן גלײַך נאָך לענינס טויט, האָט געקלונגען ניט נאָר גרויסער טרויער, — אויך גרויסע זיכערקײַט, טיפער גלויבן אין לענינס אידייען, אין דעם, אַז לענין לעבט און וועט לעבן אייביק. אינעם טרויער־נומער פונעם יוגנטלעכן זשורנאַל „יונגוואַלד״ לייענען מיר ש. ראַסינס באַהאַרצטע שורעס:

ווער זאָגט עס, ווער זאָגט עס,
אַז ער איז שוין טויט,
אַף צעפלאַקערטן באַרג פון באַנײַונג?
אַז בא קרעמעליער וואַנט
אין מאָסקווע דער שטאָט
איז נעכטן געווען די לעווײַע?

האָט קיינער פון אײַך ניט דאָס שאַלן געהערט
פון טיף און פון ברייט און פון אויבן:
אַז נאָר אַף א ווײַלע געשטאָרבן איז ער,
קעדיי צו דערוואַכן אַף אייביק...

ראָסינס ליד רופט זיך איבער מיט מאַיאַקאָוו־סקיס „ניין״, וואָס איז פאַרעפנטלעכט אין דעם זעלבן נומער אין דער איבערזעצונג פון א. קאָוונער, וועלכע איז אַגעוו געווען איינע פון די ערשטע איבערזעצונגען פון מאַיאַקאָווסקין אין יידיש.

„ניטאָ און לעבט״ רופט אָן זײַן ליד י. ראַבין, „דײַן לעבן שטאַרקער איז פון טויט״ איז דער גרונט־מאָטיוו פון מירע כענקינעס ליד. דיביידע לידער זײַנען אויך געווען געדרוקט אין דעם טרויער־נומער.

די יידישע סאָוועטישע דיכטונג באַזינגט לענינען — דעם מענטשן, בא וועמען מע דאַרף זיך לערנען מענטשלעכקײַט, לענינען — דעם פירער פונעם וועלט־פּראָלעטאַריאַט, לענינען — די האָפענונג און טרייסט פון די געיאָגטע און געפּלאָגטע אין דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט, לענינען — דעם שעפער און בויער פון דעם ערשטן סאָציאַליסטישן לאַנד אין דער וועלט.

ס׳איז דאָ א וואָרט, וואָס וועט א וועג אונדז ווײַזן,
און ס׳לעבן מענטשן פּראָסטע אָן א צאָל,
ס׳איז דאָ א לאַנד פון פעלדער און פון אײַזן,
א לענין־לאַנד פון קאָרן און פון שטאָל.

אַזוי האָט פעפער אין יענע יאַנוואַר־טעג איבערגעגעבן די געפילן פונעם סאָוועטישן פאָלק, וואָס האָט זיך געזעגנט מיט לענינען.

* * *

אין די ווײַטערדיקע יאָרן ווענדן זיך ווידער און ווידער די יידישע דיכטער צו דער טעמע לענין. עס שטראָמט א קוואַל פון פּאַטעטישע שורעס, פול מיט ליבע און אכטונג צום גרויסן לענינען.

יעדער דיכטער זוכט די רירנדיקסטע און פינקטלעכסטע ווערטער אַף אויסדריקן די דאָזיקע געפילן:

...ווערט הייס אין האַרץ, דאָס האַרץ הייבט
אָן צו ברענען,
עס גיט א ריס, עס גיט א טראָג פון שטוב,
פון יעדן רויטן פלאַץ רעדט ווידער צו אונדז לעניך,
און יעדער רויטער פלאַץ וויגט זיך שוין און רופט!
(איזי כאַריק)

איז העכער פון בערג
און העלער פון לויטערע שטראָמען, —
דער טײַערער נאָמען.
(לייב קוויטקאָ)

אַף זײַן האַנט אַף דער געשטרעקטער צו דער פרײַ,
אַף זײַן האַנט אַף דער געשטרעקטער אין דער
צוקונפט
הייבן זיך פעלקער אויף פון פײַן און שקלאַפערײַ
נ׳ווי אַף א האָפענונג א ליכטיקער זיי קוקן...
(פּערעץ מאַרקיש)

פון שאַכטעס פון טיפע
ביז פלאַם פון מאַרטענען,
ביז מאַסטבוים אַף שיפן —
לענין.
(שמואל האַלקין)

אין 1928 דערשײַנט די ערשטע לידער־זאַמלונג „לענין אין דער יידישער פּאָעזיע״*, וווּ עס זײַנען צונויפגענומען בא דרײַסיק לידער.

דעם לייטמאָטיוו פון דער דאָזיקער זאַמלונג האָט אויסגעדריקט מאָטל שאַפּיראָ:

נישט פאַר סאָנים זיך צו פרייען,
נישט פאַר זיי צו הייבן פענער,
ס׳וועט זײַן נאָמען ניט פאַרגיין,
ס׳לעבט אַף אייביק אונדזער לענין.

---

* כאַרקאָוו, צענטרפאַרלאַג, 1928, 36 ז.

אין דער זעלבער זאַמלונג, אין א ליד פון כאַים לויצקער, קלינגט נאָך שטאַרקער דער גלויבן, אז דאָס סאָוועטישע פאָלק גייט מיט זיכערע און פעסטע טריט אפן וועג, מיט וועלכן לענין האָט אונדז געפירט:

ער רוט אין זיכערקייט, אז ס'ריכטיק דער מאַרשרוט,
אז ס'וועלן ניט אין וועג פאַרבלאָנדזשען די מאַטראָסן,
אז ס'וועט גענוג זיי קלעקן העלדישקייט און מוט —
אף צושווימען צום ברעג, וואָס ער האָט זיך
פאַרמאָסטן.

א סאך אונדזערע דיכטער פלעגן זייערע נײַע זאַמלונגען אלס קלאל עפענען מיט לידער, געווידמעט לענינען. אָט דער פאַקט אליין זאָגט אײדעס, אז דאָס לענין-געשטאַלט האָט ניט אופגעהערט צוציִען די אופמערקזאַמקייט פון אונדזערע וואָרט-קינסטלער, דערבײַ האָבן זיי זיך קלאָר פאַרגעשטעלט, וואָס פאַר א גרויסע אכרײַעס עס ליגט אפן דיכטער, וועלכער נעמט זיך צו דער דאָזיקער טעמע.

אין א ליד, געווידמעט די קינסטלער, וועלכע שטרעבן צו ווײַזן דאָס לענין-געשטאַלט, דריקט אויס דאָוויד האָפשטיין דאָס גרויסע גליק פון די, וואָס האָבן זוכע געוועזן צו לעבן אין איין דאָר מיט לענינען, — דעריבער איז ער מאַסרע אונדזערע קינסטלער, אז דאָס לענין-געשטאַלט מוז געמאָלט זײַן עמעסדיק און ערלעך:

אין אַלדאָס רויש פון פרייד און שטורעמדיקן שאַלן
זײַן יענע שטים זאָל הײַנט נאָך יעדערער דערהערן,
זײַן מענטשלעך בילד, ווי ס'איז געווען, זאָל רײַך
באַשטראַלן
פון גרויסן לאַנד די נײַע שיידוועגן און קערן.
(„אין אונדזערע טעג", קיִעוו, 1939).

גלײַכצײַטיק מיט די לירישע לידער, אין וועלכע עס ווערן פאַרצייכנט איינצלנע שטריכן פונעם לענין-געשטאַלט, באַווײַזן זיך גרעסערע ווערק, באַלאַדעס און פּאָעמעס, געווידמעט לענינען.

אין 1926 דערשײַנט כאַים גילדינס „לעני-ניאַדע". באַ אלע כעסרוינעס, וואָס אָט די ערשטע פּאָעמע וועגן לענינען האָט געהאַט, טאָר זי ניט אראָפּגעוואָרפן ווערן פון דער וואָגשאָל. מער פאַרבנרײַך איז די שילדערונג פונעם לענין-געשטאַלט אין די פּאָעמעס פון עזרא פינינבערג, מוישע כאַשטשעוואַצקי און בוזי אָלעווסקי.

כאַשטשעוואַצקיס פּאָעמע „לענין" געהערט צום ביִאָגראַפישן זשאַנער. דאָס איז א דיכטערישע כראָניק פון לענינס לעבן. ביִאָגראַפיש איז אויך פינינבערגס פּאָעמע „סימבירסק", ווו עס ווערט באַזונגען לענינס היימשטאָט. גאָר אן אנדער קינסטלערישע אופגאַבע האָט פינינבערגס צווייטע פּאָעמע — „טעלעגראַמעס". זי באַווײַזט, ווי פּאָפּולער און באַליבט איז געוועזן לענין באַם פאָלק, און ווי לענין, כון זײַן זײַט, האָט געזאָרגט פאַרן פאָלק, פאַר קליין און גרויס.

האָט א בריוו דער טאַטע אָנגעשריבן לענינען:
„לענין, ווײסן זײַ: אזוי און אזוי.
אינצווייען זײַנען מיר געבליבן נאָך דעניקינען,
אָן א שטוב און אָן א העמד,
איך מיט צאַליקן. די טעג פון הונגער שטיקן אונדז,
מיר קרענקען אין דער קאַלטער פרעמד".

און ווײַטער גייט דער טאָך פון דער באַקאָשע: מע זאָל צאַליקן ארײַנעמען אין א קינדערהיים.

ניט נאָר צאַליקן האָט מען ארײַנגענומען אין קינדערהיים, דערציילט דער דיכטער, — לויט לענינס פערזענלעכער אָנווײַזונג זײַנען געראַטעוועט געוואָרן מיליאָנען אומגליקלעכע און עלנטע קינדער, וואָס זײַנען געבליבן אָן א היים, אָן א דאַך אין די גרויזאַמע יאָרן פון בירגערקריג.

דאָס געשטאַלט פון לענינען אפן פאָן פון בירגערקריג שילדערט אויך אין זײַן פּאָעמע „באַ לענינען" דער דיכטער בוזי אָלעווסקי. די האַנדלונג קומט פאָר אין א שטעטל אף אוקראַינע אין דער צײַט פון די פּעטליורישע שכיטעס.

און עס שוידערט און גרוילט. און די רעטונג איז
ווײַט,
איין קעלער דערווײַל האָט דאָס אומגליק
פאַרמײַדט, —
אינעם קעלער איז שטיל, אינעם קעלער איז נאַכט.
דאָרט האָבן אין גרויל זיך די ייִדן דערטראַכט:
זאָל לאָזן זיך איינער צו לענינען גיין,
זאָל לאָזן א מענטש זיך צו לענינען בעטן:
די רויטע אַרמיי ער זאָל שיקן אין שטעטל...

און ווײַטער ווערט דערציילט ווי דער שאַליִעך פון שטעטל, שימען דער שמיד, קומט, ענדלעך, אין קרעמל צו לענינען:

און לענין, ווי זײַן וואָלט זײַן אלטער באַקאַנטער,
דאָס געלבלעכע בערדל פאַרקוועטשט אין דער האַנט,
דעם קאָפּ אף א זײַט, און פאַרזשמורעט אן אויג,
נעמט שימענען פרעגן,
דערציילן ער בעט אים,
וואָס מערער דערציילן זאָל שימען אצינדער:
ער פרעגט אף דעם ווײַב,
פרעגט זיך נאָך אף די קינדער,
און ווי איז מיט ברויט
און וואָס הערט זיך אין שטעטל...

* * *

אין אָט די נאָטיצן האָבן מיר פאַרצייכנט בלויז איניקע ווערק, וואָס אונדזערע דיכטער האָבן געווידמעט לענינען. עס איז קיין ספּעק ניט, אז די ליטעראַטור-פאָרשונג, קריטיק און ביבליִאָגראַפיע וועלן פאַרזעצן אָט די וויכטיקע אַרבעט און דערבײַ ווענדן א באַזונדערע אופמערקזאַמקייט אף די ווערק, וועלכע ווערן געשאַפן אין די איצטיקע טעג.

אויזער האַלדעס

# ווי שלאָגט דער דויפּעק?

(געדאַנקען וועגן אונדזער פּראָזע)

## אַ קליינער זשאַנער מיט גרויסע מעגלעכקייטן



ס זײַנען שוין דערשינען פיר נומערן פון זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד". און ס'איז פּאַראַן, ווי מיר דוכט, גענוג מאַטעריאַל צו באַטאַנען דאָס פרישע, וואָס האָט זיך באַוויזן אין אונדזער פּראָזע, און אויך באַמערקן די שוואַכקײַטן, וועלכע שטערן.

וואָס פאָדערן מיר פון אַ ליטעראַריש ווערק? דעם אָטעם פון דער צײַט. מיר ווילן, עס זאָל אַ ווייע טאָן מיט אונדזער גרויסער און הערלעכער עפּאָכע, מיט דעם קאַמף פאַר שאָלעם אױף דער וועלט, מיט דעם היסטאָרישן מאַרש צום קאָמוניזם, מיט די נײַע מאָראַלישע ווערטן און מאָסן, וואָס ווערן געשמידט און פאַרהאַרטעוועט אין גאָר ניט קיין גרינגע אומשטענדן.

דער לייענער גאַרט צו באַקענען זיך מיט אַ שרײַבער, וואָס איז אימשטאַנד ניט בלויז נאָכגיין פּוסטריט דעם הײַנט, נאָר אויך פאָרויסגיין און פאָרויסזען. די געווינים אין דער וועלט־ליטעראַטור האָבן שטענדיק געטרוימט צו באַהערשן אָט די זעלטענע אייגנשאַפט...

צי הייסט דאָס, אַז דער נעכטן ווערט אָפּגעשלײַדערט? בעשום־אויפן ניט! מע קאָן שרײַבן וועגן בירגערקריג, וועגן פאַריקן יאָרהונדערט, און עס זאָלן זיך פילן אונדזערע 60־ער יאָרן. מע קאָן ווידער אָנשרײַבן אַ ווערק אָף דער אקטועלסטער טעמע, און זי זאָל שמעקן מיט... דער באָבעשיס צײַטן. עס איז געוועגדט אינעם אידייישן מעהוס פון דעם שרײַבער, אין דעם, צי ער אַליין איז דער מענטש פון אונדזער צײַט.

דערבײַ וויל איך ניט לייקענען: אויב ריידן וועגן פּראָפּאָרץ, דאַרפן הײַנטצײַטיקע ווערק פאַרנעמען דעם אויבנאָן, בלויז דעמלט קאָן אין דער ליטעראַטור געמאָלט זײַן אַ געזונטע בלוט־צירקוליאַציע.

* * *

יעכיעל שרײַבמאַנס זעקס מיניאַטורן אין דעם ערשטן נומער „סאָוועטיש היימלאַנד" פאַרן 1961 יאָר האָבן נאָכאַמאָל באַשטעטיקט, אַז אָט דער זשאַנער קאָן זײַן רײַך אין אינהאַלט, ניט געקוקט אָף דער קורצקײַט. שרײַבמאַנס מיניאַטורן האָבן אונדז דערמאָנט אין דער טראַדיציע פון פּערעצעס בליציקער ראָמאַנטיש־פילאָסאָפישער קליינער נאָוועלע, אין אוורעם רייזענס פּיצלעך דערציילונגען, געצוימטע, אָן פּליטערלעך, ווי בלײַשטיפט־געמעלן — און דאָך גאַנץ אָפּט סאָציאַל־באַזיניקטע און קינסטלעריש־ווירקנדיקע. זיי זײַנען פּאָעטיש־ליריש, זעען אויס ווי לידער אין פּראָזע, דערין איז זייער אייגנאַרט. צי זײַנען אָבער אַלע מיניאַטורן פון איין ווערט?

אין „פליגל" טוט אַ שײַן אוף די צײַט דורך אַ דעטאַל. עס פאַרט אַ יאַטל רײַטנדיק אָף אַ ווירע און שרײַט, אַז ער פליט אַרום דער ערד, צו דער לעוואָנע. אין זײַן קינדערשער פאַנטאַזיע לייגט זיך גרינג אַרײַן דער באַגער צו אַזאַ רײַזע, זי איז פאַר אים פולקום רעאַל. אָט אַזוי גייט דער גרויסער אופּטו פון אונדזער לאַנד אַרײַן אין לעבנסשטייגער פונעם פאָלק. אין דער מיניאַטור „אַ מאַמע" פאַרשטייט ניט איינע אַ פרוי, וואָס וויל דאָס די פּאַרטיי פון אַ פאַרשוין, וועלכן מע האָט פאַר זײַנע „מײַסים־טויווים" שטרענג באַשטראָפט. זי דערוויסט זיך, אַז די פּאַרטיי וויל, ער זאָל זײַן אַ מענטש. „אַ מענטש? — פרעגט זי איבער, — דאָס זעלבע, וואָס איך וויל פון מײַן וואַלענטינען"... (איר זון, וואָס איז אָפּגעפאָרן אָף אַרבעט און איז ווײַט פון דער מאַמעס אויג). ס'אַרא אינערלעכע פאַרטרויונג צו דער פּאַרטיי! כלעבן, מער ווי אין אייניקע היפּשע דערציילונגען מיט פײַערלעכע דעקלאַראַציעס. די פּאַרטיי וויל פון יעדן, ער זאָל זײַן אַ מענטש. דאָס קלינגט, ווי אַן עכט פאָלקסוואָרט.

די צוויי מיניאַטורן זײַנען באַהויכט מיט אונדזער צײַט. אַנדערע קורצע נאָוועלן שרײַבמאַנס זײַנען שוואַכער. נעמט, אַשטייגער, „שוועסטער". צוויי מעדיצינישע שוועסטער האָבן איבערגעלעבט אַ שווערע נאַכט אין שפּיטאָל. איינע האָט געגומען באַ אַ געווינערן דאָס קינד, די צווייטע האָט קוים אָפּגעראַטעוועט אַ שטאַרבנדיקן. מיר האָבן שוין געלייענט וועגן דעם אָן אַ שיר. וואָס פאַר אַ נײַס האָט אַרײַנגעטראָגן שרײַבמאַן? ווײַזט אויס, אַז די אַזויגערופענע „אייביקע טעמעס" מוזן אויך קריגן די ווײַזע פון

דער צײַט, פֿונעם הײַנט. און ווײַל אָט די „ראָ־זשינקע" פֿעלט, בלײַבן מיר גלײַכגילטיק, כאָטש די זאַך איז פּראָפֿעסיאָנעל ציכטיק אָנגעשריבן...

מיר דוכט, אַז אָט דער זשאַנער מעג און דאַרף ווערן אַ טוישעוו אין אונדזער פּראָזע. יעכיעל שרײַבמאַן מאַכט דאָ אַן אָנהייב. זאָל ער פֿאַר־זעצן, און זאָלן קומען נאָכפֿאָלגער, **פֿאַרשיידנ־אַרטיקע, יעדערער אַף זײַן אופֿן.**

## וועגן ריכטיק שטעלן דעם טראָפּ

אינטערעסאַנט איז אָנצוטאַפּן דעם דויפֿעק פֿון דער צײַט אין ראַבינס גרעסערער דערציילונג „אין אַ שטאָט אַף אוראַל". פּראַים דער צעך־שעף פֿון אַ גרויסן זאַוואָד אַף אוראַל איז אין פּערזענלעכן לעבן עלנט. זײַן מישפּאָכע איז אומגעקומען אין מינסק, ווו ער האָט געלעבט פֿאַר דער מילכאָמע. די דאָקטערשע אַניע איז אויך איינזאַם, און „שוין העכער אַ יאָר ווי זיי געפֿעלן זיך איינער דעם אַנדערן", נאָר צווישן זיי שטייט דער פּריצײַטיק פֿאַרשניטענער פֿון דער וועלט דאַוויד, אַניעס מאַן. ראַבין דערפֿירט די דערציילונג צו אַ גליקלעכן סאָף. דאָס איז דער אויסערלעכער סוזשעט. אָבער אין דעם איז די פּראָבלעם? צי דאָ שלאָגט דער דויפֿעק? ניין! די פּראָבלעם איז אַ סאַך טיפֿער. איך וואָלט זי אַנערעך אַזוי פֿאָרמולירט:

דאָס לעבן אונדזערס איז מעכטיקער פֿון אַלע ליידן, וואָס מיר זײַנען אויסגעשטאַנען, אַפֿילע פֿונעם טרויער נאָך די, וועלכע מיר האָבן אַף אייביק פֿאַרלאָרן. הונדערטער טויזנ־טער לעבנס זײַנען אין דער מילכאָמע־צײַט איבערגעפֿלאַנצט געוואָרן פֿון איין געגנט אין אַ צווייטער, פֿון איין שטאָט אין אַן אַנדערער, פֿון צענדליקער שטעט און הונדערטער שטעטלעך — אוקראַיִנישע, ווײַסרוסישע, ליטווישע און מאָלדאַ־ווישע — אַף אוראַל און קיין סיביר. אַ בוים אַקלימאַטיזירט זיך אַף אַ נײַ אָרט, אַזוי אַקלימאַ־טיזירט זיך אויך אַ מענטש. ליב און אײַנגעבאַקן ווערט אין האַרצן די שטאָט אַף אוראַל, פּונקט ווי די שטאָט באַם דניעפּער. און אַף סווערד־לאָווסקער באָדן, באַ די אוראַלער בערג גייט אויף אַ נײַ לעבן, צעפֿלאַקערן זיך פֿרישע ליבעס מיט דעם זעלבן כיין און נעשאָמע־פֿלאַטער, ווי אונ־טער די קיִעווער קאַשטאַנען...

לויט מײַן מיינונג איז דאָס צענטראַלסטע אין ראַבינס דערמאָנטן ווערק — די באַגעגענישן פֿון פּראַימען מיטן דירעקטאָר פֿונעם זאַוואָד. פֿאַ־רומערט פֿון זײַנע פּערזענלעכע איבערלעבענישן, באַשטימט פּראַים זיך אומקערן קיין מינסק. דער דירעקטאָר, אויך אַ מינסקער, נעמט דאָס אָן ניט מער, ווי אַ מין סטראַשונעק פֿונעם צעך־שעף, קעדיי אַרויסצוקריגן וואָס גיכער די נייטיקע נײַע אויסשטאַטונג פֿאַרן צעך. באַ דער צווייטער באַגעגעניש ווערט אים שוין קלאָר פּראַימס לעבנס־טראַגעדיע. צווישן זיי פֿאַרקניפּט זיך אַ פֿרײַנטלעך געשפּרעך. זיכרוינעס שווימען אָן, גאַסן און פּלעצער, וואָס זײַנען פֿון קינדווײַז טײַ־ער זיי ביידן... קלוג זײַנען דעם דירעקטאָרס ווערטער צו זײַן בען־איר:

„טרייסטן דיך איז ניט שײַעך, וואָס קאָנען דאָ העלפֿן ווערטער? דאָס לעבן האָט זיך אָבער ניט אָפּגעשטעלט. צאַרעס דאַרף מען פֿאַרגעדענ־קען, קעדיי ניט דערלאָזן, זיי זאָלן זיך איבער־כאַזערן, נאָר געדענקען דאַרף מען דאָס לעבן אויך..."

אָט דאָ ליגט דער נײַער שטאָף, אָט דאָ עפֿע־נען זיך לעבנס־פּלאַסטן, צאַפּלדיקער אינהאַלט פֿאַר דער ליטעראַטור.

ווילט זיך זאָגן ראַבינען: דער „עפּיזאָדישער" וויקטאָר וואַסיליעוויטש איז ניט צו פֿאַרגלײַכן אינטערעסאַנטער און וויכטיקער פֿון דער צוויי־טער דאָקטאָרשע אַנאַ אַבראַמאָוונאַ, דער יעגערן נאָך אַ מאַן פֿאַר זיך. דער שרײַבער טראַקטירט זי לײַכט־הומאָריסטיש. און באַדאַרפֿט וואָלט מען גראָד ניט קאַרגן קיין סאַטירישע פֿײַלן. ווען דער אויטאָר פֿאַרנעמט זיך מער מיט וויקטאָר וואַ־סיליעוויטשן, דעם אָנפֿירער און פֿרײַנט פֿון פּראַימען, ווען דאָס פּערזענלעכע (די צווישן־באַ־ציִונגען אַניע — פּראַים) שליסט זיך ענגער אײַן אין דער צענטראַלער ליניע (די נײַע היימ־שטאָט), ווו עס שלאָגט דער דויפֿעק פֿון דער דערציילונג, — וויפֿל וואָלט דאָס ווערק דערפֿון געוווּנען?

אָט אַזוי אַנטשטייט די פּראָבלעם פֿון ריכטיק געשטעלטן טראָפּ. ראַבין האָט אויפֿגעהויבן דעם פֿאָרהאַנג איבער אַ שטיק לעבן, וואָס דאַרף באַ־וויזן ווערן אין אַלע פֿאַרהעלטענישן און אָפּ־צווײַגונגען. דאָ איז פֿאַראַן וואָס צו טאָן, און מיר פֿאַרשרײַבן אַף ראַבינס קאָנטע אַ כוויוו: אונדז קומט פֿון אים אַ ווערק וועגן אָט די שווער און גליקלעך איבערגעפֿלאַנצטע לעבנס, וועגן פֿאַרברייטערטן באַגריף סאָוועטיש היימלאַנד.

## רעמיניסצענץ און הײַנטצײַטיקייט

און דאָ זאָל מיר דערלויבט זײַן קאָנקרעטער זיך אָפּשטעלן אַף דער פֿראַגע וועגן דער ראָליע פֿון רעמיניסצענץ, דערמאָנונג, אין פּראָזע־ווערק. עס איז גרינג צו באַמערקן, אַז אין דער סאָוועטישער ליטעראַטור פֿאַרנעמט זי אַן אָנגעזעען אָרט. אַקטועלע בילדער פֿונעם הײַנט זײַנען אָפֿט ווי דורכגעוועבט מיט דער לירישער, אָדער העראָאישער, אָדער טראַגישער רעמיניסצענץ פֿון געוועזענעם... ניט צופֿעליק פֿלייצט אַרײַן דער נעכטן אין די לויפֿנדיקע טעג. פֿאַר אַ קורצן היסטאָרישן פּעריאָד האָבן מיר אַזויפֿיל איבער־געלעבט, אַז דער זיכּאָרן קאָן ניט שווײַגן. אָבער

ווען עס האנדלט זיך וועגן א קינסטלער, דארף בלויז דער אידייִשער ציל אים דינען אלס קאָמפּאַס. אין א פולקום קינסטלעריש ווערק דארפן דאָס עכטע געפיל און דער קלאָרער געדאנק צונויפגעשמאָלצן ווערן. בלויז אין דער ליטעראַטור פון סאָציִאַליסטישן רעאַליזם קאָן געמאָלט זײַן גלײַכגעוויכט, האַרמאָניע צווישן האַרצן און מויעך. דעמלט וועלן ניט זײַן קיין סטאַרטשענדיקע טענדענצן, וואָס זאָגן גאָרניט דער נעשאָמע, און עס וועלן אויסגעמיטן ווערן צעפלאָסןסענטימענטאַלע געפילן, אין וועלכע עס ווערט דערטרונקען דער געדאנק.

א פּאָר בײַשפּילן וועגן דעם צוזאַמענהאַנג צווישן הײַנט און דער דערמאָנונג. אין בוזי מילערס „אין א האַרבסטיקן טאָג" ווערט דערציילט, ווי מע אַספאַלטירט א גאַס אין דער שטאָט ביראָבידזשאַן. באַם ביראָבידזשאַנער טוישעוו יעשוע פלאַקס שווימט אויף אין זיקאָרן א בילדל פון די באָכערישע יאָרן. דאָרט, ווו מע גיסט איצט פרישן אַספאַלט, האָט מען צוריק מיט פינף און צוואַנציק יאָר דורכגעלייגט איבער דער בלאָטע הויכע שמאָלע בריקלעך, וועלכע האָבן זיך צעוויגט בא יעדן טראָט. „אַף אָט די שמאָלע בריקלעך האָבן זיי [ער מיט זײַן ביילקען] אויסגעשפּאַצירט אין יענע יאָרן זייער ליבע". ווען עס „פלעגט אַנטקעגנקומען נאָך א פּאָרל, איז שוין פאַנאַנדערגיין זיך געווען ניט לײַכט — די „קאַוואַלערן" האָבן געמוזט אַף א ווײַלע אראָפּשפּרינגען אין בלאָטע"...

איר פילט אין דער דערמאָנונג דעם שמייכל? איר זעט די ראָמאַנטישע שײַן, וואָס פאַלט אַף די שווערע צײַטן? און דאָס איז גענוג, עס זאָל ליבער ווערן דער הײַנט, עס זאָל שטאַרקער שלאָגן דער דויפעק. דערפאַר קלינגט נאַטירלעך דער סאָף: קינדער־שטיפער האָבן אַרײַנגעקלעפּט אין דעם ווייכן אַספאַלט שטיינדלעך און אויסגעלייגט די אויסיִעס «Миру—мир!». אַלץ האָבן מיר איבערגעטראָגן צוליב פרידלעכן בויען.

אין ה. בלאָשטיינס דערציילונג „מיטן ברייטן שליאַך" פאָרט א יונגער דאָקטער אַף אַרבעט אין ראַיאָן. ער גייט אראָפּ פון צוג באַנאַכט אין א שרעקלעכער זאַווערוכע. ביזן ראַיאָנעם צענטער איז נאָך א שיינער מעהאַלעך צו שפּאַנען, נאָר מע זעט ניט, ווו א פוס צו שטעלן. פּלוצעם שנײַדט זיך אַרויס פון דער שטאָק־פינצטערניש א פאַרשוין. דאָס איז א שאָפער, ער איז געקומען באַגעגענען דעם דאָקטער. „— איר האָט מיך פּאַשעט גערעטעוועט", — איז פול מיט דאַנקבאַרקײַט אַראָן מאַרקאָוויטש. דער שאָפער ענטפערט: „ — אַמאָל איז ניט שלעכט, אז מע ראַטעוועט אויך א דאָקטער"...

אָט דאָ איז דער טאָך פון דער דערציילונג. אַפן 26־טן קילאָמעטער, אין פאַרווייעטן סטעפּ, באַנאַכט, ווײַט פון א יִישעוו, זײַנען מיר אַפן ברייטן שליאַך פון עמעסער מענטשלעכקײַט. און ליב איז אונדז דאָס מיידל פון געגנטלעכן געזונט־אָפּטייל, וואָס האָט אין זינען געהאַט אַנקלינגען אין ראַיאָן, כאָטש דער דאָקטער האָט געבעטן ניט טאָן דאָס, זײַענדיק זיכער, אז ער וועט זיך אַליין אָן אייצע געבן. וועגן סעקרעטאַרשעס, וואָס עס גייט זיי ניט אָן דער גוירל פונעם באַזורכער, האָט מען גענוג געשריבן. אונדזער סאָוועטישע ליטעראַטור שילדערט און לויבט די אַטמאָספער פון פרײַנטשאַפט, פון געמיינזאַמשאַפט, ווען א מענטש שטעלט שטענדיק אונטער די פּלייצע זײַן כאַווער.

פאַרן אָפּפאָרן אין ראַיאָן גייט אַראָן מאַרקאָוויטש אַרײַן צו זײַן באַליבטן פּראָפעסאָר, אַן אַלטן באָלשעוויק, וואָס פאַר דער רעוואָלוציע איז ער געווען א דאָקטער אין דער זעלבער מעדוועדיעווקע, וווהין מע שיקט איצט אים, זײַן שילער. עס טוען א פּלייץ אינטערעסאַנטע דערינערונגען וועגן דעם שוידער פון אַמאָל, וועגן דער העלדישער אונטערערדישער טעטיקײַט. און די רעמיניסצענצן וואַקסן אַריבער די געשעעניש, פאַרן הײַנט בלײַבט גאָר ווייניק פּלאַץ. קעדיי צונויפבינדן ביידע טיילן, ווערט דער שאָפער, לויטן שרײַבערס פאַרלאַנג, אַן אייניקל פון דעם רעוואָליוציִאָנער, וועגן וועלכן עס האָט דערציילט דער פּראָפעסאָר. דאָס קאָן אַוודע געמאָלט זײַן. נאָר דער געבראַכטער בײַשפּיל באַווײַזט, אז דער צוזאַמענהאַנג צווישן דער רעמיניסצענץ און דעם הײַנט איז אויך א פּראָבלעם פון ריכטיק שטעלן דעם טראָפּ.

## שעפערישע מי — די מאַגיסטראַלע טעמע

אַרבעט, פרײַע שעפערישע באַזיניקטע פּראַצע איז די קנופּ־טעמע פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור. אין קאָמוניסטישער מי וואַקסט אויס דער מענטש. ער ווערט גײַסטיק־רײַך. באַווײַזן אָט די נעשאָמע־באַרײַכערונג אין אַלע אירע מאָדיפיקאַציעס, ראָמאַנטיזירן די שיינקײַט פון קאָלעקטיווער האָרעוואַניע — איז דער הייליקסטער און דאַנקבאַרסטער כויוו פונעם וואָרט־שעפער.

עס וואָלט געווען ניט ריכטיק צו מיינען, אז דאָבינס „דער פּאַדפּאָלקאָווניק" איז א דערציילונג ספּעציִעל וועגן א פענסיִאָנער, כאָטש דער העלד רווון גאַראָוואַי איז אַף פענסיע. ער האָט זיך אויסגעבויט א שטוב, פאַרפלאַנצט א סעדל, ער האָט טײַנעג פון זײַן מי, פון נאָענטקײַט צו דער נאַטור, און פילט זיך דאָך ווי אין פענטעס פון אייגענעם ווילטיק. דאָבין איז ניט אַוועק מיטן אויסגעטראָטענעם וועג פון שילדערן, וויאַזוי די אייגנטימערישע פּסיכאָלאָגיע נעמט באַהערשן צומאָל אונדזערן א מענטשן. גאַראָוואַי איז א פאַרגעשריטענער מענטש פון אונדזער צײַט,

א מענטש, וואָס קאָן ניט ארבעטן נאָר פאר זיך, ווי ערלעך די ארבעט זאָל ניט זײַן. ער פאר־שטייט, אז די אופגערעגטקײַט זײַנע, די אומצו־פרידנקײַט — דער קאָנפליקט מיט זיך אליין — איז פארבאָרגן אין זײַן אַרט לעבן, וואָס באפרי־דיקט אים ניט. גייט ער אוועק אין ראַיקאָם פון פּארטיי. וואָס ער האָט גערעדט מיטן סעקרע־טאַר, ווייסן מיר ניט, נאָר ארויס איז ער פון דאָרטן א באַרויִקטער. דערנאָך קומען א פּאָר שורעס וועגן גאַראַוואַיען, וועלכן מע זעט ארומ־פאָרן אף א מאָטאָציקל איבער די פעלדער פון באצירק צו באצירק...

אָט אזוי איז פארנאָטירט דער נעשאָמע־אופ־שווונג פונעם העלד. און מיר גאַרן דאָך צו זען, ווי פרײַער עס אָטעמט אָפּ גאַראַוואַי. די געצייל־טע שורעס זײַנען ניט מער ווי א גוטער סאָף פון דער דערציילונג.

א מאָדנע זאך. ניט בא איין באַגאַבטן אווטאָר ווערט גראָד דער לעצטער טייל פונעם ווערק, ווו עס דאַרף לאָגיש און קינסטלעריש אופגע־לייזט ווערן די פּראָבלעם, א מין טרוקענער מו־סער־האַסקל, וואָס מע קומט אים אָפּ אפגיך, אין דער צײַט, ווען דאָ דאַרף אויסגעפּאַרטיקט ווערן דער אידייִש־קינסטלערישער בּיניען. פארשטייט זיך, עס קאָנען טרעפן פאַלן, ווען דער שרײַבער איז נאָך ניט אימשטאַנד אויסצופילן אזא מין אופ־גאַבע, דעמלט זאָל ער זיך באַנוגענען מיט דער ריכטיק געשטעלטער פראַגע, וועלכע באַרירט געזעלשאַפטלעך־מאָראַלישע אינטערעסן, וועקט דעם געדאַנק, רופט ארויס געפילן, און ניט אָפּ־קומען מיט טרוקענע מוסער־האַסקלס. געבן אן ענטפער אף ברענענדיקע טאָג־פראַגן דאַרף דער קינסטלער מיט א פול מויל.

צוואַנציק יאָר לעבן איז ניט גרינג אײַנצו־פרעסן אין איין דערציילונג, ווי דאָס טוט יעכיִעל פאַליקמאַן אין „לייב כאַדאַש". פאַליקמאַן איז א גוטער דערציילער, ער באַזיצט די קונסט פון צעוויקלען דאָס מײַסעלע־פּאָדעם, ניט פּאַטערנ־דיק קיין אַרט אף זײַטיקע אַרומריידעניִשן. לייב כאַדאַש איז א מענטש פון ריינעם געוויסן, פעסטן ווילן, קלאָרן פארשטאַנד. אַסיע, די ערשטע ליבע זײַנע, האָט זיך אָפּגעקערעוועט פון אים, זי איז ארײַנגעפאַלן אין דער נאָרע פונעם מוילוואָרף, דעם אייגנטימער זוסיע. אין דער פינצטערניש איז אויך בא איר געשלאָגן געוואָרן די ריִע. לייב איז געפּלעפט פון איר אָנגעשפּילטן ציניזם, ווען זי רעדט אים אײַן, וועלנדיק זיך אליין ראַטע־ווען, אוועקוואַרפן דאָס ווײַב און די קינדער און אוועק מיט איר אין דער גרויסער וועלט ארײַן. א געפּלעפטער, באַנעמט ער דאָך איר געפּלענ־קײַט, ווי אויך איר לײַדנשאַפטלעכן באַגער ארויסצורײַסן זיך פון דער פינצטערניש.

עס שווימט אוף א גרויסע מאָראַלישע פּראָ־בלעם. צוויי וועלטן האָבן זיך צונויפגעשטויסן: דאָס פאַרדומפּענע וועלטל פון דעם ווערעמדיקן פּאַרשוין זוסיע און די ליכטיקע האָריזאָנטן פון דעם אײַזנבאַן־מאַשיניסט לייב כאַדאַש. קאָמו־ניסטישע מי, וואָס דערהייבט דעם מענטשן, און דאָס פאַדען אַרום דעם אייגענעם האָב־און־גוטס, אָפּגעצוימט מיט א פּלויט פונעם אַרום, פאַרור־טיילט אף איינזאַמקײַט און פוילונג...

לייב איז בעפּיירעש א נײַער פּערסאָנאַזש. קיין סאַך אײַזנבאַן־מאַשיניסטן געדענקען מיר עפּעס ניט אין דער יידישער ליטעראַטור. זייער גערן באַקענען מיר זיך מיט אים, און מיר ווילן אים זען נאָך נעענטער אינעם קאָכקעסל פון זײַן סוויווע, אין דער רעאַלער ראָמאַנטיק פון זײַן אַרבעט. די באַזונדערע בילדלעך, ווען ער פירט א צוג און פאַר די אויגן שווינדלען דורך ערטער, וואָס דערמאָנען אים קאַפּיטלען פון זײַן לעבן, זײַנען גוט אָנגעשריבן. אָבער ס'איז ווייניק, ווײ־ניק. — וואָס ווילסטו? — קאָן מען מיר דערווי־דערן. — ס'איז דאָך א געשיכטע פון א ליבע. — ניין, ס'איז א געשיכטע פון א לעבן, פון א נײַ לעבן. וויל איך, מיר זאָלן זיך אָנזעטיקן מיט אלע פאַרבן זײַנע. איז דאָך „דזשאַמיליאַ", די דער־ציילונג פונעם קירגיזישן שרײַבער אײַטמאַטאָוו, וואָס איז אָפּגעדרוקט אין אונדזער זשורנאַל, אויך א מײַסע מיט א ליבע. דערמאָנט זיך נאָר אָקאָרשט, ווי עס פלעכטן זיך איבער די סטעפּ־און באַרג־פּייזאַזשן, די בילדער פון האָרעוואַ־ניע און די גרויזאַנגען פון צאַרטער ליבע. ווײַט איז דער קירגיזישער שטייגער פון אונדז, נאָר ווי בּרידערלעך־נאָענט ווערן די מענטשן.

„לייב כאַדאַש" איז אן איידעס פון פאַליק־מאַנס אָנגעזאַמלטער לעבנס־דערפאַרונג. די דערציילונג איז אן אָנזאָג פון גרעסערע ווערק, וואָס דאַרפן נאָך קומען. מיר וואַרטן.

נויעך לוריעס דערציילונג „אויס כאַווער" איז א מאָנאָלאָג פון א יידן — א שוסטער, וועלכער האָט זיך געראַטעוועט פונעם פאַשיסטישן טויט־לאַגער. אזוינע עפּיזאָדן, ווו פעלקער־פרײַנט־שאַפט האָט זיך קעגנגעשטעלט דעם רויבערישן היטלערישן פעלקער־האַס, זײַנען באַשריבן ניט ווייניק אין דער פילנאַציאָנאַלער סאָוועטישער ליטעראַטור. וואָס איז פאַראַן נײַס בא נויעך לוריען?

אין זײַנע אומוואַנדלונגען בלײַבט דער ייד א שוסטער. ניט קיין טאָרבע מיט שקאָרינקעס ברויט איז אף זײַן פּלייצע, נאָר דאָס זעקל מיט געצײַג. אומעטום דאַרף מען אים האָבן. גוטע־פרײַנט שאַנעווען אין אים דעם מענטשן און דעם מײַסטער, אַפילע סאָנים מוזן צו אים אָנקומען.

זייער פײַן באַווײַזט דער שרײַבער די אײַנ־געפונדעוועטקײַט פון דעם יידישן האָרעפּאַשניק אינעם לאַנד, די אומעגלעכקײַט, אז פאַשיסטישע באַנדיטן זאָלן אים אויסוואָרצלען. דאָס זעקל מיט געצײַג איז ווי א סימבאָל אף ווידערופלעבונג

אין דער פעלקער־מישפּאָכע. און אדאנק דעם ווערט די דערציילונג באַשײַנט מיט גאָר אַן אַנדער אינערלעכער שײַן.

און נאָך א דערציילונג — ה. ראבינקאָווס. אף בויער־קורסן באַגעגנט זיך דער בריגאַדיר זיגעל מיט אירינע וואָלף. צווישן זיי וועבט זיך א ליבע. מע לייגט איר פאָר בלײַבן אין קרײַז־צענטער, נאָר זי קערט זיך אום מיט אים אהיים. פאָר די כאַדאָשים, וואָס זיי זײַנען ניט געווען, איז די שטאָט זייערע אויסגעוואַקסן — צום באַוווּנדערן מאַמעש. זיי שפּרײַזן איבער די גאַסן, גליקלעכע, פול מיט לוסט אָן ארבעט צו טאָן, מיטן פּאָרגעפיל, אז עס ווערט אף זיי א שיין לעבן. זיי אליין וועלן עס טאָקע אופבויען. זיי גייען ביידע צו א נײַער הייך.

ה. ראבינקאָווס נאָוועלע „אף א נײַער הייך" איז א ביסל ליריש־צעשוווּמען. די העלדן — עסקיזאַרטיק, אָבער זי שליסט זיך אָן צו די ווערק, ווו עס שלאָגט דער דויפּעק פון ארבעט.

ניט צופעליק רופן זיך איבער דערציילונגען פון גאָר פארשיידענע שרײַבער. און ניט קיין איבערכאַזערונגען זײַנען דאָס. דאָס איז (בא וועמען שטאַרקער, בא וועמען שוואַכער) דער אָטעם פון דער צײַט.

און לעצטנס, איידער מיר גייען אריבער צו אַן אַנדער פּראָבלעם, א פּאָר ווערטער וועגן קלוימערשט א זײַטיק ווערק, וואָס אויב איר לייענט זיך אין דעם גוט אײַן, דערטראָגט זיך צו אײַך דאָס מעכטײַעדיקע, טערפּקע גערוך פון הײַנטצײַטיקײַט. איך רייד וועגן שירע גאָרשמאַנס „כאַנקע".

דאָס איז א בלעטל קינדהײַט. אָבער וואָס פאָר א שמעקנדיק, מיט זון אָנגעזאַפּט בלעטל! גאָרשמאַנס דערציילונגען צייכענען זיך אויס מיט זעלטן אויסדריקלעכער פאָלקס־שפּראַך, מיט א פאַרשאַרפט געפיל פאָר נאַטור. דאָס זײַנען ניט קיין ארײַנגעשטעלטע פייזאַזש־באַפּוצונגען (צום באַדויערן, זײַנען זיי נאָך אָפטע געסט בא איינקע שרײַבער). דאָס איז דער פּייזאַזש, וואָס איז אליין פאָר זיך א שטיק אָפּטימיסטישע וועלט־אופפאַסונג. אָנטיילנעמער: די באָבע, די קלוגע האַרעפּאַשניצע; דער פעטער, וואָס עס וויעט פון אים מיט ערדישן קויעך; בליומקע און איר מיידלשע פּראַכט; כאַנקע, דאָס אייניקל, מיט די קינדערשע פאַרדראָסן, מיט איר „טאָג פון אוולעס"; דאָס איבערבעטן זיך. און דער באָבעס שטרענגע, לאַסטשענדיקע רייד: „...אלעמען זאָלסטו געדענקען, אלעמען זאָלסטו זשאַלעווען, נאָר זיך זאָלסטו ניט זשאַלעווען... זאָלסט ניט וויסן פון קיין שרעק פאָר קיין זאַך. זאָלסט שיין זײַן..."

ווו קומט דאָס פאָר? אין וואָס פאָר אַן אויסגעטרוימט שטעטעלע? אין אונדזערס, ליבע פרײַנט. ס'איז אונדזער באָבע, און אונדזער אייניקל, און אונדזער ליבע צו דער מאַמעניו־ערד.

ווי פאַרזווײַגט און פילאַרטיק זײַנען די וועגן פון שרײַבער צו דער הײַנטצײַטיקײַט! וויפל מעגלעכקײַטן זײַנען דאָ צו פאַרקערפּערן זי אין וואָרט און אין בילד!

## א בלעטל פּאַטערלענדישע מילכאָמע

נו, און די פּאַטערלענדישע מילכאָמע־טעמאַטיק איז הײַנטצײַטיקײַט? אָן שום צווייפל. אַקטועל־ברענענדיקע. דאָס איז אזוי דערפאַר, ווײַל די שולדיקע אין דער צווייטער וועלט־מילכאָמע, די הענקער און פאַרברעכער, זײַנען נאָך ניט באַגראָבן נײַן איילן אין דער ערד. זיי שטעלן זיך מיט אלע קויכעס קעגן א פעסטן גערעכטיקן שאָלעם. די גרעסערע און קלענערע „פּיורערלעך" באַרימען זיך עפנטלעך מיט די פאַשיסטישע רעגאַליעס, זיי פאַרנעמען דעם אויבנאָן אין די מײַרעוודיקע שטאַטן, זיי אײַלן זיך „איבערשפּילן" די בלוטיקע שפּיל...

אָבער שרײַבן וועגן דער פּאַטערלענדישער מילכאָמע קאָן מען ניט, ווי מע האָט דאָס געטאָן צוריק מיט א יאָר פופצן. שאַרפער איז געוואָרן אונדזער בליק, א סאַך האָבן מיר געלערנט, א סאַך האָט דאָס לעבן מיט אונדז געלערנט אין די נאָכמילכאָמע־יאָרן. די איצטיקע מילכאָמע־ווערק אין דער סאָוועטישער ליטעראַטור זײַנען סײַ סוביעקטיוו־האַרציקער (ניט אומזיסט איז פאַרשפּרייט געוואָרן דער מעמוּאַרן־זשאַנער), סײַ אָביעקטיוו־פינקטלעכער. מיר ווייסן איצט פיל בעסער אלע באַוועגערס פון די געשעענישן, דעם גאַנצן אונטערשלאַק זייערן.

צו אָט דעם מין ווערק געהערט מ. לעווס „ווען ניט די פרײַנט מײַנע". דער אווטאָר טיילט זיך מיטן איבערגעלעבטן פּראָסט, אָן מעליצע, נאָר אזוי פאַרכאַפּנדיק, אזוי קינסטלעריש־רעאַל, אז איר ווערט ארײַנגעצויגן, גלײַך ווי מיט אײַך אליין וואָלט דאָס געטראָפן.

פאַרשטייט זיך, עס איז געווענדט אין טאַלאַנט פונעם שרײַבער. לעוו איז באַגאַבט. איך נעם אף זיך די געוואַגטקײַט צו זאָגן: פון א ריי קאַפּיטלעך טוט א ווייע מיט גרויס־ליטעראַטור. דערמאָנט זיך נאָר דעם טראַגישן לאַקאָניזם פון דער סצענע אינעם באַראַק פאָר קריגסגעפאַנגענע. מע מוז פון א טויטן אראָפּשלעפּן די שטיוול, קעדיי צו ראַטעווען דעם, וואָס זשיפּעט נאָך. נאָר עס ברעכט פלוצעם אויס א דערשיטערנדיקער קאָנפליקט, וואָס ווערט געלאָשן מיט דער קראַפט פון כאַוורישקײַט. א פראָסט גייט דורך איבערן לײַב, ווען מע לייענט עס. נאָר דער ווײַ ווערט געלינדערט, ווען דו זעסט, אז אפילע בא אזוינע שרעקלעכע אומשטענדן ברענט דאָס פײַערל פון סאָוועטישער סאָלדאַטן־געמיינזאַמשאַפט.

לעוו איז געוויס באַגאַבט, נאָר פונקט אזוי דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן זײַן אידייִשע

צילגעוועדטקייט. אייגנטלעך איז דאָס א באַשטאַנדטייל פון דעם, וואָס ווערט אָנגערופן טאַלאַנט. גרויל, אָן א שיר גרויל איז פאַראַן אין לעווס דערציילונג. נאָר שטאַרקער פון אים איז די מענטשלעך־פּאַטריאָטישע שטאָלץ, דער האַס צום סוינע, די זיכערקייט אין זיג. פאַרגעדענקען דעם גרויל, קעדיי אַף אייביק אויסראָטן אים, ניט לאָזן, אַז די פינצטערע געשפּענסטער זאָלן ווידער פאַרטונקלען אונדזער לעבן, — דאָס איז דער לייטמאָטיוו פון אזא מילכאָמע־שילדערונג. עס איז, פאַרשטייט זיך, בלוטיק־אַקטועל.

מיר ווילן, אַז לעוו זאָל אויך אין די פּאַרזעצונגען פון זײַן בוך זוכן באַנײַונג און פּאַרטיפעררונג, אַזוי אַז דאָס געפונענע, דאָס בעסער דערזעענע זאָל טרעפלעך דינען דעם הויפּטציל — דעם קאַמף קעגן פאַשיזם און נעאָפאַשיזם.

## אַף די פאָדערשטע פּאָזיציעס

ביז גאָר א וויכטיקער זשאַנער אין דער פּראָזע איז די קינסטלערישע פאַרצייכענונג. דאָס איז א זשאַנער, וואָס איז שטענדיק אַף די פאָדערשטע פּאָזיציעס פון אונדזער לעבן. אין דער סאָוועטישער ליטעראַטור פאַרנעמט ער פון יאָר צו יאָר אַלץ א גרעסער אָרט. די פאַרצייכענונגען פון אָוועטשקינען, טראָיעפּאָלסקין, גאַלינען, דאָראָשען און נאָך און נאָך האָבן סײַ א דערקענטעניש־ווערט, סײַ זיי מאָביליזירן דעם לייענער, ער זאָל זיך פאַרטראַכטן איבער פראַגן, וואָס פאָדערן אַן ענטפער, א לייזונג. דורך דער פאַרצייכענונג מישט זיך דער שרײַבער אַקטיוו אַרײַן אין לעבן, רײַסט זיך אַרײַן אין סאַמע קאָך פון די געשעענישן. ניט אומזיסט קרוינען מיר די בעסטע אָווטאָרן פונעם פאַרצייכענונגס־זשאַנער מיטן נאָמען: אויסשפּירער פון לעבן.

פאַרשיידנאַרטיק קאָן זײַן דער אינהאַלט פון דער פאַרצייכענונג: א רײַזע, א פּאָרטרעט פון א מענטשן, אַן אָריגינעלע געשיכטע. פאַרשיידן קאָן זײַן דער טאָן, דער אויפן פון אופאַסן דעם מאַטעריאַל: ער איז א לירישער, א פּובליציסטישער, אַן עפּיש־ברייטער. אָבער איינס איז פאַר דער פאַרצייכענונג אומבאַדינגט אייגנטימלעך: דער דויפעק פון היינטצײַטיקייט מוז אין איר האַסטיק שלאָגן.

אין „סאָוועטיש היימלאַנד“ ווערן רעגולער פאַרעפנטלעכט פאַרצייכענונגען. עס שאַפט זיך א גוטע טראַדיציע, וואָס דאַרף פון נומער צו נומער זיך שטאַרקן. צום באַדויערן, פעלט דערווײַל די פאַרצייכענונג, וואָס שטעלט די אָדער יענע געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעם און קאָן אַרויסרופן א לעבהאַפטע דיסקוסיע. לאָמיר האָפן, אַז דאָס וועט נאָך קומען. מיר ווילן איצט פאַרהאַלטן די אופמערקזאַמקייט פונעם לייענער אַף עטלעכע פאַרצייכענונגען.

אָט איז מעלאַמודס „צוגאַסט באַם בריגאַדיר“. א לירישע־האַרציקע פאַרצייכענונג וועגן דעם אומדערמידלעכן פּיציכטלער כאַיִם גאָרדאָן, א ביאָגראַפיע פון א מענטשן, וואָס איז, אייגנטלעך, די ביאָגראַפיע פונעם קאָלווירט. דער שלוס קלינגט ווי א נאַטירלעכער אויספּיר. כאַיִם גאָרדאָן, דער שוין באַיאָרטער מענטש, וויל ניט זײַן קיין אומפּאַרטייאישער, ווײַל אין טאָך איז ער דאָך קיינמאָל אומפּאַרטייאיש ניט געווען.

אַנדערש איז גאָנטאַרס פאַרצייכענונג. דאָס איז א קורצע געשיכטע פון איינער א בערדיטשעווער ייִדישער מישפּאָכע, וועלכע איז „צעזייט און צעשפּרייט“ איבער די פאַרשיידנסטע מעקוימעס פון אונדזער היימלאַנד. און אומעטום לעבן אירע זין און טעכטער א שיין, ווירדיק לעבן. וויפל צענדליקער טויזנטער מישפּאָכעס זײַנען אַזוי דערהויבן געוואָרן, האָבן דורך אַלע ניסיוינעס, ביטערע צײַטן און שווערע פאַרלוסטן אײַנגעהיט די מישפּאָכע־געוועבן. מיך רירן אין גאָנטאַרס פאַרצייכענונג די שורעלעך וועגן בערדיטשעוו, דער שטאָט פון מײַן קינדהײַט און יוגנט, נאָר פיל מער רירט מיך די מאָסקווער היימישקײַט, די אַטמאָספער פון דער גאָרקי־גאַס, די אינטימע באַגעגענישן אין מעטראָ, אַפן עסקאַלאַטאָר, די אײַנגעפונדעוועטקײַט פונעם דערציילער און זײַנע העלדן אין מאָסקווע — דער וועלט־שטאָט.

אָריגינעל און קרעפטיק איז אָנגעשריבן גובניצקיס פאַרצייכענונג וועגן דער רײַזע צו דער וואָלגע. דוכט זיך, וואָס איז עס? וועג־אײַנדרוקן. נאָר, כלעבן, א גוטן צענדליק מיטעלע דערציילונגען, ווו אַלץ איז צוגעגלעט און א לײַטישער מוסער־האַסקל פעלט אויך ניט, וועל איך אָפּגעבן פאַר אזא פאַרצייכענונג. פּופּציק ריזיקע אווטאָס, טראַלערס, פירן צו דער וואָלגע, אַף דער בויונג. פּופּציק סאַמאָסוואַלן. דער פרידלעכער מאַרש גייט דורך פאַר אונדזערע אויגן, און ער רופט זיך איבער מיט די אַטאַקעס אין די רומפּולע טעג פון די שלאַכטן בא דער וואָלגע. גובניצקי דעקלאַמירט ניט, ער איז א ראָמאַנטיקער מיט הייס־פּולסירנדיקן בלוט. די דערמאָנונג פון אַמאָל מאַכט נאָך העלער די שײַן פון הײַנט. דער אַלטער צעקאַליעטשעטער שליאַך, ווו טשומאַקעס פלעגן דערטרונקען ווערן אין דער בלאָטע, פּאַרנדיק מיט די ברענענדיקע שטורקאַצן אין די הענט, איז די איצטיקע ברייטע אַספאַלטירטע אווטאָסטראַדע. און דאָס פּיצעלע טײַערע שטעטעלע, וואָס פאַרמאָגט אַן אייגענעם יאָר מיט טויזנטער הארוגים, צווישן וועלכע עס זײַנען אויך דעם דערציילערס טאַטע־מאַמע, דאָס שטעטעלע, וואָס איז איצט אויך אין אופּבלי... איך וואָלט געקאָנט ציטירן און ציטירן מיט פאַרגעניגן אויסגעצייכנטע שטעלן. נאָר איך וועל מיר דערלויבן בלויז איין ציטאַט:

„מיר שטייען מיט פּירסאָוון בא דער וואָלגע, אײַנגעשלונגען וואָלטן מיר די כוואליעס מיטן שוים, ווי א פרישע גלאָז ביר... גיסן מיר אָן די פליאגעס מיט היימישן וואסער און טראָגן דעם אויצער צו די מאשינעס, וואָס וואַרטן מיט גרויס אומגעדולד״...

מע „פּאָיעט״ די מאשינעס, די קראפט פון פרידלעכער בויונג מיט וואסער פון דער וואָלגע. וויפל שטאָלץ איז פאראן אין אָט דעם בילד — שטאָלץ פון פּאָשעטע מענטשן, וואָס קענען שלאכטן געווינען און וועלטן אופבויען. דערנאָך פליִען אָפּ די שאָפערן, וואָס האָבן געבראכט די מאשינעס צו דער וואָלגע, קיין מאָסקווע. אפילע אין די עטלעכע שורעס וועגן אָפּפלי פילט איר דעם פולבלוטיקן דויפעק פונעם הײַנט.

און צום סאָף — שמועל גאָרדאָנס גרויסע פארצייכענונג „צעלינא״. דאָס איז אזא שטאָף, וואָס ווערט צום ערשטן מאָל ארויסגעבראכט אין דער יידישער סאָוועטישער ליטעראטור. איך מוז גלײַך זאָגן, אז בלאָקנאָטישקײַט, אויב מע קאָן זיך אזוי אויסדריקן, פילט זיך אין אָט דער פארצייכענונג. אָבער דער שרײַבער האָט א שארף אויג, ער האָט א כוש צו דעם, וואָס איז כאראקטעריסטיש און וועקט אונדזער נײַגער, ער זוכט די גרויסע מאָסן ניט בלויז פון ערד־שטאָכים, נאָר פון מענטשלעכער מי, די ראָמאנטיק פון באהערשן נײַערד. און דערפאר זײַנען די בלאָקנאָטן אינטערעסאנט.

א סאך מענטשן גייען דורך פאר אונדז, וואָס יעדערער פון זיי פארדינט צו ווערן א העלד פון א גרויס קינסטלעריש ווערק. ליִע גאָלדבערג, אנדריי יעפימאָוו, קאָטשאנאָווסקי... פארכאפנדיקע נאָוועלן טוען א בליץ אוף, טוען א רייץ און שווינדלען דורך. אָט איז א נאָוועלע, וויאזוי ליִע גאָלדבערג, דער דירעקטאָר פונעם גרויסן סאָווירט, „זיצט אין דער קאלטער בודקע פונעם טראקטאָר, וואָס איז ווינטער ניט קיין טראקטאָר, נאָר א מאשין פאר פאסאזשירן. פלוצעם פליט אָן א בוראן, און מע בלײַבט שטעקן אין מיטן רעכטן וועג״, צווישן בערג שניי און געוואָי פון בוראן, וואָס דערמאָנט דעם געוואָי פון וועלף. און בא דער זײַט פון ליִען זיצט דער שאָפער, א באָכערל, וואָס איז נאָך קיין נײַנצן יאָר ניט אלט. דער דירעקטאָר פארשטייט, ווי אומהיימלעך און עפשער טאקע שרעקלעך דארף אים איצט זײַן. ווי א מאמע רעדט מיט איר זון, נעמט זי אים דערציילן געשיכטעס פון אירע פארגאנגענע קאָמיוגישע יאָרן. דאָס באָכערל פארגעסט שוין אין בוראן. ער בעט זיך: נו, און ווײַטער, און ווײַטער? אזוי ווערט איבערגעוואָרפן די גאָלדענע בריק פון קאָמיוגישער ראָמאנטיק אין די דרײַסיקער אָדער פערציקער יאָרן צו דער ראָמאנטיק פון די זעכציקער יאָרן.

און אָט איז קאָטשאנאָווסקי, דער קיִעווער שוסטער, וואָס גרויסט זיך מיט זײַן נײַער טראקטאָריסטן־פּראָפעסיע אף דער צעלינא, נאָר ער מוז נאָך פאריכטן א פּאָר שיך... קיין ווארשטאטן האָט מען נאָך ניט געעפנט, וויל ער ניט, ס'איז פאר אים ווי א מין „דערנידעריקונג״, נאָר ער טוט, ווײַל ער איז א שלאכטמאן אף דער צעלינא. אָדער א נאָוועלע וועגן דעם דענקמאָל, דעם מעכטיקן טראקטאָר, וואָס אף אים האָט טשערניטשענקאָ אופגעהויבן די ערשטע באָראָזדע צעלינא. צי עפשער גאָר א מײַסעלע וועגן געוויקסן, וואָס גייען נאָך די מענטשן פון די אלט־אײַנגעזעסענע מעקוימעס, וועגן די נאָכפליִענדיקע פויגלען, וועגן סאָלאָוויי, וואָס זינגט שוין אין סטעפּ...

מיר ווײַזט זיך אויס, אז גאָרדאָן איז מעכוייעוו ארויסנעמען פון זײַנע בלאָקנאָטן א ציקל צעלינא־נאָוועלן, טאקע מיט די לעבעדיקע מענטשן, און צעוויקלען זיי אין דער גאנצער פּאָעטישער פּראכט. ס'איז דאָך צעלינא, און זי דארף נאָך געבן א גרויסע גערעטעניש.

* * *

מיר האָבן זיך באקענט מיט פארשיידענע פּראָזע־ווערק. מיר האָבן זיי געמאָסטן מיט דער איינציק־ריכטיקער מאָס פון הײַנטצײַטיקײַט. מיר האָבן געהאט די אָדער יענע טײַנעס, ארויסגעזאָגט ווונטשן און געטיילט זיך מיט האָפענונגען. קלאָר, אז דאָס אלץ לאָזט זיך דיסקוטירן. אונדז איז וויכטיק געווען פעסטשטעלן, ווו שלאָגט שטארקער דער דויפעק און ווו שלאָבעריקער. קיינער צווייפלט ניט, אז דער שרײַבער וויל, עס זאָל אין זײַן ווערק זיך פילן די צײַט, נאָר צווישן פארטראכטן און אָנגעשריבענעם קאָן אמאָל זײַן א געוויסער אײַנרײַס. עס שפּילט א ראָליע די קאָמפּאָזיציע, דער ריכטיק געשטעלטער טראָפּ, די אידייִשע אָנשטרענגונג.

די באטראכטע פּראָזע רעדט פאר זיך: מיר האָבן באגאבטע פּראָזאִיקער. זיי הייבן איצט אוף נײַע פלאסטן פונעם לעבן, נײַע טעמעס, זיי פירן ארויס נײַע פּערסאָנאזשן, מענטשן פון די 60־ער יאָרן. אין פיל פון די דערציילונגען און פארצייכענונגען זײַנען פאראן אָנהייבן, וואָס בעטן זיך, מע זאָל זיי פּאָרזעצן. נאָך מער, עס זײַנען פאראן פריידיקע אָנזאָגן פון א נײַעם העכערן עטאפּ אין אונדזער פּראָזע. ס'איז צו זען, אז די פּראָזאִיקער האָבן מיט וואָס צו קומען צום לייענער, זייער א סאך שטאָף האָט זיך בא זיי אָנגעזאמלט. און וואָס מער דער שטאָף וועט זײַן אָנגעזאפּט מיט הײַנטצײַטיקײַט, וואָס קינסטלערישער אונדזער עפּאָכע וועט זײַן אין אים פארקערפּערט, אלץ פולקומער וועלן זײַן די ווערק, אלץ מער וועלן זיי ריידן צו אונדזערע מויכעס, צו אונדזערע הערצער.

יאַנקעוו שטערנבערג

# עליעזער שטיינבאַרג

(צו זײַן דרײַסיקסטן יאָרצײַט)

עליעזער שטיינבאַרג איז געבוירן געוואָרן אין צאָפּן־בעסאַראַביע, אינעם שטעטל ליפּקאַן — דעם „בעסאַראַבער מאָנבלאַן”, ווי ביאַליק האָט עס געקרוינט.

עליעזער שטיינבאַרגס ערשטע „אוניווערסיטעטן” זײַנען געווען: פון איין זײַט — דער בעסמעדרעש, ווו ער האָט געלערנט באַטאָג און באַנאַכט; פון דער צווייטער זײַט — דער פּאַרביקער, רוישיקער, וואָכיקער מאַרק, אויף וועלכן עס האָבן אַרויסגעקוקט די פּענצטער פון זײַן טאַטנס הויז. זײַן מײַסטער־שפּראַך איז טאַקע אַ זעלטענער סינטעז פון אָט די ביידע עלעמענטן.

אונטערן צייכן פון עפּעס אַן אומפאַרשטענדלעכן קפּיצעס־הדרך, וואָס דערמאָנט אין דער הײַנטיקער ראַקעטן־שנעלקײַט, איז פאָרגעקומען דעם דיכטערס גײַסטיקע אַנטוויקלונג. ביין־לײַלע, דורך נאַכט, מעג מען זאָגן, איז ער געוואָרן אויס קלויזניק, באַלד אַרײַן אין סאַמע מיטן פון דער מאָדערנער העברעיִשער ליטעראַטור, פאַרייגנט די רוסישע שפּראַך מיט אירע קולטור־אוצרות, און, ווי פריִער אינעם יאַם פונעם טאַלמוד, איז ער שוין פרײַ אַרומגעשוווּמען אין דער וועלטלעכער פילאָסאָפיע. מיט דער זעלבער שנעלקײַט איז ער איבערגעגאַנגען פון העברעיִש צו ייִדיש, ניט געקוקט אויף די באַמיִונגען פון אייניקע אָדעסער העבּרעיִסטישע קאָרפּן־קעפּ צו ראַטעווען אים פאַר דער העברעיִשער ליטעראַטור; ער האָט גוייווער געווען אין זיך די האַשפּאָע פון קאַנטס אידעאַליזם, שטודירט דעם מאַרקסיזם און געוואָרן אַ פלאַמיקער אָנהענגער פון לעניניזם. באַוועגנדיק זיך פיזיש אויף אַזאַ שמאָלן שעטעך, ווי פון ליפּקאַן ביז קאַמענעץ־פּאָדאָלסק, ווו ער האָט געגעבן פּריוואַטע העברעיִשע לעקציעס, און צוריק פון קאַמענעץ ביז ליפּקאַן, — לעבנדיק אין אָט דער קליינשטעטלדיקער אינטעלעקטועל אָרעמער סוויווע, איז שטיינבאַרג גײַסטיק קיינמאָל ניט געווען קיין פּראָווינציִאַל. זײַן איינציקע אַאודיטאָריע איז דעמלט באַשטאַנען פון זײַנע צוויי יונגע „אַדיוטאַנטן” — זײַנע בעניי־איר, אין אָנהייב טאַלמידים זײַנע און דערנאָך מיטגייער און פרײַנט, מוישע אַלטמאַן און דער שרײַבער פון אָט די שורעס. פאַר אונדז ביידן האָט ער מיט וויסטע קלאָלעס געשאָלטן לאָיד דזשאָרזשן מיט בריאַנען, געשאָטן פּעך און שוועבל אויף די מענשעוויקעס, געשטורעמט קאַוטסקין און פּראָקלאַמירט לענינען און זײַן פּאַרטיי.

ווען עס איז צעפאַלן געוואָרן דער דאָרעמדיקער רוסישער פראָנט אין 1917 און די ערשטע רוסישע באָלשעוויסטיש־געשטימטע זעלנער־טיילן האָבן דורך בעסאַראַביע זיך אומגעקערט קיין רוסלאַנד, איז דער באַרילטער קליינוווקסיקער העברעיִשער לערער אַרויף אויפן שטיינערנעם פּאַרקן פונעם ליפּקאַנער קלויסטער (אַנטקעגן דעם פּאָרעצס הויף) און געהאַלטן אַ באַגײַסטערטע רעדע אויפן מיטינג פון די רעוואָלוציאָנערע סאָלדאַטן. ער האָט זײַן רעדע פאַרענדיקט מיט אַ שלאָג־אויסרוף: Знамена революции, целуйтесь! (פאָנען פון דער רעוואָלוציע, צעקושט זיך!)

מיט די רעוואָלוציאָנערע פּאָלקן איז שטיינבאַרג מיטגעגאַנגען ביז מאָלעוו, נאָר אין דעמלטיקן כאַאָס איז ער אָפּגעשניטן געוואָרן פון די רוסישע זעלנער־טיילן און האָט זיך אומגעקערט קיין ליפּקאַן. אַהיימקומענדיק אין אַ לעדערנער קורטקע, האָט ער פון פּאָדאָליע מיטגעבראַכט מיט זיך אויך דעם פאַר אונדז אייגנאַרטיק קלינגענדיקן נאָמען קוויטקאָ. מיט לייב קוויטקאָן האָט ער זיך צופעליק באַגעגנט אויף אַן אײַזנבאַן־סטאַנציע. באַקענט זיך, האָבן זיי אַ גאַנצע נאַכט איינער דעם צווייטן געלייענט זייערע לידער. אין אָט דער באַגעגעניש איז דאָ עפּעס מער, ווי דער רעאַלער פאַקט אַליין. בײַ אַ גרינטלעכן ליטעראַרישן אַנאַליז וואָלט מען געקאָנט פעסטשטעלן געוויסע באַרירונגס־פּונקטן צווישן שטיינבאַרגס און קוויטקאָס קינדער־ און פאַבל־דיכטונג. נאָר דאָס איז שוין אַ טעמע, וואָס גייט אַרויס פון די ראַמען פון דעם דאָזיקן אַרטיקל.

* * *

אין וואָס אייגנטלעך באַשטייט שטיינבאַרגס אַלגעמיין־אָנערקענטע דיכטערישע באַדײַטונג? ער איז דער, וועמען עס איז באַשערט געווען צו באַרײַכערן די ייִדישע ליטעראַטור מיט אַ זשאַנער, וואָס כאָטש עס זײַנען בײַ אונדז געמאַכט געוואָרן ניט ווייניק פּרוּוון אים צו שאַפן, זײַנען זיי אָבער געבליבן ניט מער, ווי האַלב־רעאַליזירטע. שרײַבנדיק וועגן דעם, קומט מיר איצט אויף אויפן געדאַנק, אַז, אייגנטלעך, שאָלעם־אליי־

כעמס פאראָדיעס אף איבערזעצונגען פון קרילאָווס מעשאָלים זײַנען א באווײַז, אז אונדזער געניִאלער הומאָריסט האָט ניט אנערקענט אלס עכטע פאבל־דיכטונג יענע שאפונגען, וואָס האָבן אף דעם בא אונדז דעמלט פּרעטענדירט. ערשט עליִעזער שטיינבארג, דער אָרגאנישער פאבוליסט, האָט צו אונדז אף א מײַסטערישן אויפן געבראכט אָט דעם מאָשל־זשאנער.

די עמעסע פאבל לעבט ניט בלויז אין זכוס פון איר אלעגאָרישקײַט און אפילע ניט אין זכוס פונעם מוסער־האסקל. דער אויסערלעך אויסגעבויטער מאָשלדיקער סיפער־האמײַסע שאפט נאָך ניט די ספּעציפישע מאָשל־אטמאָספער, וועלכע איז א רעזולטאט פון דער ביז גאָר קאָמפּליצירטער סינטעטישקײַט פון דעם זשאנער. און סינטעטיש איז ער דערמיט, וואָס ער נעמט ארײַן אין זיך קימאט אלע ליטערארישע זשאנרען. קעדיי צו פארייניקן אָט די אלע אָפּט ווידערשפּרעכלעכע קאָמפּאָנענטן אין איין דיכטערישן פאָקוס — וואָס פאר א גרויסע קינסטלער־קראפט עס דארף פארמאָגן דער פאבוליסט! פונדאנען שטאמט טאקע אָט דער קולט אין אלע ליטעראטורן פאר דער עכטער פאבל־דיכטונג. איר סימען: די גרויסע סומע פון פאָלקס־אייגנשאפטן געקייפלט אף א גרויסער עטיש־קינסטלערישער אינדיווידואליטעט.

אזוי ווי אן עכטער פאבוליסט איז ביכלאל א זעלטענע דערשײַנונג אין אלע ליטעראטורן פון אלע צײַטן, איז נאָך לאפאָנטענען און קרילאָוון, די לעצטע גרויסע פאבוליסטן, אופגעקומען דער געדאנק, אז דער מאָשל איז קלוימערשט אן אָפּגעגאנגענע ליטערארישע פאָרם. די איבערנעמערס פון דעם דאָזיקן געדאנק אויך אין אונדזערע ליטערארישע רייען האָט פּאָשעט געדראָאט די געפאר ניט צו באמערקן דעם „העלפאנד“ — דעם פאבל־דיכטער פון אונדזער צײַט, וועלכער האָט זיך באוויזן אין דער יִדישער ליטעראטור, דעם פאבוליסט־נאָוואטאָר, וועלכער האָט סײַ אין דער פאָרם, סײַ אידייִיש ראדיקאל איבערגעשטאלטיקט דעם מאָשל. אָנשטאָט דער קאנאָניזירטער מאָראל האָט שטיינבארג געבראכט די שעפּע געדאנקלעכקײַט, וואָס האָט אָפּגעשפּיגלט די וועלט־אָנשויונג פון די נײַע סאָציִאלע שיכטן, וועלכע זײַנען געקומען צום וואָרט ערעוו און נאָך די גרויסע סאָציִאלע איבערקערענישן. ער האָט דעריבער אליין כאָרעוו געמאכט דעם קלאסישן מוסער־האסקל, אונטערלייגנדיק אונטער אים, ווי דינאמיט, דעם הויכן לירישן אקצענט און קעמפערישן פּאטאָס פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע. עס איז דערפאר ניט צופעליק, וואָס א סאך פון זײַנע מעשאָלים זײַנען פון אונדזער פּראָגרעסיווער ארבעטער־אאודיטאָריע בעשײַטע אופגענומען געוואָרן ווי גאָרקיס „שטורעם־פויגל“ און פּערעצעס „באָנציע שווײַג“. אשטייגער: „דער כאלעף און די זעג“ („נאָך אדהאיעם איז א זעג, א באלמעלאָכע, גאָר א פלעק אין דער מישפּאָכע, און א שארפער כאלעף האָט האצלאָכע: אי ער קוילעט, אי מע מאכט אף אים א בראָכע...“), „דער קוש“, „דער שרעק־



עליִעזער שטיינבארג

לעכער געדאנק“ און א סאך, א סאך אנדערע. שטיינבארגס מאָשל איז דעריבער אזוי מאָדערן, אזוי ווארײִַרט, און בא דעם אלעמען — נאציִאָנאל. זײַענדיק געקניפּט און געבונדן מיט דער שריפטלעכער און מינדלעכער יִדישער פאָלקס־קולטור, איז שטיינבארג געבליבן דער דיכטער פון אונדזער קעמפערישער צײַט.

אין דער הינזיכט איז ביז גאָר באלערנדיק דער פארגלײַך פון ע. שטיינבארגס מאָשל מיט דעם, וואָס עס האָט קימאט אין די זעלבע יאָרן געשאפן רעב מאָרדכעלע (טשעמערינסקי). עס קאָן קיין סאָפעק ניט זײַן, אז רעב מאָרדכעלע איז געווען א מײַסטער אין דער אופבויונג פון דעם מאָשל־סוזשעט, ער איז אויך געווען אן עמעסער שפּראך־ווירטואָז. אף זײַנע פליגל האָט אָבער געדריקט די קליינבירגערלעכע מאָראל, דער מאנגל אין פילאָסאָפישן שווונג, אין פּאָעטישער אשירעס. און דעריקער — אים האָט געפעלט דאָס וויכטיקסטע, אָן וואָס עס קאָן ניט ווערן טעטיק דער מאָשל אין דער צײַט פון גרויסע סאָציִאלע אופטרייסלונגען, — די געזעלשאפטלעכע לײַדנשאפט, דער קעמפערישער טעמפּעראמענט. דערפאר איז טשעמערינסקיס כיינעווודיקער מאָשל קיינמאָל אָבער ניט געוואָרן קיין געזעלשאפטלעך־ווירקנדיקע קראפט. אנדערש איז געווען דער גוירל פון דעם מאָשל־זשאנער, וואָס עס האָט געשאפן עליִעזער שטיינבארג.

ווי קרילאָוו, איז אויך שטיינבארג אין דער ערשטער ריי א רעאליסט. אין זײַן מאָשל הערט זיך די גאנצע לעבנס־קלאוויִאטור. זײַן „מוזע פון דער פלאמיקער סאטירע“ (פּושקין) רופט זיך אָפּ אף די גרויסע פראגן פון דער עפּאָכע און אף קאָנקרעטע טאָג־געשעענישן. אזוי קאָן מען

פעסטשטעלן, אַז מיט זײַנע „זשאַבעס" איז ער אויסן דעם בורזשואַז־דעמאָקראַטישן פּאַרלאַמענט און אַז זײַנע „שוועבעלעך" —

„...גייען אָנגעזאַפּטע מיט פּאַרדראָסן,
און זיי צינדן — וואָס זשע? פּאַפּיראָסן.
ווי געפעלט אײַך דאָס, גענאָסן?" —

אָט די „שוועבעלעך" זײַנען געצילט מיט זייער איראָניע־פײַל אין די באַלעבעסלדיקע סאָציאַליסטן ביכלאל און אין „בונד" ביפּראַט. גענוי, ווי בײַ קרילאָוון, וואָס זײַנע כײַעס און אויפעס רופן זיך איבער מיט די פינצטערע כאַראַקטערן פון גאָגאָלס, שטשעדרינס און אָסטראָווסקיס פערסאָנאַזשן, אַזוי זעען מיר אויך אין די פאַרמאַסקירטע פאַרשוינען, וואָס קוקן אַרויס פון שטיינבאַרגס „כײַעס־ און אויפעס־שטײַג", אַלע פּאָסטעמקעס פון מענדעלעס ייִדישע קאָהאָלפאַרזאָרגערס. מיט דעם אונטערשייד נאָר, וואָס קרילאָוו, וועלכער איז געשטאַנען בײַ דעם וויגעלע פון דער רוסישער ליטעראַטור, האָט דער ערשטער אויפגעדעקט אָט די אַלע שטריכן, וועלכע מיר דערקענען נאָכדעם אין די מאַסקעס פון די גרויסע רוסישע סאַטיריקער, בעת שטיינבאַרג, וואָס איז אויפגעגאַנגען אין דער ייִדישער ליטעראַטור מיט אַ דאָר שפּעטער נאָך אונדזערע קלאַסיקער, האָט בײַ זיי איבערגענומען זייער פּראָגרעסיוון קוק אויפן אַלטן ייִדישן לעבן. דאָ איז אויך דאָס אָרט צו זאָגן, אַז שטיינבאַרגס שאַפן באַוועגט זיך וווּנדערלעך האַרמאָניש צווישן די צוויי באַפרוכפּערנדיקע שאַפונגספּאָליוסן פון דער ייִדישער ליטעראַטור — פּרץ און שלום־עליכמס. צו פּרצן טוליעט זיך שטיינבאַרג מיט זײַנע ליריש־פילאָסאָפישע משלים און צו שלום־עליכמען מיט די שטייגעריש־סאָציאַלע. בײַ שלום־עליכמען האָבן געשאָלטן פאַרביטערטע ווײַבער, בײַ שטיינבאַרגן, דעם פאַבוליסט, שילטן דער „כײַ" און דער „דוימעם" (דאָס לעבעדיקע און ניט לעבעדיקע).

„אוי, מײַן ווייטעק אָן אַ שיר איז —
וויל איך שעלטן, וויל איך שרײַען אָן כאַקירעס!"
(„דער האַמער און דאָס שטיק אײַזן")

ס'איז די מאָדערנע טויכעכע אויפן קאָפּ פון אַ זינדיקער וועלט, אַ וועלט פון רשעים און רײַשעס. די עכטע פאַבל, וועלכע איז לויט איר מהוס קריגעריש, טראָגט תּמיד אין זיך דראַמאַטישן קאָנפליקט. האָט דאָך לאַפאָנטען געזאָגט, אַז פאַבל איז, אייגנטלעך, די „קליינע דראַמע". אַדרבה, פּרוּווט, בויט אַ גוטן משל אָן פּערזאָנען, דיאַלאָג, האַנדלונג. אליעזער שטיינבאַרג, דער פאַבוליסט פון אונדזער צײַט, איז דעריבער אויך אונדזער סאָציאַלער דראַמאַטורג. די בײַטש פון זײַן פּאַמפלעט מאָביליזירט אַ גרויסע אַקטיווע אָפּלאַך־אַרמיי און צייכנט דעם ברייטן פאַרנעם פון בונטאַרישקײַט און באַפרײַענדיקן געלעכטער. עמעס, שטיינבאַרג איז אויך פון דעם מין פאַבל־דיכטער, וואָס זײַן משל קלינגט אָפט ווי אַ לירישע ליד, וועלכע נייטיקט זיך ניט אין קיין מאָראַליזירנדיקן סאָף.

* * *

פולע דרײַ צענדליק יאָר זײַנען אַוועק אין דער אייביקײַט און געשאַפן די דיסטאַנץ, וואָס טיילט אונדז אָפּ פון דעם לעבעדיקן אליעזער שטיינבאַרג. אָט דער היפּשער, מיט היסטאָרישע געשעענישן אָנגעזעטיקטער צײַט־אָפּשניט האָט אָבער אויף קיין האָר ניט דערווײַטערט פון אונדז ניט דעם דיכטער און ניט זײַן דיכטונג.

ווען מיר מערקן איצט אָפּ שטיינבאַרגס דרײַסיקסטן יאָרצײַט, דאַרפן מיר זיך זאָגן, אַז עס איז אונדזער דרינגענדיקער כוֹיוו ברייט צו באַקענען מיט זײַנע ווערק ניט בלויז דעם ייִדישן, נאָר אויך דעם פילנאַציאָנאַלן סאָוועטישן לייענער. שטיינבאַרגס רײַכע געדאַנקלעכקײַט, זײַן דערהויבענער הומאַניזם, פּיקכעסדיקער הומאָר און צאָרנדיקע סאַטירע קאָנען אונדז באַהילפיק זײַן אויך אין הײַנטיקן געראַנגל קעגן די אַגרעסיוו־אײַנגרײַפנדיקע שוואַרצע קויכעס — די טרעגער פון אָבסקוראַנטיזם, זאָאָלאָגישער טעמפּקײַט, פינצטערן מענטשן־האַס, אין וועלכע עס צילט אַזוי טרעפלעך דער ברענענדיקער מוסער־האַסקל פון אונדזער גרויסן פאַבוליסט.

# ווענגן אונדזער עסטראַדע

יעשוע ליובאָמירסקי

## דאָס דיכטערישע וואָרט אויף דער בינע

ס איז קיין סאָפעק ניט, אַז אין דער אַנטוויקלונג פון אונדזער עסטראַדע זײַנען אין משך פון די לעצטע פינף יאָר פאָרגעקומען וועזנטלעכע ענדערונגען. דער בעסטער באַווײַז איז דאָס, וואָס זי איז באַרײַכערט געוואָרן מיט פרישע קאַדרען.

אונדזערע דיכטער און קאָמפּאָזיטאָרן האָבן טכילעס ניט פאַרנומען דעם געהעריקן פּלאַץ אויף דער סאָוועטישער ייִדישער עסטראַדע. עמעס, ווען די דיכטער פונעם עלטערן דאָר (שוואַרצמאַן, פעפער, קוויטקאָ, קושניראָוו) פלעגן אָנשרײַבן טעקסטן, וואָס האָבן געבעטן אַ מוזיקאַליש קלייד, האָבן די קאָמפּאָזיטאָרן גערן זינגעוודיק געמאַכט אַזאַ מין טעקסט. אַזוי האָבן גנעסין און יאַמפּאָלסקי אָנגעשריבן מוזיק צו אַשער שוואַרצמאַנס טעקסטן (גנעסין — צו „דער סוינע באַ די טויערן“, יאַמפּאָלסקי — צו „קום צו מיר“); אַ. קריין — צו פעפערס „מיט קאָרענער זאַטקײַט אָטעמט דער סטעפּ“; פּאָלאָנסקי — צו פעפערס לידער „באַ די שײַטערס“, „פיש מיט כריין“ און „שפּילט אַ פריילעכס“; ר. באָיאַרסקאַיאַ — צו קוויטקאָס „דאָס פײַפעלע“, „דאָס פידעלע“, „דאָס ריטשקעלע“, צו פעפערס „ביראָבידזשאַנער וויגליד“, „ביראָבידזשאַנער פריילעכס“ אאַוו.

דאָס זײַנען געווען בלויז עפּיזאָדישע פאַלן, בעדערעך־קלאַל פלעגן אַזוינע לידער פאַרנעמען אויף דער סאָוועטישער ייִדישער עסטראַדע זייער אַ באַשיידן אָרט. פאַר די לעצטע יאָרן מערקט זיך אָן אַן אויפשטײַג אין אָט דעם געביט. אַ גאַנצע פּלעיאַדע ייִדישע דיכטער נעמט זיך אימפּעטפול שרײַבן טעקסטן פאַר דער עסטראַדע. ה. אָשעראָוויטש, מ. גרוביאַן, ש. דריז, מ. טייף, ז. טעלעסין, מ. סאַקציִער, י. קערלער, י. קאָטליאַר באַשאַפן ווערק, וואָס די ייִדישע עסטראַדע נוצט גערן אויס. ס׳איז אַנטשטאַנען אַ יונגער דאָר קאָמפּאָזיטאָרן, וועלכע האָבן פעסט זיך פאַרבונדן מיט דער ייִדישער עסטראַדע (ל. קאָגאַן, וו. שאַינסקי אאַ.). טעטיקער זײַנען געוואָרן אויך די עלטערע קאָמפּאָזיטאָרן: ל. פּולווער, ל. יאַמפּאָלסקי, ס. סענדערײ, ז. קאָמפּאַנייעץ, ר. באָיאַרסקאַיאַ, אָ. ליכטענשטיין.

עס האָט זיך אָנגעמערקט אַן אינטערעסאַנטע דערשײַנונג. מיר האָבן מיט דעם אין זינען די נעטיִע פון אַ זינגער צו דעם אָדער יענעם אויטאָר. נעכאַמע ליפשיץ, צום בײַשפּיל, זינגט אָפטער קערלערס, געבירטיקס, אָשעראָוויטשעס טעקסטן. סידי טאַל נוצט די לעצטע צײַט אויס דעריקער סאַקציִערס און בערגאָלצעס ווערק. אַנאַ גוזיק בויט די לעצטע יאָרן איר רעפּערטואַר דעריקער אויף קערלערס און בערגאָלצעס טעקסטן.

שוין אָט די קורצע איבערזיכט גיט אַ פאָרשטעלונג וועגן פרישע שטראָמען אין אונדזער ייִדישער עסטראַדע. מע דאַרף אָבער מודע זײַן, אַז אין פאַרגלײַך מיט דער רוסישער עסטראַדע זײַנען מיר הינטערשטעליק: ניטאָ באַ אונדז, אַשטייגער, אַזאַ דרייסטער קעמפער קעגן אָפּגעשטאַנענעם שטייגער, ווי אַרקאַדי רײַקין, מיר פאַרמאָגן לעסאַטע ניט אַזאַ מײַסטער פון פּאָליטישער סאַטירע, ווי איליאַ נאַבאַטאָוו... צווישן די שעפער פון רעפּערטואַר האָט ניט ווייניק שטאָף פאַר אַרטיסטן פון אָט דעם אַמפּלואַ געשאַפן ב. בערגאָלץ. ער האָט אָנגעשריבן אַ סאַך סאַטירישע קופּלעטן אויף פּאָליטישע טעמעס. ער איז אָבער אויף אַזויפיל קוועקזילבערדיק־אָפּעראַטיוו, אַז צײַטנווײַז איז ער גאָר קנאַפּ מאַקפּיד אויף דער קוואַליטעט פון זײַנע קופּלעטן.

* * *

עסטראַדע איז, ווי באַוווּסט, אַ מין „לײַכטע קאַוואַלעריע“ אויפן פראָנט פון טעאַטראַליש־מוזיקאַלישער קונסט. זי איז קוידעמקאָל באַרופן אין אַ צוגענגלעכער פאָרם אונטערטראָגן דעם צושויער פרישע שטײַגערשילדערונגען, ברענענדיקע טאָג־פראַגן. דאָ האָט איר פּאָליטישע סאַטירע, צומאָל הערויִשע פּאַטעטיק, לירישע באַטראַכטונגען, קאָמישע סצענקעס.

נאַטירלעך, דעם קורס פון אונדזער זינג־עסטראַדע באַשטימען די טעקסטן — זייער טעמאַטיק, די פאַרשיידנאַרטיקײַט פון זייערע זשאַנרען, זייער שפּראַך. אַ פאָרשטעלונג וועגן דער לאַגע אין אָט דעם פראַט קאָן אונדז געבן דער וואָרט־מאַטעריאַל, וואָס עס האָבן שוין געשאַפן פאַר דער עסטראַדע אונדזערע דיכטער.

גאַנץ אַקטיוו האָט געאַרבעט פאַר די לעצטע יאָרן יוסעף קערלער. ער האָט געשריבן לידער וועגן שאָלעם, ליבע־ און שטייגער־לידער, קאָנפעראַנסן, סקעטשן, לירישע מאָנאָלאָגן, אַ דראַמאַטישע פּאָעמע. ער האָט געפּרוּווט זיך פאַרנעמען מיט מאָנטאַזשן (דערמאָנט זיך זײַן מאָנטאַזש פון אייניקע סצענעס פון גאָלדפאַדענס „קישעפמאַכערן“, וואָס אַנאַ גוזיק האָט אויסגעפּילט).

די פילזשאַנערדיקײַט איז געוויס א מײַלע פון קער־לערס שאַפונג, אָבער דאָ שטעקט אויך א געוויסע געפאַר — די געפאַר פון ניט גענוגנדיקער ליטעראַרישער קוואַ־ליטעט. קערלערס זינג־טעקסטן זײַנען אָפט שוואַכער פון די לידער, וועלכע ער דרוקט אין דער ליטעראַרישער פּע־ריאָדיק אלס פּאָעט. זײַנע ווערק אַף דער עסטראַדע קלינגען אָבער עכט פּאָעטיש דעמלט, ווען ער סטאַרעט זיך באַפרידיקן די פאָדערונגען פון דער אאודיטאָריע: דער געדאַנק פונעם ווערק זאָל זײַן קלאָר, דאָס וואָרט זאָל זײַן פּאַשעט און צוגענגלעך, די פערזן — ריטמיש, גראַ־ציִעז.

אין קערלערס ליד „טאָסט פאַר שאָלעם" זײַנען פאַראַן ווערטער, וואָס דריקן אויס די באַגערן און פאַר־לאַנגען פון גאָר ברייטע מאַסן:

פאַר טאַטע, פאַר מאַמע, פאַר נאַכעס פון קינד,
פאַר פרילינג, וואָס בליט אין פרידלעכן ווינט —
לעכאַיִם פאַר פרייד און פאַר שאָלעם.

מיט א טיף געפיל און וואַרעמקײַט ווייעט אויך פון קערלערס „דאָס הארץ פון א מאַמע":

קאַלזמאַן א מאַמע אַטעמט נאָך,
קאַלזמאַן א מאַמע איז פאַראַן,
איז נאָך דײַן יוגנט ניט פאַרגאַנגען,
נייַן, נאָך ניט פאַרגאַן.

דער מאַמע־מאָטיוו איז באַנאַנד מיטן טרוים וועגן שאָלעם איינער פון קערלערס לייטמאָטיוון. דאָ אַנט־פּלעקן זיך קערלערס סאַמע צוזיַנדיקע דיכטערישע אייגנשאַפטן: זײַן נייגונג צו דראַמאַטישע סוזשעטן און דאָס פאָלקסטימלעכע אין זײַן שאַפונגס־מאַניר.

קערלערן געלינגט טיילמאָל אויסטרעטן זײַן אייגן שטעגעלע אויך אין געביט פון דער ליבע־ליד. אלס בײַשפּיל קאָן אונדז דינען די פאָלגנדע סטראָפע פון זײַן ליד „איצטער וועלן אלע וויסן":

דער חינס האָט אַף די צווײַגן זיך געהוידעט
און שטיל זיך מיט די בלעטעלעך געסוידעט —
וועגן וואָס און וועגן וועמען?
שווײַג, מע דאַרף מיך ניט פאַרשעמען...
איצטער וועלן אלע וויסן,
גאזלען איינער דו:
האָסט בא מיר ארויסגעריסן
פון מײַן הארץ די רו.

א באַזונדערן כיין גיט צו דער דאַזיקער ליד די שפּילעוודיקײַט, די הומאָר־שפּרענקעלעך אין פאָלקס־טימלעכן נוסעך, ווי, צום בײַשפּיל: „איצטער וועלן אלע וויסן, גאזלען איינער דו".

אין זעלבן האַלב־ערנסטן, האַלב־הומאָריסטישן טאָן האָט קערלער אָנגעשריבן א צווייטע ליבע־ליד — „קום ארויס". אָט די ליד איז שוין שוואַכער. דאָ האָבן מיר צו טאָן מיט געקינצלטקײַט, מיט מעגושעמדיקער איבער־טרײַבונג. ווען דער דיכטער שרײַבט: „אפילו אין אויס־רײַסעניש וואָלט איך פאַר דיר געגאַנגען", גלייבן מיר אים. אָבער ווען ער סוף א זאָג: „אַף דײַנע צעפּ די לאַנגע וואָלט איך מיך איבערהאַנגען", רופט עס בא אונדז ארויס אן איראָנישן שמייכל — עס בלײַבט דאָך ניט, אויב אזוי, ווער עס זאָל אין אויסרײַסעניש זיך אוועקלאָזן...

מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, אז קערלערס עסטראַדע־לידער זײַנען שוואַך לגבי אַנדערע זײַנע שאַפונגען. אין דעם פּראָם איז ער ניט קיין אויסנאַם. און דאָ מוזן מיר זיך אומקערן צו דער פראַגע וועגן יערושע. די איצטיקע אווטאָרן פון זינג־טעקסטן האָבן עמעס טאָקע פון טכילעס אָן זיך סוימעך געווען אַף געוויסע טראַדיציעס פון זייערע פאָרגייער — שוואַרצמאַן, קוויטקאָ, פעפער: זיי האָבן אויך, ווי יענע, געשטרעבט צו פּאָליטישער צילגעווענדטקײַט, פאָלקסטימלעכקײַט, צו אויסגעשפּראָ־כענער ריטמישקײַט און מוזיקאַלישקײַט פונעם פערז. און דאָך האָבן זיי צײַטנווײַז זיך אראָפּגעשלאָגן פונעם אָנגעצייכנטן וועג, פאַרלאָרן דעם קאָנטראָל איבער זיך און ארויסגעלאָזן פון האַנט דאָס גאָלדענע רענדל פון עכטער פּאָעזיע, פון וועלכער עס ווייעט אלעמאָל מיט פרישקײַט, מיט האַמעצאָעדיקײַט, מיט אָריגינעלקײַט.

אָט לאָמיר נעמען אזא מײַסטער, ווי הירש אָשעראָ־וויטש. ער האָט ניט ווייניק זיך באַמיט, קעדיי באַרײַכערן דעם זינג־רעפּערטואַר פון נעכאַמע ליפשיץ. אָשעראָוויטש האָט ספּעציעל פאַר איר אָנגעשריבן א ליד וועגן ארבעט — „אָ, ארבעט, אונדזער גרויסקײַט" (פּייסי דובראָווס מוזיק). די דאָזיקע ליד איז א הימן די האָרעפּאַשניקעס, זייערע הענט, זייערע מוסקולן.

„אָ, ארבעט, אונדזער גרויסקײַט —
מיט דיר דער מענטש פאָרויס גייט.
שוואַרצע פראַצע איז א ציכטיקע —
זי מאַכט ריין די וועלט.

אין די לעצטע צוויי שורעס האָט פאַר אונדז א שעמעריר געטאָן אן אומדערוואַרטע אסאָציאַציע. זי איז אָריגינעל. זי דערקוויקט אונדז מיט איר פרישקײַט. נאַטירלעך, דער דיכטער באַנוגנט זיך ניט דערמיט — ער שטרעבט דעם צוהערער באַווירקן מיט קאָנקרעטע געשטאַלטן, ארײַנפירנדיק אים אינעם עצעם־פּראָצעס פון דער ארבעטס־דינאַמיק, און מיר לייענען:

זאָלן קאָכן קעסלען זודיקע,
זאָלן פלאַמען דאַמנעס גלוטיקע,
דרייען זיך טורבינעס מוטיקע,
רודערן די וועלט.

די ערשטע צוויי שורעס קאָנען קיין דערווידערונגען ניט ארויסרופן. אדרעבאַ — מיר קוויקן זיך מיט אָט דער דינאַמיק. אָבער ווען דער דיכטער שרײַבט „דרייען זיך טורבינעס מוטיקע", איז אונדז קלאָר, אז הירש אָשעראָ־וויטש האָט ניט גענוג דורכגעטראַכט דאָס, וואָס ער האָט אָנגעשריבן. מוטיקײַט איז שײַעך א מענטשן. אָבער א טורבינע זאָל זײַן מוטיק — דאָס איז אומגעלומפּערט.

אין דער ליבע־ליד „אכצניאַריקע" שילדערט אָשעראָ־וויטש די באַגעגעניש פון די פאַרליבטע אפן פאָן פון דער נאַטור. און אָט די שורעס זײַנען טאַקע א לייט־מאָטיוו:

אַף די קוסטעס גרינינקע,
אַף די גרעזלעך דינינקע
שפּילט ־דער ווינט — א זינגענדיקער סמיק.

דער דיכטער האָט זײַן אייגנאַרטיקע זעונג, ער האָט געפונען זײַן אינדיווידועלע מאַניר. פאַראַן אָבער ערטער אין דער ליד, וווּ ער אַנטלײַט אָפּגענוצטע ווערטער:

סאָלאָוויען טרילערן —
ווילן גאָרניט שטיל ווערן,
נאַכט איז דורך־און־דורך פול מיט מוזיק.

מע קאָן בלויז באַדויערן, וואָס דער טאַלאַנטפולער דיכטער באַציט זיך אָפט גרינגשעציק צו אַזאַ וויכטיקן און שווערן זשאַנער ווי די זינגליד.

ס'איז ברייט באַוווּסט די שטענדיקע צוזאַמענאַרבעט פון יוסף קאָטליאַר מיט די סאָוועטיש־ייִדישע עסטראַדע־טוער. מיט רעכט איז אַרײַן אין רעפּערטואַר פון אַ גאַנצער ריי זינגער זײַן „האָפענונגס־ליד“, וווּ עס ווערט דערציילט, ווי „אַ סאַלדאַט, וואָס האָט אַ מיידל ליב געהאַט“, האָט געבראַכט אַ ליד פון „האָפענונג און פרייד“. דאָס איז דאָס געזאַנג פון הירש גליק — „זאָג ניט קיינמאָל“. די ליד, וואָס קאָטליאַר האָט אָנגעשריבן, רעגט אונדז, זי רופט צום קאַמף. און ווירקלעך: ווי קאָנען ניט אויפרעגן אַזעלכע פערזן, ווי:

אָבער הערצער יונגע ווייסן פון קיין שרעק,
פאַרטיזאַנעווען אין וואַלד איז מען אַוועק,
צו דער ליד מ'האָט ווערטער נײַע צוגעטראַכט,
ווי אַ הימן פאַר אַ קאַמפס־ליד זי געמאַכט.

און דאָ מאָנטירט קאָטליאַר אַרײַן פיר שורעס פון הירש גליקס „זאָג ניט קיינמאָל“ — און בײַ דער ליד פונעם הײַנטצײַטיקן דיכטער וואַקסן אויס פליגל. איז טאַקע אָט די „האָפענונגס־ליד“ אַ געווינס פאַר אונדזער עסטראַדע.

מיט אַ ברייטן אָטעם הייבט קאָטליאַר אויך אָן זײַן „ליד וועגן פרײַנטשאַפט און שאָלעם“:

זינגען מיר הײַנט לידער וועגן שאָלעם —
זאָל שוין זײַן דער שאָלעם ניט קיין חלום,
אַז פעלקער גרויס און קליין זאָלן טאַקע זיך פאַרשטיין,
אָן קריג און אָן מילחמעס זיך באַגיין.

און אָט איז נאָך אַ ליד קאָטליאַרס — „שטערנדלעך, שטערן“. די טעמע איז דאָ אַ הײַנטצײַטיקע — דער היסטאָרישער אויפטו פון די סאָוועטישע קאָסמאָנאַווטן. עס פאַרגעדענקען זיך געלונגענע סטראָפעס, ווי, לעמאָשל:

די שטערנדלעך פון אויבן האַלטן זיך ניט גרויס,
זיי גלאַנצן אַף די שויבן פון דרעמלענדיקן הויז, —
ס'זאָל שענער זײַן דער חלום, וואָס חלומט זיך דעם קינד...
וואָס דאַרפן מענטשן? — שאָלעם! — מ'האָט קאָשער אים פאַרדינט.

שטערנדלעך, שטערן ווילן מער קיין טרערן
און קיין שיסערײַען אין די נעכט.
איידער פירן קריגן, בעסער קינדער וויגן.
זעט איר, שטערן, דאָס זײַט איר גערעכט.

טיילמאָל אָבער איז קאָטליאַר ניט גענוג פּאָרזיכטיק בײַם אַרײַנפירן אַ נײַ וואָרט. פאַנטאַזירנדיק וועגן דעם, וואָס עס באַטײַט דאָס ווינקען פון די שטערן, שרײַבט ער:

פון הימל פונעם בלויען זיי טײַטלען, ווײַזן אָן,
וואָס דאַרף מען נאָך דערבויען, דערפלאַנצן און דערטאָן.

„דערטאָן“ — דאָס איז אַ קאַלקע פונעם רוסישן доделать. פאַרן געהער פון אַ מענטשן, וואָס קען ייִדיש, קלינגט עס האַמעטנע.

צום שלוס — איניקע באַמערקונגען וועגן דער שאַפונג פון מאָטל סאַקציִער, וועלכער האָט מיט רעכט פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ אַף אונדזער עסטראַדע. מאָטל סאַקציִער האָט ביז הײַנטיקן טאָג באַוויזן אָנשרײַבן אַ היפּש ביסל ווערק, וואָס באַלאַנגען צו דער אַזוי־גערופענער קליינקונסט. מיר ווייסן שוין, אַז סידי טאַל בויט איר רעפּערטואַר איבערהויפּט אַף סאַקציִערס וואָרט־מאַטעריאַל. ער האָט פאַר איר אָנגעשריבן אי פּאָליטישע לידער, אי מאָנאָלאָגן, אי סקעטשן. גרויס איז זײַן בײַטראָג צו סידי טאַלס טעאַטראַליזירטן עסטראַדע־אָוונס, וואָס רופט זיך „לאַכן איז געזונט“. לעצטנס האָט ער פאַר סידי טאַל געשאַפן אַ גאַנץ עסטראַדע־ווערק „אין אַ מאָלדיקער שאָ“. ס'איז אַ מין וואָדעוויל, אָנגעשריבן פאָלקסטימלעך און מיט אַן אויסגעצייכנטער שפּראַך. עס שפּרודלט פון אָט דעם ספּעקטאַקל מיט פאָלקס־חכמה, מיט הומאָר.

אויך פּאַטעטיק און אויפגעבראַוזטער סאָציִאַלער פּראָטעסט איז ניט פרעמד סאַקציִערן. אַקטועל און נאַטירלעך קלינגט זײַן „נעגער־ליד“:

יאַנקי האָט פאַרכאַפּט מײַן הויז,
צוגערויבט מײַן קינד פון שויס.
מיר קוועטשט ער דאָס כּעס אויס,
ס'כּעס אויס.

און דעריבער איז פאַרשטענדלעך די ווענדונג צום טײַך מיסיסיפּי:

מיסיסיפּי, ווער ניט מיד,
הייב די כוואַליעס, ברויז און זיד.
זינג מיט מיר מײַן צאָרן־ליד,
ס'נעגער־ליד.

און טאַקע אָט די שורעס זײַנען דער נאַטירלעכער לייטמאָטיוו פון דער ליד.

די ליד איז אָבער צעצויגן. פאַראַן סטראָפעס. ווו די שפּאַנונג איז שוואַכער, איידער אין די נאָרוואָס ציטירטע שורעס. ערטערווײַז סטיליזירט צופיל דער דיכטער, וועלנדיק שטאַרקער מאַכן די ווירקונגס־קראַפט פון דער ליד. סאַקציִער מוז זי אײַנפּרעסן — וועט זי שטרענגער, אָנגרײַפערישער קלינגען.

דעם זעלבן פעלער באַמערקן מיר אין דער ליד „מאַזלטאָוו“, וואָס איז אינגאַנצן גענומען אָנגעזעטיקט מיט מונטערקײַט, לעבנסלוסטיקײַט און טיפן גלויבן אין דער צוקונפט. אַ פאָרשטעלונג וועגן דער שטימונג, מיט וועלכער זי איז אָנגעזאַפּט, קאָן געבן די ערשטע סטראָפע:

אַלעמאָל, ווען אינדערפרי
איך מאַך אויף דעם לאָדן
און כ'דערזע אין גינגאָלד־בלי
דאָס וועלטל אויסגעבאָדן, —
„מאַזלטאָוו!“ שרײַ איך אויס
דעם וווּנדערלעכן לעבן,
דעם טאָג דעם נײַ־געבאָרענעם,
וואָס זאָגט אונדז צו נאָר פרייד;
„מאַזלטאָוו“ — יעדן הויז,
די טײַבעלעך, וואָס שוועבן,
דעם פרידן פעסט־געוואָרענעם
אַף גאָרער וועלטן־ברייט.

די ליד באַשטייט פון דרײַ צוועלפשורעדיקע סטראָפעס. די ערשטע און די לעצטע זײַנען נייטיק. די

מיטלסטע סטראָפע איז קימאַט אַן איבערכאַזערונג פון דער ערשטער. זי איז איבעריק און פאַרמינערט דעם ווערט פון דער גאַנצער ליד. שוין אָפּגערעדט פון אַזעלכע שורעס אין אָט דער סטראָפע, ווי:

זע איך דיך פונעם ליים
אופשטיין א שפּאָגל־נייַע,

וואָס זייַנען מינדערווערטיק פונעם קינסטלערישן שטאַנדפונקט. עס מאַכט אַן אייַנדרוק, אַז טעקסטן פאַר דער עסטראַדע ווערן ניט רעדאַגירט און געשליפן, און דאָס קאָן מען בלויז באַדויערן, ווייַל ליטעראַטור בלייַבט ליטעראַטור — אומאָפּהענגיק, צי זי איז געדרוקט אין א בוך, צי זי קלינגט פון דער עסטראַדע.

* * *

מיר האָבן שוין געזען סייַ בא סאַקציִערן, סייַ בא קערלערן, סייַ בא אַשעראָוויטשן, סייַ בא קאָטליאַרן, אַז אינעם וואָרט־מאַטעריאַל, וואָס זיי גרייטן פאַר דער עסטראַדע, פילט זיך, אַז עפּעס איז ניט דורכגעטראַכט, פאַרזען, פאַרנאַכלעסיקט. מיט וואָס דערקלערט זיך, וואָס אין אַזאַ ניט־פאַרפולקומטער פאָרם קומט דאָך דער מאַטעריאַל צום צושויער?

איינע פון די סיבעס פון אָט די שוואַכקייַטן באַשטייט דערין, וואָס די עסטראַדע האָט ניט קיין רעזשי און אויך קיין קריטיק, וואָל זאָל העלפן און ניט נאָר לויבן. די צווייטע סיבע שטעקט אין שלעכט פאַרשטאַנענער אָפּעראַטיווקייַט: דער אויספילער טרייַבט אָפּט דעם אוטאָר וואָס גיכער אָפּגעבן די טעקסטן, און אָט די יאָגעניש ווירקט געוויינלעך אויף דער קוואַליטעט.

יאָ, דער עסטראַדע פעלט א הויכקוואַליפיצירטע רעזשי. שוין אָפּגערעדט דערפון, וואָס זי פאַרמאָגט ניט די טעאָרעטישע יעסוידעס, וואָס זייַנען אייגנטימלעך פאַר דראַמאַטישע און מוזיקאַלישע טעאַטערן. אייניקע עסטראַדע־טוער שטעלן מיט זיך פאָר יעכידים, אַרומגערינגלטע מיט געשמאַקלאָזע אונטערהעלפער. און דעריבער מאַכט עס צומאָל דעם אייַנדרוק פון א העפּקער־וועלט. אויך די קריטיק איז דאָ הינטערשטעליק. ניטאָ קיין טיף־באַגרינדעטע ערנסטע קריטישע אַרבעטן וועגן דער עסטראַדע. באַזונדערס פייַפט דער דאַלעס אין דעם פראַט בא אונדז — אינעם פאַלאַץ פון דער סאָוועטישער ייִדישער עסטראַדע.

פאַרשטייט זיך, אַזאַ איז די לאַגע ניט נאָר אויף דער ייִדישער עסטראַדע, — בא די רוסן, בא די אוקראַיִנער, בא די גרוזינער, בא די אַרמענער איז אויך אָפּט יענער א מייַדים, ווער ס׳איז אויבערפלעכלעך אָפּעראַטיוו.

פאַר דער סאָוועטישער ייִדישער עסטראַדע שטייען ערנסטע דערציִערישע און אידייִיש־קינסטלערישע אויפגאַבן. מע דאַרף זען ווי ווייַט מעגלעך איר העלפן זיך ספּראַווען מיט זיי. דאָס בעסטע מיטל איז — קאָנסאָלידירן די קויכעס. עס מוז קומען צו א שטענדיקן און ענגן קאָנטאַקט צווישן אַלע עסטראַדע־שרייַבער, קאָמפּאָזיטאָרן און אַרטיסטן. אָט דעמלט וועט זייַן א טאָלק.

מיר האָבן דאָ באַטראַכט אייניקע טעקסטן בלויז פון א טייל דיכטער, וועלכע אַרבעטן פאַר דער עסטראַדע. מיר דאַרפן אָבער אויך אין זינען האָבן די מייַסטערס פון קינסטלערישן וואָרט, ריכטיקער — די אוטאָרן פון רעציטאַציע־מאַטעריאַל. און אויב א געלונגענע מוזיק איז צייַטנווייַז א סגולע צו פאַרוואַלירן די כעסרוינעס פונעם טעקסט, איז עס בענעגייע דעם וואָרט־מאַטעריאַל, וואָס ווערט אויסגענוצט צוליב רעציטאַציע, אויסגעשלאָסן. נאָר באַהאַנדלען די פראַגע וועגן די ווערק פאַר קינסטלערישע פאָרלעזונגען וועט אויסקומען אין א באַזונדערן שמועס.



מאָטל סאַקציִער

# א געשפּרעך צווישן צוויי צושויער

(אונטערגעהערט בייַס אַן אַנטראַקט)



ו? וואָס ביסטו אַזוי פאַרטראַכט? דער ערשטער טייל פונעם קאָנצערט האָט דיך, ווייַזט אויס, געבראַכט צו טיפע מאַכשאָוועס...

— זעענדיק דעם קאָנצערט, האָב איך מיך אין עפּעס דערמאָנט...

— אין וואָס, אַשטייגער?..

— כיהאָב מיך דערמאָנט אין מייַנעם א לערער פון דער קינדהייַט. אַן איידעלער מענטש איז ער געווען און א לאַמדן. פונעם סכאַרלימעד, וואָס ער פלעגט באַקומען פאַרן קנעלן מיט די „פאַרשטאָפּטע קעפּ", האָט ער געלעבט מער ווי באַשיידן. טאַקע זייער בעדויכעק. ווי לאַנג איך האָב אים געקענט, האָב איך אים טאָמיד געזען אין איינעם און דעם זעלבן מאַנטל, וועלכן ער האָט געהאַט נאָך פון דער כאַסענע. יעדעס יאָר פלעגט ער דעם מאַנטל אָוועקטראָגן צום שנייַדער און איבערניצעווען אים אָט פון דער רעכטער זייַט אויף דער לינקער, אָט ווידער צוריק אויף דער רעכטער...

— וואָס פאַר א שייַכעס האָט דער קאָנצערט צו דייַן לערער?

— איך וויל, נעמלעך, זאָגן, אַז אויף אונדזער עסטראַדע, מיט אויסנאַמען, פאַרשטייט זיך, קומט פאָר דאָס זעלבע. אַלטע מאָטיוולעך. מע זעט ניט קיין באַמיונג צו געפינען א נייַעם וועג, א פרישע פאָרם. עס פילט זיך ניט קיין שעפערישער אומרו, קיין ווילן פון

די עסטראַדע־גרופּעס אויסצוקנעטן זיך אַן אייגן פּאַנעם, אויסצושרײַבן זיך אַן אייגענעם „פּאַטשערק“, עס ליגט אַף זיי דער כויסעם נאָר פון רוטין, פאַרשטאַרטקייט. דערפאַר ווײַלן זיי מיך ניט, נאָר רופן אָפּט ארויס פאַרדרוס מיט ראַכמאָנעס אינײַנעם...

— איך האָב געוווּסט, אַז דו וועסט דרייען מיט דער נאָז. ווען די גאַנצע וועלט זאָגט ווײַס, וועסטו זאָגן — שוואַרץ. דו ביסט א ניט אויסהיילבארער מעפּונעק...

— אין קונסט־פּראַגן — יאָ, א מעפּונעק... ווי פלעגן זאָגן אונדזערע מאַמעס: „איך בין ניט אזוי רײַך, איך זאָל מיר מעגן פאַרגינען עפּעס וואָלוולס“...

— דו פאַרגעסט, אַפּאָנעם, אַז עס האַנדלט זיך ניט וועגן MXAT, נאָר וועגן עסטראַדע...

— ניין, איך פאַרגעס דאָס ניט. אַף אַן עסטראַדע־קאָנצערט וואַרט איך ניט צו זען זאַכן, וואָס גייען ארויס פון די זשאַנער־ראַמען. נאָר יעדער זשאַנער פאָדערט עכטקײַט. די קליינקונסט־בינע מאָנט פונעם אַקטיאָר די זעלבע אכרײַעס, די זעלבע פולע שעפערישע אָנלאָדונג, ווי די גרויסקונסט־בינע. די עסטראַדע איז אויך טעאַטער. אויך אהער קומט דער צושויער נאָך קינסטלערישן גענוס.

— דאַנקען גאָט, הײַנט האָט דער אוילעם זיך ניט געלאַנגווײַליקט...

— דער אוילעם?!

— מיט אים רעכנסטו זיך ניט?

— זייער. אָבער...

— אָבער... אָבער... די עסטראַדע מוז זיך דאָך רעכענען מיט דעם, אַז צושויער זײַנען דאָ פאַרשיידענע.

— פאַרשטייט זיך...

— איר הויפּט־רעזערוו זײַנען דאָך צושויער פּאַשעטע, פאָלקסמענטשן. דאָס באַדינגט איר כאַראַקטער. זי מוז זײַן פּאָשעטער, דעמאָקראַטיש אזוי צו זאָגן...

— אויך עמעס. נו, איז וואָס? דעריבער מוזן מיר נאָכגיביק זײַן אין אונדזער אָפּשאַצונג? דעמאָקראַטיש הייסט דען, אַז דער „לײַכטער“ זשאַנער, ווי מע רופט די עסטראַדע, מעג קינסטלעריש און אינהאַלטלעך גיין אָפּן וועג פון לײַכטן ווידערשטאַנד? איז דען דאָס גוטע, וואָס מיר זעען, — האַגאַם זעלטן, צום באַדויערן, — ווייניקער דעמאָקראַטיש?

— האָסט זיך אָנגעכאַפּט אין דעם וואָרט און ווילסט האַלטן שאַבעס אַף מיר. מיט דעמאָקראַטיש האָב איך געמיינט: מער צוגענגלעכקײַט. זאָל זײַן קוידעמקאָל צוגענגלעך די שפּראַך...

— מאַסקים. אָבער דו האָסט זיכער אליין אויך באַמערקט, אַז אונטערן אויסרייד פון „צוגענגלעכקײַט“ פאַרבילקן אייניקע עסטראַדע־טוער אַף א וווּלגאַרן אויפן דאָס היימיש־שמעקנדיקע און געשמאַקע ייִדישע וואָרט און דערנעענטערן זיך צום רעדנסאַרט פון א געוויסן אַמעראַצעסדיקן צושויער.

— דאָס איז עמעס. מע זאַלצט א ביסל איבער.

— א ביסל? א סאַך. און דאָס קומט פון דער פאַלשער מיינונג, אַז אין דעם פאַרקריפּלען די שפּראַך איז דאָ קאָמיזם. און פאַר א ביסעלע קאָמיזם זײַנען זיי גרייט פאַרקויפן זייער כיילעק אוילעמהאַבע.

— שאָלעם־אַליכעם האָט אויך באַנוצט סלאַוויזמען און שפּעטער — אַנגליציזמען.

— שאָלעם־אַליכעם האָט עס געטאָן, ווען ער האָט געוואָלט אונטערשטרײַכן די באַגרענעצטקײַט און קולטורלאָזיקײַט פון אייניקע פּערסאָנאַזשן...

— און בא אים איז דאָס געווען אָרגאַניש. ער האָט געוווּסט א מאָס...

— ריכטיק. איך זע, אַז דו קומסט שוין צו מײַן מיינונג. אין קונסט, אַז מע פאַרלירט די מאָס, ווערט מען געשטרויכלט. און דערפאַר טאַקע, ווען אײַניקע אַקטיאָרן ווילן אויסנעמען בא יענעם צושויער, וועמעס זשאַרגאָן זיי ריידן אַף דער בינע, אַרויסגייענדיק פונעם שטאַנדפּונקט, אַז מע מוז זיך אַראָפּלאָזן צו זײַן אינטעלעקטועלן ניוואָ, לאָזן זיי זיך שוין אַראָפּ, ניט ווילנדיק, אויך צו א פּרימיטיוו. ניין, ניט צו דעם כיינעוודיקן, פאָלקסטימלעך־נאַיִוון, לויטערן און שפּרודלעוודיקן נוסעך, וואָס איז אָנגעזאַפּט מיט פאָלקסמידעס און עכטער פּאָשעטקײַט, נאָר צו א פלאַכן פּרימיטיוו. דאָס ברעקעלע אידיי, אויב ס'איז פאַראַן, ווערט באָטל. און די שוישפּילער דערגרייכן ניט קיין שום עפעקט — ניט פונעם שטאַנדפּונקט פון דערציִונג, ניט פונעם שטאַנדפּונקט פון פאַרווײַלונג. דער צושויער איז ניט קיין „יאָלד“, ער פאַרדינט ניט די אונטערשאַצונג פון זײַנע גײַסטיק־עסטעטישע באַדערפענישן און אַוודע ניט פון זײַן אופנעמפייִקײַט. דער פאָלקסמענטש איז א סאַך דינער און פילבאַרער צו דער עכטער, עסטעטיש־דערהייבענער שפּיל. נאָר וואָס זאָל ער, נעבעך, טאָן? ער האָט ליב טעאַטער. איז, ווי מע זאָגט — בעמאָקוים שעיין דאָגים צום טיש, איז הערינג אויך פיש...

— דו ביסט אַוודע גערעכט. נאָר צו שטרענג דאַרף מען אויך ניט זײַן. איך זאָג: גאַם זו לעטויוו...

— און איך זאָג, אַז אָט די מיינונג איז א שעדלעכע. די עסטראַדע איז א דערפרישנדיק ריטשקעלע. מוז עס זײַן לויטער, ניט פאַרדאַרבנדיק פאַר יענע, וואָס קומען שעפּן פון דעם. זאָל עס לויפן שטיפעריש, און זאָל אין דעם שפּילן פערלדיק אונדזער ייִדיש וואָרט מיט אַלע פאַרבן און מיט דער עקספּרעסיווער פּלאַסטישקײַט, וואָס עס האָט אין מויל פונעם פאָלקסמענטשן טאַקע, צו וועלכן מע דאַרף זיך אופהייבן און ניט אַראָפּלאָזן זיך! צו דער עסטראַדע דאַרף מען זײַן שטרענג און מע דאַרף זי אַרומרינגלען מיט דער גאַנצער וואַרעמקײַט. העלפן איר דאַרף מען, זאָרגן פאַר איר מאַצעוו.

— ווער? ווער דאַרף נעמען אַף זיך די אַוודע?

— אַלע! די צושויער, די שרײַבער, רעזשיסאָרן, קולטור־טוער...

— און דו מיינסט, אַז זיי זײַנען גלײַכגילטיק צו איר?...

— אָפּטמאָל האָב איך דעם אײַנדרוק, אַז אונדזערע עסטראַדע־אַרטיסטן טוען זייער אַרבעט אָן דער האַשגאָכע פון יענע, וואָס זײַנען באַרופן צו דעם. מיט עטלעכע יאָר צוריק, ווען עס האָבן זיך געשאַפן נײַע ווונדערלעכע באַדינגונגען פאַר דער ייִדישער עסטראַדע, האָבן אירע אַקטיאָרן אָנגעשמירט בעכיפאָזן די פאַרזשאַווערטע אַקסן פון אַן אַלטער טעאַטער־בויד, אופגעלאָדן וואָס עס איז נאָר געקומען צו דער האַנט פון זייערע לאַנג ניט־גענוצטע בינע־אַקסעסואַרן און פאַרגעדענקטן רעפּערטואַר, — און פּאַשאָל... אזוי זײַנען אַרופגעשלעפּט געוואָרן אַף דער בינע א סאַך אומדערלאָזבאַרע, געשמאַקלאָזע זאַכן, און אייניקע פון זיי שלעפּן זיך נאָך אַדהאַיעם, לויט דער אינערץ אַפּאָנעם.

— ווילסט מיט דעם זאָגן, אַז די פּראָגראַמען זײַנען ניט פון פאַכמענטשן געשאַפן און צוגעקליבן?

— ס'איז אָפּהענגיק די אָרגאַניזירנדיקע און דיסציפּלינירנדיקע האַנט פון אַ רעזשיסער. מע באַגייט זיך אָפּט אויך אָן דעם שרײַבער... און דערפאַר טאַקע זעען אויס אייניקע פּראָגראַמען כאַאָטיש. מיש־מאַש. די פאָרם איז אַ צעקראָכענע. און ווײַל עס פעלט אַן אידיי און דער אינהאַלט איז אַ לויזער, כאַפּט זיך דער צושויער אַהיימקומענדיק, אַז אין זיקאָרן האָט זיך גאָרניט אָפּגעלייגט. ס'האָט גאָרנישט געגעבן ניט דעם געדאַנק, ניט דער נעשאָמע. און די עסטראַדע קאָן און דאַרף זײַן אַ פּלאַצדאַרם, פונוואַנען עס זאָלן באַשאָסן ווערן דאָס פעלערהאַפטע, אומווירדיקע, די נאָכווייעניש פון אַמאָל, וואָס זײַנען נאָך דאָ אין דער פּסיכאָלאָגיע און אין די מײַסים פון די מענטשן און אויך אין שטייגער. דאָס שלעכטע קאָן אַטאַקירט ווערן מיט פּובליציסטישן פײַער, וואָס זאָל אויפטרייסלען דעם צושויער, אײַנצײַטיק אים קינסטלעריש פאַרווײַלן און האָבן אַ דערציִערישן ווערט. און אַנשטאָט דעם האָבן מיר אָפּט פאַרלעגערטע וויצן מיט אַ פיליסטערישן בײַטאַם; שטייגער־בילדלעך פון ווײַטן אָוואַר; פּסעוודאָ־פאָלקסטימלעכע לובאָקלעך.

— און די לידער, וואָס מיר האָבן ניט לאַנג צוריק געהערט אין באַגלייטונג פון אַ דזשאַז־קאַפּעליע? האָסטו דען עפּעס קעגן דעם נוסעך?..

— גאָט זאָל היטן. אַ געשמאַקע שטימע און אַקטיאָרישע באַגאַבונג. פריילעכע, ריטמישע מוזיק... אָבער דער אינהאַלט און די קוואַליטעט פון די לידער רופן אַרויס דערווידערונגען. בכלל פילט זיך אין אַ סאַך פּראָגראַמען דאָס אַקשאָנעסדיקע אויסמײַדן עכטן דיכטערישן מאַטעריאַל, ווײַל פּאָעזיע, לויט דער מיינונג פון אייניקע אַקטיאָרן, ווײַלט ניט. זי רופט ניט אַרויס קיין היספּײַלעס, קילט אָפּ, הייסט עס, די אַטמאָספער אין טעאַטער.

— דו האָסט טײַנעס הויפּטזאַכלעך צו די שוישפילער. נו, און די שרײַבער? זיי דאַרפן ניט טראָגן קיין כיילעק פאַראַנטוואָרטלעכקײַט פאַרן גורל פון דער עסטראַדע? פאַרוואָס מישן זיי זיך ניט אַרײַן, און טאַקע אַקטיוו? דאָס איז דאָך זייער כויוו.

— איך פרעג עס אויך.

— דאָס איז דערפאַר, ווײַל אייניקע פון זיי קוקן אַף דעם זשאַנער פון אויבן אַראָפּ, גרינגשעציק.

— אַף וויפל איך ווייס, האָט מאַיאַקאָווסקי זיך ניט אָפּגעזאָגט צו שרײַבן בײַטשנדיקע טעקסטן צו פּלאַקאַטן, מיטאַרבעטן אין „אָקנאַ ראָסטאַ“. האָט עס עפּעס פאַרמינערט זײַן קאָוועד? און יוליאַן טוווים האָט זיך דען זעלבסט פאַראַכטן, ווען ער האָט געשריבן סאַטירישע מיניאַטורן און פּאָליטישע קופּלעטן פאַר דער פּוילישער קליינקונסט־בינע? אויך די ייִדישע שרײַבער דאַרפן זיך אײַנשליסן אין אָט דער וויכטיקער אַרבעט.

— פאַרשטייט זיך, ווער עס פילט אַ באַרוף צו דעם. און אײַנשליסן דאַרף מען זיך ערנסט, ענטוזיאַסטיש, מיט לײַדנשאַפט.

— נו, קום שוין. דער צווייטער טייל האָט זיך אָנגעהויבן. דער קאָנפעראַנסיע איז שוין פון דער זײַט פאָרהאַנג... און עפּשער וואָלט געווען אַ יוישער, אַז נאָכן קאָנצערט זאָלסטו אַרײַנגיין צו די אַקטיאָרן און זיי אַראָפּזאָגן אַלץ, וואָס דו טראַכסט און פון וואָס דו ביסט באַזאָרגט?

— אַדעראַבע.



# כראָניק

◆ דעם 5 מײַ ווערט 50 יאָר זינט ס'איז דערשינען דער ערשטער נומער פון דער באָלשעוויסטישער „פראַוודאַ".

אין דער באשטימונג פון דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פארטיי פונעם סאָוועטנפארבאנד וועגן דער דאָזיקער וויכטיקער געשעעניש אינעם אידייִשן לעבן פון דער פארטיי און פונעם סאָוועטישן פאָלק ווערט געזאָגט:

„די „פראַוודאַ", די גאנצע פארטייִש־סאָוועטישע פרעסע העלפט אַקטיוו מיט אונדזער פארטיי צו פארווירקלעכן איר לעניניסטישע גענעראַלע ליניע אַף אַלע עטאַפּן פון דער סאָציאַליסטישער, קאָמוניסטישער בויונג".

◆ דעם 6 אפרעל איז געפײַערט געוואָרן דער 150־טער געבורטסטאָג פונעם גרויסן רוסישן רעוואָליוציאָנער־דעמאָקראַט, פילאָסאָף־מאַטעריאַליסט, פובליציסט און שרײַבער אַלעקסאנדער גערצען.

אין די סאָוועטישע יאָרן זײַנען גערצענס ווערק דערשינען אין 196 אויסגאַבעס מיט א טיראַזש פון 7 מיליאָן 872 טויזנט עקזעמפליאַרן. זיי זײַנען איבערגעזעצט אַף 20 שפראַכן.

◆ די פּראָגרעסיווע ליטעראַרישע געזעלשאַפטלעכקײַט מערקט איצט אָפּ דעם 30־טן יאָרצײַט פונעם זיידן פון דער ייִדישער רעוואָליוציאָנערער פּאָעזיע מאָריס ווינטשעווסקי.

מאָריס ווינטשעווסקי האָט מיט באַגײַסטערונג באַגעגנט די גרויסע סאָציאַליסטישע אָקטיאַבער־רעוואָליוציע אין רוסלאַנד. ווען אין אַמעריקע איז געגרינדעט געוואָרן די קאָמוניסטישע פּאַרטיי, איז ער געווען איינער פון אירע ערשטע און אַקטיווסטע מיטגלידער.

◆ וויאַזוי איז אַנטשטאַנען די רעליגיע? אין וואָס באַשטייט דער רעאַקציאָנערער טאָך פון דער ייִדישער, קריסטלעכער, קאַטוילישער און אַנדערע רעליגיעס? וואָס פּאָדערט זיך, קעדיי פולשטענדיק אויסצולעבן און בײַקומען דעם רעליגיעזן פאַנאַטיזם?

אַף אָט די פראַגן גיט א קלאָרן ענטפער דאָס נײַע בוך פון הילעל ליפשיץ „רעליגיע און די קירך אין דער פארגאַנגענהײַט און אין דער קעגנוואַרט".

דאָס קאַפּיטל וועגן דער ייִדישער רעליגיע לייקנט אָפּ די געטלעכע אָפּשטאַמונג פון דער ביבל, דערווײַזט איבערצײַגעוודיק, ווי פארשיידענע אירע טיילן זײַנען געשריבן געוואָרן פון פארשיידענע מענטשן אין מעשך פון הונדערטער יאָרן.

„אינעם סאָוועטנפארבאַנד, — באַטאָנט ה. ליפשיץ, — האָט די איבערוועגנדיקע מערהײַט פון דער ייִדישער באפעלקערונג פארשטאַנען די שעדלעכקײַט פונעם יודאַיזם, זײַן אַנטיוויסנשאַפטלעכן באַטײַט און זי האָט ענדגילטיק אײַנגעריסן מיט די רעליגיעזע פאָרורטיילן. עס איז נייטיק מיט דער הילף פון א קאָנסעקווענטער אַטעיִסטישער פּראָפּאַגאַנדע העלפן די נאָך גלויביקע ייִדן צו באפרײַען זיך פון דער שעדלעכער ווירקונג פון דער רעליגיע".

◆ דער מינסקער זשורנאַל „פּאָלימיא" האָט אין זײַנע ערשטע נומערן פון הײַנטיקס יאָר פארעפנטלעכט וולאַדימיר קאַרפּאָווס „בעלאָזערסקער טאָגבוך".

אין דעם דאָזיקן קינסטלערישן ווערק, וואָס איז געווידמעט די יאָרן פון דער גרויסער פּאַטריאָטישער מילכאָמע, האָבן באַקומען א ברייטע אָפּשפיגלונג דער טראגישער גוירל פון מינסקער געטאָ, די ברידערלעכע פרײַנטשאַפט פון די ווײַסרוסן בענעגייע ייִדן, די העראָיִק פון דער קאָמוניסטישער אונטערערד. פארן לייענער גייט דורך א גאנצע גאַלעריי געשטאַלטן פון עכטע פּאַטריאָטן — טרײַע זין פונעם פילנאַציאָנאַלן סאָוועטישן פאָלק.

◆ צען ייִדישע פאָלקסלידער אין דער באַאַרבעטונג פונעם קאָמפּאָזיטאָר זינאָווי קאָמפּאַנייעץ האָט נאָרוואָס אַרויסגעלאָזט דער פארלאַג „סאָוועטסקי קאָמפּאָזיטאָר". אין דער זאַמלונג גייען אַרײַן די לידער „אין וואַלד וואַקסט א ביימעלע", „באַגלייטן, באַגלייטן...", „לייג איך מײַן קעפּעלע", „עס איז געווען באַ אונדז א כאַוווער", „יאַשקע", „מעכוטאָנים גייען" אאַ.

די רוסישע איבערזעצונגען פון די טעקסטן זײַנען געמאַכט פון מ. לאַפּיראָוו.

◆ אין מעלוכע־פארלאַג פון קינסטלערישער ליטעראַטור איז נאָרוואָס דערשינען אין רוסיש א באַנד דערציילונגען פון י.־ל. פּרעץ אין א טיראַזש פון 95 טויזנט עקזעמפליאַרן, צונויפגעשטעלט פון א. גאָנטאַר און ר. רובין. דאָס בוך עפנט זיך מיט ר. רובינס א פאָרוואָרט וועגן י.־ל. פּרעצעס לעבן און שאַפן.

◆ דער בירעבידזשאַנער מוזיקשול איז געוואָרן 25 יאָר.

אָנגעהויבן האָט זי מיט 20 שילער אין א קליין שטיבל אַף דער סאָוועטן־גאַס. איצט איז עס א ברייט פארצווײַגטער לערן־אַנשטאַלט. עס שטודירן דאָ מוזיק באַ 200 קינדער. די שול האָט צוגעגרייט צענדליקער באַגאַבטע מוזיקער. פיל פון זיי אַרבעטן אַלס פּעדאַגאָגן, פּראָפעסיאָנעלע מוזיקאַנטן. האיאָר האָבן זיך דאָ געעפנט נײַע אָפּטיילונגען — באַיאַן, אַקאָרדעאָן און וויאָלאָנטשעל.

פריילעך און מונטער האָבן די שילער און לערער געפײַערט דעם יובילײ פון זייער שול. דער יאָמטעוודיקער קאָנצערט זייערער האָט שטאַרק אויסגענומען באַם בירעבידזשאַנער אוילעם.

◆ דער שרײַבער עמיל קאַניעבסקי פון טשעכאָסלאָוואַקיע טיילט אונדז מיט אין א בריוול, אַז ניט לאַנג צוריק זײַנען אין זײַן איבערזעצונג דערשינען אין דער סלאָוואַקישער שפּראַך א ריי ווערק פון שאָלעם־אַלייכעמען: „טעוויע דער מילכיקער", „דער פארקישעפטער שנײַדער", „יאַסעלע סאָלאָוויי", „ווען איך בין ראָטשילד" אאַ. הײַנטיקס יאָר גרייט זיך צום דרוק דער ראָמאַן „בלאָנדזשנדע שטערן". אינעם זעלבן בריוול ווערט אויך געזאָגט, אַז אין דער טשעכישער איבערזעצונג זײַנען דערשינען „מענאַכעם־מענדל", „טעוויע דער מילכיקער" און „מאָטל פייסי דעם כאַזנס".



װ. אי. לענין און א. מ. גאָרקי.

בילד פון קינסטלער װ. פּ. יעפאנאָװ.




# א נייע וויגליד

ווערטער פון ד. בראַמבערג    מוזיק פון ל. פולווער, פאָלקס־אַרטיסט פון רספסר

Andante

1 Toj-znt ve-gn, vu-hin zolst
ve-gn, vu-hin zolst
ma- me, lajx-tn

zix nit ke - rn... šlof majn traj-er, šlof majn zi-es ajn. Ven du vest ojs-vak-sn, ven du vest el-ter ve-rn,
zix nit ke - rn.. šlof majn gi-ber, šlof majn gi-ber ajn. Az du vest ojs-vak-sn, az du vest el-ter ve-rn,
ba dir tre - rn? Gor-ništ gor-ništ, šlof majn sej-ner ajn Ven du vest ojs vak-sn, ven du vest el-ter ve-rn,

1.2

ver ves-tu zajn? Ver ves-tu zajn? A kos-mo-navt, vi Ga-ga-rin vel ix ve - rn, fli-en zu di šte-rn ix ba-
ver ves-tu zajn? Ver ves-tu zajn? A šax-tor, ma-me, s'vilt zix ze-jer ve - rn, mit a-ler mencu-za-men x'vel in
ver vest nit zajn,

ger. Hob nit moj-re, ma-me, x'ken dir šve - rn, ku-men x'vel cu-zik cu dir a-her. hob nit
Štre-ka-zajn. Un uf-hei-bn di plas-tn šve - re, s'zol dir un a-le ma-mes va-rem zajn. Un

moj- re, ma-me, x'ken dir šve - rn, ku-men x'vel zu-zik zu dir a-her 2. Toj-znt
uf- hei- bn di plas-tn šve - re, s'zol dir un a-le ma-mes va-rem zajn. 3. Vos že,




טויזנט וועגן — ווהין זאַלסט זיך ניט קערן,
שלאָף, מײַן טרײַער, שלאָף, מײַן כּיִעס, אײַן.
ווען דו וועסט אויסוואקסן, ווען דו וועסט עלטער ווערן —
ווער וועסטו זײַן? ווער וועסטו זײַן?

א קאָסמאָנאַווט, ווי גאגארין, וועל איך ווערן,
פליִען צו די שטערן איך באגער,
האָב ניט מוירע, מאמע, כ׳קאָן דיר שווערן,
קומען כ׳וועל צוריק צו דיר אהער.

טויזנט וועגן — ווהין זאַלסט זיך ניט קערן,
שלאָף, מײַן טרײַער, שלאָף, מײַן כּיִעס, אײַן.
ווען דו וועסט אויסוואקסן, ווען דו וועסט עלטער ווערן —
ווער וועסטו זײַן? ווער וועסטו זײַן?

א שאכטיאָר, מאמע, ס׳ווילט זיך זייער ווערן.
מיט אלעמען צוזאמען כ׳וועל אין שטרעק ארײַן.
און אופהייבן די פלאסטן שווערע,
ס׳זאָל דיר און אלע מאמעס ליכטיק זײַן.

— וואָס זשע, מאמע, לײַכטן בא דיר טרערן?
— גאָרנישט... גאָרנישט... שלאָף, מײַן שיינער, אײַן,
ווען דו וועסט אויסוואקסן, ווען דו וועסט עלטער ווערן —
ווער וועסט ניט זײַן, ווער זאָלסט ניט זײַן,
א מענטש וועסטו זײַן! א מענטש זאָלסטו זײַן!

---

**СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД (СОВЕТСКАЯ РОДИНА)**
**Орган Союза писателей СССР**
*(на еврейском языке)*
**ИЗДАТЕЛЬСТВО «СОВЕТСКИЙ ПИСАТЕЛЬ»**
Главный редактор **А. Вергелис**
Редколлегия: **А. Гонтарь, Г. Добин, Б. Миллер, Н. Ойслендер, Р. Рубина, М. Тейф, И. Фаликман, С. Фрай**
Ответственный секретарь **М. Лев**

Адрес редакции журнала: Москва, Центр, ул. Кирова, 17.
**Телефоны:** главный редактор — Б 8-27-91; ответственный секретарь — К 4-46-69; отдел прозы — Б 3-96-07; отделы поэзии и критики — Б 8-49-42
Художественный и технический редактор **И. Шустер**

Подписано к печати 30/III 1962 г. Тираж 25 000 экз. Формат 70×108[1]/[16]. Печ. л. 8(10.06)
Бум. л. 4+вкладка 1/8 л. Цена 50 коп. Зак. 263

Московская типография № 3 «Искра революции» Мосгорсовнархоза

Цена 50 коп.

# Советиш Геймланд

# ·СОВЕТСКАЯ РОДИНА·

**В НОМЕРЕ**